

ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע יידנטום

# 139

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פֿאַרלאַגס־לייטער:

אברהם מיטלבערג

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פון בוך.

ב. טערקעל

# צווישן שאַקאַלן

(שבעה מדורי „גן־עדן“...)



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס איירעס, 1959 — תשי״ט

אַ מצבה לזכרון אייך אַלע, אומגעקומענע ברידער און שוועסטער — פּליטים, וואָס האָבן פאַרלוירן דאָס לעבן אין הונגער, פּיין און עלנט אויף די וועגן פון נע־ונד אין די מאוים־דיקע וואַנדער־יאָרן און וואָס זענען נישט געקומען צו קבר ישראל.

אויף אייערע אומבאַקאַנטע קברים אין די סיבירער טייגעס און טונדרעס, אין די וועלדער, פּאָסיאָלקעס און סטעפּעס — אַ נאָמענ־לאָזער שטיין פאַר אייער הייליקן אָנדענק.

**דער מחבר**

# אינהאַלט

## נאַטשאַלניקעס



## יאַנקל קאָלכאָזניק



## „מיליאָנערן"



## אילוזיעס...

## ע ש אַ ל אָ נ ע ן



## מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ

# אין באַפרייטן ביאַליסטאָק

פון גרענעץ־שטעטל זאַרעמבי־קאָשטשעלני האָט זיך דער צוג אַרייג־געלאָזט מיט אימפעט אין דער באַפרייטער שטאָט ביאַליסטאָק.

חיים גרינשטיין, איז דער ערשטער אָ פריידיקער אַרויסגעשפּרונגען פונעם פּראַכט־וואַגאָן, וואָס האָט נאָך עטלעכע טעג וואַנדערן איבער גרע־נעצן און טויט־געפאַרן אים געבראַכט אין זיין באַליבטער שטאָט, ווו ער האָט אַמאָל אין די יונגע יאָרן געוווינט.

אויפן וואָקזאַל איז געווען אַ רעש און טומל פון אָנגעפּאָרענע מענטשן, צעשטראַלטע גרופּעס רויטאַרמייער מיט אָפענע פּנימער, אָפּגעברענטע פון דער זון, האָבן זיך אַרומגעדרייט ליידיקגייעריש, זאַרגלאָז איבערן שטאָט. די גאַסן זענען נישט צו דערקענען. אַלע שטאָט־מויערן באַהאנגען מיט גרויסע פּאָרטרעטן פון לענין מיטן גאָלן קאָפּ, סטאַלין מיט די וואָנ־סעס, מאָלאָטאָוו אין די ברילן, דער אַלטיטשקער קאַגאַנאָוויטש אין דער מאַטשעיוווקע, וואָראָשילאָוו אין מאַרשאַל־אוניפאָרם. די גאַסן האָבן אויס־געזען יום־טובדיקע. אַ סך געמיטלעך־שפּאַצירנדיקע ציווילע און זעלנער מיט שפּיציק־הויכע היטלען מיטן פינפקאַנטיקן שטערן פון רויטן עמאַל, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט מיט אַ זעלבסטזיכערקייט און שטאָלץ פון אַ זי־גער, אַ באַפרייער.

די אָפענע געשעפטן זענען געשטאַנען האַלב־ליידיק. אויף די פּאָלי־צעס האָט מען געזען אַרטיקלען וואָס זענען כמעט קיינעם נישט נייטיק, צומייסטנס צודאָטן צו שוסטעריי, שניידעריי, טאַשמעס, שטייפע לייוונט, קעלנער, שאַלן, וואַנט־זייגערס, טעפּ, שיסלען. די רויטאַרמייער האָבן אַלץ אויסגעקויפט. באַצאָלט וויפל מען האָט געבעטן, זיך נישט געדונגען און אַרויסגעטראָגן גאַנצע פּעק, אונטער די אָרעמס.

אין אַלע ראָגן גאַסן זענען געווען אויסגעשטעלט מעגאַפאָנען, וואָס

## ב. טערקעל

האָבן הילכיק צעטראָגן דאָס רוסישע ליד „יעסלי זאַווטראַ וואָינאַ״ [1], וואָס איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון אַלעמען. גרויס און קליין האָבן שוין געקענט די היימישע איבער נאַכט פּאָפּולער געוואָרענע מעלאָדיע פון דעם זעלנערישן מאַרש־ליד.

צום אָוונט־צוג וואָס דאַרף אָפּפאָרן אין זיין געבוירן־שטאָט, איז נאָך דאָ גענוג צייט. ער קוקט יעדן פאַרבייגייער אין פּנים, אפשר וועט ער טרעפן וועמען, אַ באַקאַנטן, אַ נאָענטן. ער דרייט זיך אַרום איבער די גאַסן, באַוווּנדערט אַלץ, ווי ס׳וואָלט דאָ געווען גאָר אַן אַנדערע וועלט, אַ זאָרגלאָזע און צופרידענע. בסך הכל אַ פּאָר שעה ווי ער איז דאָ אין באַפרייטן ביאַליסטאָק, און שוין האָט ער פאַרגעסן אין די איבערלעבענישן פון די לעצטע טעג, ווי ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון וואַרשע, איבערגעלאָזט הינטער זיך אַזוי פיל חורבות, אומגליק און פּיין, צעבראָכענע און פאַרפּייניקטע לעבנס, אַרומגעכאַפּטע פון טויט־שרעק אונטערן שווערן שטיוול פון דייטשן אָקופּאַנט. ער האָט שוין פאַרגעסן אין זיין לויפן צו דער גרענעץ, ווו ער איז באַרויבט געוואָרן פון אַלעם, וואָס ער האָט נאָך באַוויזן אַרויסצוראַטעווען פון וואַרשע.

— און דאָך, איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן — האָט ער זיך אַליין געטרייסט — דאָרט האָב איך געלאָזט פינצטערניש און עלנט, דאָ גייט אויף אַ לעבן, אַ לעבן פון ס׳ניי.

אין שטאָט האָבן זיך גענומען צינדן די עלעקטרישע לאָמפּן. ביינאַכט, זעט אויס, איז דאָ ליכטיק, נישט ווי אין וואַרשע, וואָס איז אין די נעכט איינגעהילט אין חושך, אין געדיכטער קלעפּיקער פאַרטונקלעניש.

אין די נאַכט־שעהן איז ביאַליסטאָק נאָך לעבעדיקער געוואָרן. מענגעס מענטשן שפּאַרן זיך אין די קינאָס, ווי קיינמאָל גאָרנישט, מחנות שפּאַצירנדיקע פאַרפולן די טראָטואַרן. ווי קומט צו דער דאָזיקער שטאָט אַזויפיל מענטשן? נאָך קיינמאָל זינט גרינשטיין געדענקט, איז נאָך אַזאַ לעבעדיקייט און פריילעכקייט נישט געווען אויסגעגאָסן אויף דער דאָזיקער שטאָט. עס איז שווער צו דערקענען, אַז ס׳איז איצט גאָר מלחמה־צייט. אַלץ לעבט, ברויזט און קאָכט אין דעם פריילעכן האַרמידער.

---

[1] אויב ס׳וועט מאָרגן זיין קריג.

פריי, מיט שטאָלץ אויפגעהויבענע קעפּ, שפּאַצירן יידישע מיידלעך, גע‏פּאַרעמט מיט יידישע און רוסישע רויטאַרמייער. זיי שמייכלען צו די זעלנער צופרידענע, פול מיט דאַנקבאַרקייט צו זייערע באַפרייער און רעטער.

גרינשטיינען איז געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן די שטאָט, וואָס לעבט שוין אַ באַפרייטע פון אַלע סכנות און קאָשמאַרן, מלחמה־שרעקן און שי־סערייען.

* * *

אויפן וואָקזאַל האָט גערוישט ווי אין אַ בינשטאָק. שווער זיך דורכ־צושטופּן דורכן גרויסן המון, וואָס האָט באַלאַגערט אַלע איינגענג און דעם צוטריט צו די בילעטן־קאַסעס. מענטשן אין די טויזנטער מיט פּעקלעך און וואַליזעס, מיט טעקעס און האַנט־רענצלעך איילן ווי אויף אַ חתונה, וואָס דאַרף ערגעץ פאָרקומען, און מ'האָט מורא מען זאָל נישט אָנקומען נאָך אַלעמען, ווען ס'וועט שוין זיין נאָך דער חופּה.

חיים גרינשטיין שטופּט זיך מיט אַלעמען אינעם געשפּאַר פון די מאָדנע פּאַסאַזשירן, ציווילע ווי מיליטערישע.

פּלוצים ווערט אַ געזעמל: יונגע קאָזאַקן אין פאַרשיידנפאַרביקע קליי־דער, רויטאַרמייער פון די ווייטסטע רוסישע געגנטן, שטעלן זיך אַרום בופעט אין ערשטן קלאַס. איינער פון זיי ציט אַרויס אַ מויל־האַרמאָשקע, דער צווייטער אַן אַקאָרדעאָן און באַלד לאָזט זיך אַ גרופּע פון זיי אין אַ ווילדן טאַנץ, אַזש ס'נעמט שווינדלען פאַר די אויגן. דער גאַנצער וואָקזאַל־בנין האָט זיך צעזונגען און צעהוידעט, אַלץ איז מיטגעריסן געוואָרן אינעם התלהבותדיקן מזרח־טאַנץ, באַגלייט פון אויסגעשרייען פון די שפּילער און טענצער.

אין האַרצן ביי חיים גרינשטיינען נאָגט און צופּט אַ ווייטיק. פאַר זיינע אויגן שוועבן פאַרביי די אימהדיקע אָנפאַלן פון די דייטשע אַעראָ־פּלאַנען, וואָס האָבן געזייט טויט און חורבן. אין די אויערן הילכן אָפּ די טעמפּע אויפרייסן פון די שראַפּנעלן און סנאַריאַדן, וואָס האָבן אַן אויפ־הער געדונערט איבער די וואַרשעווער מויערן. אין די נאָזלעכער שפּירט זיך נאָך אָפּ דער עסנדיקער רויך פון די ברענענדיקע און איינגעפאַלענע

הייזער, וואָס האָבן פאַרשאָטן אונטער זיך הונדערטער מענטשן און דער געררוך פון די פוילנדיקע טויטע פערד אויף די רואינירטע, גרוז־באַשאָטענע וואַרשעווער גאַסן.

די מחנה טאַנצנדיקע און צעזונגענע רויטאַרמייער, האָט מיט מזרח־ברען פאַרדבקהט, ווי חסידים זיך אַריינגעוואָרפן מיט מער פייער אין טאַנץ, די וועגט פונעם וואָקזאַל האָבן אַזש אונטערגעציטערט, די מאַסע פאַסאַזשירן האָבן זיך מיטגעוויגט מיטן טאַקט פון דער עקזאַטישער צעהוליעט־קייט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און אַלע אין איין קול האָבן מיטגעזונגען, ווי אַן אויסגעשטודירטער כאָר און הילכיקע בראַוואָ־פאַטשערייען האָבן באַגלייט די אויסגעשרייען „זאַ פאַביעדו״! זאַ סטאַלינאַ! הוראַ! הוראַ! הוראַ! [1]

פלוצים איז שטיל געוואָרן. דער זייגער אויפן וויטן קרעמל־טורעם האָט אויסגעשלאָגן צוועלף, כאָטש דאָ איז נאָך געוועזן ערשט אַזייגער צען. מאָסקווע האָט דורך אירע מעגאַפאָנען געלאָזט הערן דעם זייגער־געקלאַפּ פונעם קרעמל און די קלאַנגען פון „אינטערנאַציאָנאַל״, וואָס האָבן זיך רחבותדיק צעשאָטן איבער די פוסטע, אויסגעשטאָרבענע גאַסן און הויך אָפּגעקלונגען צווישן די ווענט פון ביאַליסטאָקער וואָקזאַל...

[1] פאַרן נצחון, פאַר סטאַלינען.

# אַהיים

דער צוג האָט געריררט פון אָרט. אַ לאַנגער מאָנאָטאָנער פייף האָט דורכגעשניטן די נאַכט־שטילקייט און פאַרפאַלן געוואָרן אין דער ווייט. דער צוג האָט זיך געטראָגן איבער פעלדער פאַרגאָסענע מיט נאַכטיקער פינצטערניש. דאָ און דאָרט האָט זיך דורכן אויסגעהאַקטן וואַגאָן־פענצטער געזען לויכטן אַ פלעמל פון אַ פויערישער איינזאַמער כאַטע אין ליידיקן פעלד. אַ קאַלטער צוג־ווינט האָט דורכגענומען די ביינער.

חיים גרינשטיין איז געזעסן איינגעטוליעט אין זיין האַרבסט־מאַנטל. דער קאָפּ זיינער איז געווען אַריינגעצויגן אינעם אויפגעשטעלטן קאָלנער. די טרויעריקע געדאַנקען האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אים, געמאַטערט נאָכאַנאַנד. ווי לאַנג נאָך ווי ער האָט פאַרלאָזט ווילנע און אַוועק אַרבעטן אין וואַרשע. פון צייט צו צייט באַקומען אַ בריוול פון ווייב, אַז ס׳קינד גייט שוין אויף די אייגענע פיסלעך. ס׳רוט נישט איין. די „מויד״ דרייט אויס די הענט. ער וואָלט זיי געוואָלט אָנקוקן ווי זיי זעען אויס.

דער צוג האָט זיך אַלץ נענטער צוגערוקט צו זיין געבוירן־שטאָט. אָט זעט מען שוין דורכן פענצטער די פלעמלעך פון פאָרשטאָט. אָט שניידט זיך אַרויס פון דער נאַכט־פינצטערניש דער ווייסער שפּיטאָל־דאַך, און אָט זעט זיך שוין אַרויס מאַיעסטעטיש דער הויכער שיפער דאַך פון דער שטאָט־שול. דער צוג איז אַ שווער סאָפּענדיקער געבליבן שטיין אויפן שוואַך־באַלויכטענעם וואָקזאַל.

דאָס האַרץ ביי חיים גרינשטיינען הייבט אָן שטאַרקער צו קלאַפּן. ווער ווייסט? עס זעט אויס ווי אַלץ וואָלט דאָ געווען אין אָרדענונג, דער וואָקזאַל איז גאַנץ, נישט באַשעדיקט. אַלץ איז איינגעהילט אין אַ טויטער שטילקייט. די עטלעכע דראָזשקאַזשעס, וואָס פלעגן פאַר דער מלחמה וואַרטן אויף אַ פּאַסאַזשיר, זענען פאַרשוווּנדן. אַרום וואָקזאַל איז שטיל און ליידיק, קיין לעבעדיקער נפש.

מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם לאָזט זיך חיים גרינשטיין גיין אי־

## ב. טערקעל

בער די גאַסן. זיין טראַט הילכט אָפּ הויל און הילכיק, ווי ער וואָלט זיך אַליין געשראָקן פאַר אים. אין שטוב ביי אים האָלט מען שוין זיכער, אַז ער לעבט נישט מער, מ׳האָט דאָך דאָ געוווסט פון די אַלע גרוילן און צרות וואָס די וואַרשעווער איינוווינער האָבן דורכגעמאַכט אין די גע־ציילטע מלחמה־טעג.

ער גייט איינגעהאַלטענער, שטילער איבער די גוט באַקאַנטע געסלעך. די רואיקייט דריקט אויף אים ווי אַ שרעקלעכע משא. מען זעט נישט קיין לעבעדיקן מענטשן, און פלוצים:

— קטאָ טאַם? רוקי וויערך! [1]

חיים גרינשטיין האָט דערזען אַ בלאַנקענדיקן שפּיז אַרויפגעזעצט אויף אַ ביקס און אינסטינקטיוו פאַרהאַלטן דעם טראַט.

— לאָזשים! [2]

ער האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער גרויס אויפן טראָטואַר. אין דער געדיכטער פינצטערניש האָט ער געזען אַ סילועט פון אַ מענטש וואָס שפּרייזט אַרום אים מיט אַן אָנגעצילטער ביקס און באַטראַכט אים פון אַלע זייטן.

— לאַדנאָ, וסטאַוואַי! [3]

אַן איבערגעשראָקענער האָט זיך חיים גרינשטיין קוים אויפגעשטעלט און דערזען פאַר זיך אַ רויטאַרמייער מיט אַן אויטאָמאַט אין דער האַנט.

— פון וואַנען? — פרעגט אים דער זעלנער.

— פון וואָקזאַל איצט געקומען — פּרוּווט חיים גרינשטיין מיט זיין צעבראָכענעם רוסיש צו דערקלערן דעם זעלנער.

— צו וועמען ביסטו אַהער געקומען?

— איך האָב דאָ אַ פאָטער, שוועסטער, אַ ווייב.

— אַ טשטאָ זאַקוריט או טיעביאַ יעסט? [4] — פרעגט אים דער זעל־נער.

---

1 ווער איז דאָרט? די הענט אין דער הויך!

2 לייג דיך!

3 גוט, שטיי אויף!

4 וואָס צום רויכערן האָסטו?

— ניין, — ענטפערט חיים גרינשטיין — איך האָב געהאַט ביז נישט לאַנג פּאַפּיראָסן, געקויפט ביי אַ פּוילישן באַן־באַאַמטן לעבן מאַלקין. איצט האָב איך אין ערגעץ נישט געקריגן צו קויפן קיין פּאַפּיראָסן.

— טאַק יאַ אימעיו [5].

דער רויטאַרמייער האָט גדלותדיק אַרויסגעשלעפּט פון זיין קעשענע אַ גרויס שטיק צייטונג און אים דערלאַנגט:

— דיערזשיקאַ [6].

דער זעלנער האָט אים אָנגעשיט אין שטיקל צייטונג־פּאַפּיר, אַ הויפן דריבנע פאַרפּעלעך, וואָס ער האָט אַרויסגעקראַצט פון דער הויזן־קעשענע:

— נאַ, פאַרוויקל אַ ציגאַר.

אַ שפּיץ פון דער לבנה האָט זיך אַרויסגערוקט פון הינטער דער רוסי־שער צערקווע און שעלמיש אַ קוק געטאָן אויף די צוויי נאַכט־פאַרשווינען, איינער מיט אַ פּאַפּיר וואָס קוקט פאַרגאַפט דערויף און ווייסט נישט וואָס דערמיט צו טאָן, און דער צווייטער וואָס פאַרדרייט אויגנבליקלעך אַזאַ ליולקעלע, ווי אַ שקאַרמעץ, צופּט אָפּ דעם ברעג פון פּאַפּיר און שפּייט אויס מעשה תקיף פון צווישן די ציין און נעמט עס אין מ'ויל אַריין:

— דאַוואַי ספּיטשקו! [7]

חיים גרינשטיין האָט אַרויסגענומען זיין צינד־מאַשינקע אונטערגע־טראָגן דעם זעלנער און אַ זיסלעך־ביטערער אַראָמאַט האָט זיך צעטראָגן שאַרף פונעם אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס.

— נו, און דו פאַרוואָס רויכערסט נישט?

חיים גרינשטיין האָט געפּרוווט צונויפדרייען אַ פּאַפּיראָס און ס'איז אים נישט געלונגען און איידער וואָס־ווען האָט אים דער זעלנער אונטער־גערוקט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע, וואָס ער' האָט אויסגעפונען אין קעשענע פון זיין שינעל:

— קורי! [8]

[5] האָב איך.

[6] האַלט.

[7] גיב אַ שוועבעלע!

[8] רויכער!

## ב. טערקעל

גרינשטיין האָט פאַרצויגן און זיך שטאַרק פאַרהוסט.

דער רויטאַרמייער האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן און גדלותדיק זיך אָפּגערופן:

— אָט, איר פּאַנעס, צו אַלע ווילטאָגן זענט איר געווינט. אַזעלכע ווייסע אויסגעאיידלטע הענטעלעך, וואָס קאָנען זיי אויפטאָן. ווען נישט מיר, אייערע באַפרייער, וואָלט איר אַפילו קיין ספּיטשקעס[9] נישט גע־האָט — און זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט אין דער אַרומיקער שטילקייט.

גרינשטיינען האָט געברענט די ערד אונטער די פיס. ס'האָט זיך אים שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אין דער היים. נאָך אַ שפּאַר שטיקל וועג ביזן שטוב אַריין. ער האָט געפּרווט בעטן ביים זעלנער ער זאָל אים לאָזן גיין.

— ניעט![10] אונדזער וולאַסט[11] ווייסט נישט ווער דו ביסט, אָט ביסטו געקומען אינמיטן דער נאַכט, אפשר ביסטו אַ שפּיאָן. די סאָוויעטס־קי וולאַסט[12] האָט מיר פאַרטרויט אַ וויכטיקן אַמט, אַכטונג צו געבן אויף שפּיאָנען.

פון זיינע רייד האָט גרינשטיין דערפילט, אַז דאָס עסק איז נישט גלאַט. האָט ער מיט אַלע כוחות געפּרווט מיט זיינע רוסישע פּאָר צע־בראָכענע ווערטער איבערצייגן דעם זעלנער, אַז ער איז אַ הי־געבוירענער, אַז ער קומט פון וואַרשע פון פאַרשאָלטענעם דייטש, אַז ער גייט איצט גלייך פון וואָקזאַל צו זיך אַהיים.

דער זעלנער האָט אים, ווייזט אויס, יאָ אַביסל פאַרשטאַנען. ער האָט זיך גלייך אָפּגערופן צו אים:

— טשטאָ טי סקאַזאַל, פּראָקליאַטי ניעמעץ, ניע לזיאָ![13] מען טאָר אַזוי נישט רעדן, עטאָ, וועס נאַש סאָיוזניק[14].

---

9 שוועבעלעך.

10 ניין.

11 רעגירונג.

12 סאָוויעטישע רעגירונג.

13 וואָס האָסטו געזאָגט, פאַרשאָלטענער דייטש, מען טאָר אַזוי נישט ריידן.

14 דאָס איז דאָך אונדזער פאַרבינדעטער.

אַ ווײַלע איז שטיל געוואָרן. דאָס צונויפגעדרייטע לווילקעלע בײַם רויטאַרמייער איז געבליבן שטעקן צווישן זײַנע גראָבע ליפּן, אָן אויסגע־לאָשנס. אַ פּאַרחלומטער ערגעצווו פּאַרקוקט אין דער נאַכט, האָט ער זיך אָנגערופן צו גרינשטיינען, נישט קוקנדיק אין זײַן זײַט:

— נו, לאָדנאָ, קאַק טעביאַ זאָוווט?[15]

— גרינשטיין.

— ווו וווינט דאָ דײַן פּאָטער?

— אויף ביאַליסטאָקער גאַס 58.

— קאַק טי סקאַזאַל? גרינשטיין! עטאָ טוואָי אָטיעץ? אָן או נאַס באָלשאָיאַ שישקאַ[16]. גיי אַהיים, מאָרגן וועט מען עס אויפקלערן.

גרינשטיין האָט מיט איין אָטעם אָנגעהויבן לויפן דאָס שטיקל גאַס וואָס פירט צום הויז פון זײַן פאָטער. מיט גיכע טריט האָט זיך גרינשטיין גענומען דערווייטערן פונעם זעלנער. געטראַכט צום ערשטן גיין צו זיך, צום ווייב און קינד. נאָר באַלד זיך באַרעכנט, אַז ס׳איז צו ווייט. ער וועט שוין פריער אַרײַנגיין צום טאַטן, וואָס וווינט דאָ נישט ווייט, אין אַנדערן געסל און פאַרטאָגס צווויסן טאָן אין שטוב, אַז ער איז געקומען.

* * *

אַלע לאָדנס פון דער פאַרטער־וווינונג, ווו עס האָט געוווינט דער אַלטער, אייזיק גרינשטיין, זענען געווען צוגעמאַכט. שטיל מיט אַן איינ־געהאַלטענעם אָטעם, איז חיים שטיל צוגעגאַנגען צום הויז. באַבעק האָט באַלד אָנגעשמעקט אַ נייעם מענטשן און זיך הילכיק פונאַנדערגעוואָיעט, ער איז האַסטיק צוגעלאָפן צו חיימען, און גלייך דערקענט אין אים אַן אייגענעם, ער האָט אים אָנגעהויבן לעקן און טאַנצן פריידיק אויף אים.

חיים האָט שטיל אָנגעקלאַפּט אין טיר און באַלד, האָט ער דערהערט זײַן פאָטערס קול:

— ווער איז?

---

[15] ווי רופט מען דיך?

[16] וואָס האָסטו געזאָגט, גרינשטיין, דאָס איז דײַן פאָטער? ער איז בײַ אונדז אַ גרויסע שישקע.

— איך, חיים.

נאָך אַ פּאָרען זיך ביים קלאַפּ־שלאָס האָט זיך די טיר געעפנט. פאָטער און זון האָבן זיך אַרומגענומען און צעקושט.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען אַהער, האָסט נישט געקאָנט בלייבן אין וואַרשע?

— וואָס הייסט? ווי אַזוי? איך פאַרשטיי נישט...

— עס עפּעס אָפּ און לייג זיך שלאָפן. מאָרגן וועלן מיר שמועסן.

חיים האָט זיך פאַמעלעך אויסגעטאָן און זיך אַוועקגעלייגט אין בעט אַריין אַן אויסגעמאַטערטער. נאָך וואָכן זיך אַרומוואַלגערן אין דער פרעמד און שלעפן זיך איבער פעלדער און וועלדער, ביזן דערשלאָגן זיך אַהיים, האָט חיים איצט דערפילט דעם לאַנג אויסגעבענקטן תענוג פון ליגן אַן אויסגעטוועטער אין אַן איבערגעצויגן ריין בעט.

# װעלװל בעקער

װעלװל בעקער איז געװען אַ לינקער פֿון קלײנװײז אױף. עס טרעפֿט זיך, עס זאָל זיך אַזױ נישט טרעפֿן, אַז אַ מענטש װערט בלינד. ערגער איז אָבער, װען אײנער מאַכט זיך בלינד און װיל נישט זען, װאָס אַרום אים טוט זיך. װעלװל איז נאָך צו דעם געװען אַן עקשן און אַזאַ פֿאַרביסענער, אַז ער האָט נישט געלאָזט צו זיך ריידן. אַפֿילו קאָסטעק ביערנאַצקעס קאַרטוז־בערעזע, די באַרימטע לאַגערן פֿאַר די קאָמוניסטן אין פֿאַר־מלחמהדיקן פּױלן, האָבן אים אױך נישט געקאָנט אױסהײלן, און נישט געהאָט אױף אים די מינדסטע פּעולה.

פֿון פֿאַך איז ער געװען אַ בעקער. ער איז אָבער מער געזעסן אין די תּפֿיסות װי געאַרבעט. די גאַנצע װעלט מיט אַלע אירע צרות האָט ער געטראָגן אױף זײן קאָפּ און זי רק געװאָלט אױסבעסערן און איבעראַנ־דערשן. האָט ער דערפֿאַר דאָס טײג שלעכט פֿאַרקנאָטן, און דאָס ברױט איז בײ אים שטענדיק פֿון אױװן אַרױס פֿאַרברענט, אָדער נישט דערבאַקן װי אַ שטיק לײם.

כאַצקל פֿורמאַן, דער אײגנטימער פֿון דער בעקערײ, האָט זיך מיט רוגזה געװאָרפֿן אױף װעלװלען און געשריגן:

— װאָס מאַכסטו מיר אַ תּל פֿון דעם געבעקס, האָסט דאָך הײנט פֿאַרשרפֿהט דאָס ברױט, אַז מע קאָן עס אין מױל נישט נעמען.

װעלװל בעקער האָט אַראָפּגעלאָזט די אױגן, געריבן אַ האַנט אין אַ האַנט, אָפּקרישנדיק שטיקלעך ברױט פֿון דער דײזשע און מיט אַ טראַציק שמײכעלע געענטפֿערט:

— אַזאַ װעלט און אַזעלכע מענטשן מעגן עסן פֿאַרשרפֿהט ברױט אױך. זײ האָבן נישט קײן שכל װי אַזױ צו לעבן אױף דער װעלט, זאָלן זײ עסן הײ.

כאַצקל פֿורמאַן איז געװאָרן אַן אױפֿגעקאָכטער:

— אַ שײן פּנים װעט האָבן דײן װעלט, אַז אַזעלכע װי דו װעלן זײן

זייערע ברויטגעבער, זיי וועלן אַזאַ באַנדע־ברויט אויך נישט האָבן, מען וועט זיך איינער דעם צווייטן אַרויסרייסן דעם ביסן פון מויל. וועסט זען, וועלוועלע, ווער עס איז געווען גערעכט, פון דיר וועט שוין קיין לייט נישט זיין...

אַ דרייסטער יונג איז ער געווען, וועלוול בעקער — וואָס, פאַר וועמען זאָל ער מורא האָבן? אין דער תפיסה איז ער שוין געגוג זיך אָנגעזעסן. אַזאַ וועלט, זאָגט ער, געפעלט אים נישט. אָט דאָרטן, דאָרטן איז אַ לעבן. אַלע זענען גלייך, אַלע גייען אַלצאיינס אָנגעטאָן, נישטאָ קיין באַלעבאַטים. אַלע זענען אַרבעטער און דער עיקר מען בויט אַ נייע געזעלשאַפט אויף נייע יסודות, און דערפאַר לוינט צו זיצן אין תפיסה.

איי דאָס געזונט זיינס איז אינגאַנצן צעבראָכן, די תפיסה מאַכט פון אים אַ תל. נאַרישקייטן. אַ כפרה דאָס אַלץ, אַבי די וועלט זאָל באַקומען אַן אַנדער פנים, פאַר אַזאַ אידייע מעג מען אַפילו דאָס געזונט פאַרלירן. עס איז אַלץ כדאַי.

וועלוול איז געווען אַ גרויסער בר־מזל. נישט אַלע אידעאַליסטן האָבן געהאַט אַזאַ מין מזל ווי ער. אָט האָט מען אים געכאַפּט, איינגעזעצט, געמיינט, אַז ער קריגט אַ צענערל, און אָפּגעקומען מיט גאָרנישט, מיט אַ חודש, צוויי, אַמאָל אַ יאָר. ער האָט זיך שטענדיק באַוויזן אַרויסצודרייען פון די גוישע הענט. האַרט פאַר דער מלחמה האָט מען אים געכאַפּט אויף אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג און אָפּגעשיקט קיין קאַרטוז בערעזע ווייטער זיצן און אָפּקומען פאַר זיין אידייע. און אין אַ חודש שפּעטער, ווען ער האָט נאָך נישט באַוויזן אָנצוװאַרעמען די פיס דאָרט, איז געקומען די רויטע אַרמיי, באַפרייט אַלע אַרעסטאַנטן און אויך אים, וועלוולען, צו־ריקגעגעבן די פריי.

ווייל און ליכטיק איז אים געוואָרן זיין לעבן, וועלוולען. אַנשטאָט צו קעמפן פאַר דער אידייע, אַנשטאָט זיך מקריב צו זיין פאַר איר און שמאַכטן אַלע זייבע יאָרן אין תפיסה, קומט זי גאָר, די אידייע צו אים אַ פאַרוירק־לעכטע און נעמט זיך מיט אים אַרום גוטברודעריש, טוט אים אָן אַ פאַ־ליצייי־היטל, הייסט אים ווערן באַלעבאָס אויף זיך און אויף אַלע מענטשן און אַפילו אויך אויף זיין באַלעבאָס כאַצקל פורמאַן.

מיט איין וואָרט, וועלוול איז געוואָרן אַ גאַנצע שישקע ביי די סאָ־וויעטן, אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאַם, פּאַזעוועט ער, וועלוול, נישטאָ זיינס גלייכן.

זוכט ער און נישטערט און אַ ליאַדע קליינינקייט איז ביי אים אַ פאַרברעכן. אַלץ איז פאַרבאָטן. ער נעמט זיך אויסצוגלייכן די וועלט, אַז אויף גלייכהייט איז געבויט דער נייער שטייגער, מוז מען עס איינפירן אין לעבן.

נעמט ער דעם אַפּטייקער יידל ווערנער, אַ ייד אַן אינטעליגענט, און זעצט אים אַוועק אין טעאַטער־זאַל, אויף די מיטינגען, צו וועלכע אַלע מוזן קומען לויט זיין פאַראָרדענונג — סאַמע הינטן, אויף די גאָר היג־טערשטע בענק, און מאָטיע־עליען, דעם אסעניזאַטאָר, זעצט ער אַוועק אין דער ערשטער ריי. דעם שטאָט־בעדערס קינדער אָרדנט ער איין אויבנאָן און יואל גראָסבערגן, דעם רייכן באַקאַליי־סוחר לאָזט ער זיצן פון הינטן. אַז מען שמועסט יושר איז דאָך נישט שייך צו זאָגן. איז וועלוול צופרידן, קוועלט פון נחת. די ביז היינט אומצופרידענע דערפּילן דעם זיסן טעם פון כבוד און מאַכן זיך באַקוועם אין די אויסגעבעטע שטולן, און די אַלע, וואָס האָבן ביז היינט געלעבט אין ווילטאָג מאַכן אויך שלום מיטן געדאַנק, אַז צייטן בייטן זיך, וואָס איז דער חילוק ווו מען זיצט? אַבי נישט אין טורמע...

אין לעבן גייט עס אָבער נישט אַזוי גלאַטיק ווי מען וויל. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פאַר דער אידייע דאַרף מען נאָך, דאָ אינעם לאַנד פון די פאַרווירקלעכטע אידעאַלן — קעמפן. מ'האָט פון דאָרט, פונעם צענטער, אַראָפּגעשיקט אַן אַנדערן פּאָליציי־נאַטשאַלניק, אַן אייגענעם, וואָס האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון וועלוול בעקער, און אים האָט מען באַשטימט פאַר דירעקטאָר איבער אַלע פאַראייניקטע בעקערייען אין דער שטאָט. אַנשטאָט אַן אַרבעטער ביי יענעם, איז ער געוואָרן אַ באַלעבאָס איבער די אַרבעטער און ער דיקטירט דאָרט אַלעמען. אַלע זענען אָפּהענגיק פון אים, פון זיין וואָרט, פון זיין ווונק.

און אַ באַלעבאָס איז ער געוואָרן אויף אַ וויכטיק אַרטיקל: אויף ברויט. איין קליינינקייט: ברויט. האָט עס שוין וועלוולען נישט געאַרט,

## ב. טערקעל

וואָס מ׳האָט אים צוגענומען פון זיין פריערדיקן פּאָסטן, געוואָרן אויס נאַטשאַלניק פון דער פּאָלקס־מיליץ. זיינס האָט ער שוין אָפּגעטאָן: די אַלע פּערזענלעכע קעגנער זיינע, די שונאים פון אַרבעטער־קלאַס און פון דער רעוואָלוציע האָט ער שוין כמעט ווי ליקווידירט, זיי אומשעדלעך געמאַכט. איצט קאָן מען שוין אָנגיין מיט פרידלעכער אַרבעט און בויען דאָס לעבן אויף נייע יסודות.

האָט ער אויף אַן אמת אויסגעגלייכט די ביינער. וואָסי, אַז ס׳איז שוין לויט אים געוועזן אַלץ אין אָרדענונג. די וועלט גלייכט זיך שוין אויך אויס. האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן פון אַ ביסל פּערזענלעך גליק. די גאַנצע יאָרן זיצן אין תפיסה האָבן אים געהאַלטן אין אַזאַ קלעם, אַז ער האָט פון קיין זאַך נישט געטראַכט. איצט, אַז ער גייט שוין בעסער אָנגעטאָן, איז זאַט און האָט אַ מזומענעם רובל אין קעשענע, אמת נישט קיין גאָר כשרן, ווייל פון די 200 רובל פּענסיע קלעקט אים נישט אויף אַלץ, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן קאָמבינאַציעס מיט גוטע ברידער, פאַרקויפט אַ זעקל מעל אויף ליבקס, גענומען וויזיאַטקעס אויף אַ קעסטל הייוון, ווילט זיך, אַ גוטן אָנצוג דאַרף מען, איז ער אַריין אין דעם מסחר און עס איז אַוועק אַ גאַנג.

דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. אַלע יונגעלייט פירן ליבעס, מ׳האָט מיידלעך נאָר ער נישט. ער דרייט זיך נאָך אַלץ אַרום מיט די הענט אין וואָס איז מיט גאָלד צוגלייך. נו, וואָס זאָל ער טאָן, אַז אַ שנעפּסל מאַכן די קעשענעס. עפּעס איז געוואָרן אין שטאָט אַ בהלה, אַן אויסכאַפּעניש אויף די אַלע מיידלעך, וועלכע זענען פריער געלעגן אַזוי שטיל איינגעלייגט, די קעפּ נישט אויפגעהויבן. יעדער איינער סמאַרקאַטש האָט זיך געהייסן געבן נדן גאָט ווייסט וויפל, פאַרן וועלן חתונה־האָבן. דאָ זענען אָנגעקומען אַזויפיל רויטאַרמייער און אַלע מיידלעך זענען ממש פאַרצוקערט געוואָרן. ער, ווערלוול, האָט זיך אויך גענומען אַרומקוקן און געוואָרפן אַן אויג אויף כאַנטשע פרידבערג, דעם אַדוואָקאַטס טעכטערל, אַ שיין מיידל ווי גאָלד, דווקא זי געפעלט אים.

איז אָבער אַ צרה. מ׳עגסט טאַקע זיין דער גרעסטער אידעאַליסט: מעג דיין יחוס פאַר דער רעוואָלוציע זיין ווי גרויס און וויכטיק, צו ליבע אָבער

קומט עס נישט. דאָס האַרץ האָט דערמיט נישט קיין שייכות. מעג דער מוח זיין ווי אָנגעשטאָפּט מיט מאַרקסיזם און די קעשענעס אָנגעפּראָפּט מיט רובלס, מיט רוסישע טשערוואָנצעס, דאָך איז עס אַלץ נישט קיין תכלית. מען מוז געפינען עפּעס פאַר זיך אויך און ווי אויף צו להכעיס געפעלט אים דווקא דאָס בירגערלעכע מיידל, דעם אַדוואָקאַטס אויסגע־כאַליעטע, גוט־דערצויגענע טעכטערל, און נישט קיין פּראָלעטאַריש מיידל, אָט אַזאַ פון זיין שטאַנד.

כאַנטשע פרידבערג, איז אָבער נישט קיין נאַריש מיידל. דער טאַטע אירער איז שוין אויס אַדוואָקאַט. ער איז נישט קיין אָנהענגער פון די היינטיקע מאַכטהאָבער און ערגער איז, וואָס אַלע באַטראַכטן אים פאַר אַ שונא. האָט זי, די טאָכטער, באַשלאָסן זיך צו פּראָלעטאַריזירן און איז אַוועק אַרבעטן אויף דער פּאָסט. דאָרט איז פאַראַן אַ נאַטשאַלניק, אַ יונ־גערמאַנטשיק פון מינסק, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגעלעך, אַ גע־שיקטער פון צענטער. נו, דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסער יחוס. פאַרליבט ער זיך אין כאַנטשען און כאַנטשע אין אים, און...

אויף וועלוולען איז אויסגעפאַלן די ראָל צו באַקעמפן זיין אידייען־חבר, הלמאַי, ער איז אַראָפּ פון דרך־הישר און האָט זיך דווקא פאַרליבט אין אַ בורזשואַזע מיידל, וועמענס טאַטע איז אַ שונא פון פּראָלעטאַריאַט, אַ קעגנער פון דער רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַרישע מיידלעך האָבן גאָר־נישט אַזאַ מזל. פאַר זיי שלאָגט זיך קיינער נישט, איבער זיי גייט נישט אָן קיין קאַמף. נאָר אויב מען קריגט זיך אַרום, איז עס נאָר צוליב די אויסגעכאַליעטע, אויסגעצערטלטע פּאַניענקעלעך פון די בורזשואַזע היי־מען, די נעסטן פון קאָנטררעוואָלוציע, די שונאים פון פאָלק.

* * *

וועלוול בעקער איז אַראָפּ פון דורך־הישר. עפּעס האָבן אים אַרומגע־נומען מאָדנע צווייפלען, מאָדנע מחשבותן האָבן אים אָנגעהויבן עגבערן אין מוח. ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז עס שטימט נישט. עפּעס איז דאָס נישט אַלץ וועגן וואָס ער האָט געחלומט, אַלע זיינע יוגנט־חלומות וועגן פרייהייט און גלייכהייט זענען ווי אויסגערונען געוואָרן, צעגאַנגען צווישן די פינגער.

# ב. טערקעל

די ניי־געקומענע נאַטשאַלניקעס הוליען און לעבן אַ גוטן טאָג. וואָס זיי זעען, קויפן זיי איין פאַר זיך. גאַנצע סקלאַדעס האָבן זיי ביי זיך אין די פאַרכאַפּטע וווינונגען און זיי שיקן דאָס אַלץ אַוועק צו זיך אַהיים, אויף יענער זייט גרענעץ, אין טיף ראַסיי. אַלע טענהן זיי — די 20־יעריקע ווי די עלטערע ביי די פּופּציקער — אַז זיי זענען בחורים און פאַדרייען אַלע מיידלעך די קעפּ.

עפּעס הפקר איז דאָ געוואָרן דאָס לעבן. אין די פאַבריקן ווערן די אַרבעטער באַזוכט, נאָכן אַרויסגיין פון דער אַרבעט באַטאַפּט מען זיי פון אַלע זייטן, אַזאַ זאַך וואָלט פריער קיינמאָל נישט געקאָנט געשען. אויף אַלע מענטשן קוקט מען מיט פאַרדאַכט. נישטאָ קיין צוטרוי פון איינעם צום אַנדערן. די „וואָסטאָטשניקעס"¹ פאַרכאַפּן אַלץ פאַר זיך. ס'גייט אָן אַ געיעג ווי אויף רויב. דער אַרבעטער פאַרדינט ווייניק, ס'קלעקט אים קוים אויף צו קויפן ברויט. וועגן פלייש חלומט ער שוין אַפילו נישט, און זיי, די נייע מאַכטהאָבער, האָבן צו זייער דיספּאָזיציע רעסטאָראַנען, ווו זיי האָבן פון אַלץ לרוב פון שענסטן און בעסטן. אַפילו די גוטע פּאָסטנס האָט מען באַזעצט מיט די ניי־אָנגעקומענע פון מזרח.

וועלוול בעקער איז געוואָרן אויס דירעקטאָר פון די בעקערייען. ער האָט געמוזט צוריק פאַרשאַרצן די אַרבל. געוואָרן אַ געוויינלעכער בעקער־אַרבעטער. אָט אַזוי ווי אין יענע גוטע צייטן, אין די צייטן פון קאָסטעק ביערנאַצקי.

די אַלע דרשות וועגן גלייכהייט און פרייהייט, וואָס ווערן יעדן אָוונט צום הונדערטסטן מאָל איבערגעחזרט פאַרן גרויסן עולם אין די עפנטלעכע זאַלן אין שטאָט, זענען נמאס געוואָרן. מען פילט, אַז רייד זענען עפּעס אַנדערש און מעשים זענען גאָר עפּעס אַנדערש. עס האָט אָנגעהויבן שלאָגן צו דער גאַל. די אויפפירונג און די האַנדלונגען פון די פירער פון דער אַדמיניסטראַציע. אין די פאַבריקן, אין די אַמטן — אומעטום הערשט כאַ־באַר, קאָרופּציע, פּשוטע גנבה און ס'איז נישטאָ פאַר וועמען צו פאַר־קלאָגן. עק וועלט.

* * *

¹ מזרחדיקע.

טענהט ער זיך אויס, וועלוול בעקער, אין דער בעקעריי ביים פֿאַר־קנעטן אַ דייזשע ברויט:

— ס׳טויג נישט, גוטער ברודער. איך הייב אָן איינצוזען, אַז מיינע פֿאַרלוירענע יאָרן אין דער תּפֿיסה זענען געווען אומזיסט אַרויסגעוואָרפֿן. ס׳האָט זיך נישט געלוינט צו קעמפֿן פֿאַר אַזאַ פֿאַרקריפּלטקייט. נישט דאָס האָב איך געמיינט. נישט אַזוי דאַרף עס אויסזען די נייע וועלט, די באַפֿרייטע, די געענדערטע. ס׳איז איין גרויסער באַלאַגאַן, נישט מער.

ווער האָט זיך געקאָנט פֿאָרשטעלן אַזאַ זאַך, אַז ס׳וועט זיין אַזאַ גרויסער אונטערשייד צווישן מענטש און זיינע מעשׂים. ס׳איז דאָך אַ קאַריקאַטור און נישט קיין סאָציאַליזם. די מענטשלעכע שפּראַך איז צו אָרעם דאָס אַלץ איבערצוגעבן, וואָס מען זעט זיך אָן טאָג־טעגלעך אין לעבן. מען דאַרף עס דורכמאַכן אויף די אייגענע פּלייצעס, דורכוויטיקן אַליין, כּדי צו קאָנען עס באַגרייפֿן וואָס דאָ קומט פֿאָר — יאָ, ברודערקע, ס׳איז אָסור נישט כּדאַי געווען.

וועלוול בעקער איז געבליבן אָן איינגעהויקערטער, אַ פֿאַרפּייניקטער און צעוויטיקטער ווי דאָן, ווען ער האָט עס איבערגעטראָגן באַהבֿה, אַלץ גענומען פֿאַר ליב. יעדער קלאַפּ, יעדער רוט, יעדע שיקאַנע, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין, האָט אים געגעבן מוט און כּוח אויסדויערן, צו דער־וואַרטן דעם גליקלעכן טאָג, ווען די וועלט וועט אויפשטיין אַ נייע, אַ פֿרייע און אָט האָסטו זי, קוק זי אָן. ס׳איז נישט די זעלבע וואָס דו האָסט געזען אין חלום. היינט ווערסטו געשלאָגן פֿון אייגענע, פֿון די וועלכע האָבן געדאַרפֿט ברענגען גליק און פֿרייד פֿאַרן מענטש...

— יאָ, חבֿרל — האָט ער אַריינגערעדט ביים אָנגעשרפּהטן אויוון צום געהילף־שיבער. די פּוילישע פּאַנעס האָבן מיך נישט געקענט אויסהיילן פֿון מיינע איבערצייגונגען, זיי, די „טאָוואַרישטשעס״, האָבן מ׳יר געעפֿנט די אויגן, זיי האָבן מ׳יך ראַדיקאַל אויסגעהיילט.

דער צעגליטער אויוון האָט אויפֿגעכאַפּט די פֿאַרקנעטענע ברויטלעך אין זיין אינגעווייד אַריין צוזאַמען מיט די היציקע טענות פֿון וועלוול בעקער.

# די לעצטע נאַכט

מעכעלע זאַרעצקי איז אַהיימגעקומען אַ מידער, אַ פאַרמאַטערטער נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין דער גאַרבעריי. ער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעוווינט פון דער שווערער לופט און זויערע ריחות פון די רויע פעלן, וואָס האָבן זיך געפּאַרעט שטויסנווייז אין די ווינקלען פון קאָזש־זאַוואָד [1].

ער האָט זיך אויסגעטאָן אין דער פינצטער ביים בלייכן שיין פון דער פולער לבנה, וואָס האָט פאַרפולט דאָס גאַנצע צימער. ווי נאָר ער האָט זיך געלייגט, איז ער גלייך געוואָרן אַנטשלאָפן.

דאָס ווייב און קינד זענען שוין געשלאָפן.

אַ האַסטיקער קלאַפּ אין דער טיר, האָט אויפגעוועקט די גאַנצע שטוב.

— אָטקריוואַי! ביסטרעי! [2] — האָט זיך אַ דומפּיקע שטים אַריינגעריסן אין דער פאַרשלאָפענער שטוביקער מיטנאַכטיקייט.

מעכעלע זאַרעצקי האָט זיך, נישט טויט נישט לעבעדיק, אויפגעריסן פון זיין געלעגער אַ פאַרשלאָפענער, מיט האַרצקלאַפּעניש, איז ער צו עפענען די טיר.

נאָכאַמאָל האָט זיך צעבייזערט דאָס כריפּענדיקע קול אויף יענער זייט טיר:

— אָטקריוואַי! ביסטראָ! אָטקריוואַי!

אין צימער האָבן זיך אַריינגעריסן דריי פאַרשוינען, מיליטעריש אָנגעטאָן און באַפוילן:

— גיך זיך אָנטאָן, נעמען די זאַכן און היידאַ!

אַ סקרוך איז דורך איבער די ביינער. פון די געשרייען האָט זיך אויפגעכאַפּט דאָס אָנדערטהאַלבן יעריק מיידעלע. זיין ווייב ריווטשע, איז אַרויס מיט אַ געכליפּעריי.

---

[1] לעדער־זאַוואָד.

[2] עפן, שנעל!

אין געציילטע מינוטן איז פּאַרטיק געוואָרן דאָס פּעקל, איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע. זאַרעצקי מיט זיין ווייב און דאָס קינד אויף דער האַנט זענען אַרויס אין דער נאַכטיקער קילקייט באַגלייט פון דריי מיליטער־לייט, באַוואָפנט מיט ביקסן.

אַ פריש קיל יוני־ווינטל, האָט אַרומגעהילט דאָס נאַכטיקע שווייגן. פון ערגעצווו האָבן זיך צעבילט הינט אויפן אָפּהילך פון די באַשטיוולטע טריט.

דער וועג האָט זיך פאַרנומען צום וואָקזאַל.

זאַרעצקי האָט מיט די פאַרנעפּלטע אויגן, אינגאַנצן אַ מבולבלער אַרומגענומען די פאַרשלאָפענע געסלעך, געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויף צוריק. דאָס קינד אויף דער מוטערס האַנט האָט שטיל געכליפּעט...

* * *

אויף אַ זייטיקער באַן־ליניע, פאַרוואָרפן הינטערן באַן־דעפּאָ, זענען געשטאַנען עטלעכע משא־וואַגאָנען. אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געזעסן אַ זעלנער מיט אַ רויטער אָקאָלאָשקע און שנעל פאַרשריבן די נעמען פון די געבראַכטע פון דער גאַנצער שטאָט. אַ רויטאַרמייער מיט אַ ביקס האָט די פאַררעגיסטרירטע אַריינגעשטופּט אין וואַגאָן אַריין און צוגעהאַמערט די טיר.

פון אַלע גאַסן זענען זיי געגאַנגען — איינציקע און גרופּנווייז — אונטערן קאָנוואָי אַהער, צום לאַנגן צוג.

די פאַרמאַכטע וואַגאָנען זענען געשטאַנען פאַרטייעטע אין דער פינצ־טערניש פון דער נאַכט. אין דער דושנער היץ זענען צענדליקער גופים געלעגן אויסגעצויגן אויף די נאַרעס מיטן געפּעק לעבן זיך.

מעכעלען האָט ביים אַריינגיין אין וואַגאָן אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז אַן איבל פון שווייסיק־זויערלעכער דושנעקייט און עס האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרצן. אַ רעזיגנירטער איז ער אַנידערגעפאַלן אויף זיין פּעקל און זיך שטיל צעכליפּעט. דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן, האָט ער דערפילט אויף זיינע באַקן אַזעלכע געזאַלצענע טרערן. זיי זענען אים גערונען איבער די ליפּן און גאָמבע:

— שוין אַ סוף — האָט ער אויסגעצישעט אין דער גופים־מאַסע — זיי האָבן אונדז אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין.

* * *

מעכעלע זאַרעצקי איז אַנטלאָפן פון וואַרשע ביים אויסברוך פון דער מלחמה. זיך קוים מיטן לעבן געראַטעוועט דורך אַלע אומוועגן מיט ווייב און קינד. ריזיקירט ביים אַריבערגיין די גרענעץ און זיך אַריינבאַקומען אַהער אין דער מערב־ווייסרוסישער שטאָט, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי.

דאָס לעבן אין די פאַרנומענע געביטן האָט זיך שוין סטאַביליזירט. די מלחמה איז אָבער נאָך געגאַנגען אין פולן ברען. דער דייטש האָט מאַרשירט פאָרויס, אַריין אין בעלגיע, פראַנקרייך, אַראָפּגעלאָזט דעסאַנטן און דאָ אין אַלע פּוילישע ראַנדשטעט און שטעטלעך אָנגעלאָפענע פון פּליטים, קומט פאַר אַ רעגיסטראַציע: — ווילסטו בלייבן דאָ, אָדער פאָרן אַהיים?

— אַהיים צום דייטש? — ניין. אָבער דערלויבט מיר צו ברענגען אַהער מיין פאָטער און מוטער — האָט זיך זאַרעצקי געבעטן אין רעגיס־טראַציע־אַמט.

— דאָס קאָנען מיר נישט טאָן — איז געפאַלן אַן ענטפער פון אַ באַאַמטן.

מעכל זאַרעצקי האָט נישט געוואָלט רעזיגנירן פון זען אַמאָל זיינע עלטערן, זיינע ברידער און שוועסטער, קרובים און פריינט, וועלכע זענען געבליבן אויף יענער זייט, האָט ער באַשלאָסן:

— איך וויל אַהיים! צוריק אַהיים!

איז אָט האָט ער די היים דאָ, אין פאַרהאַמערטן וואַגאָן...

עס קלינגט אים אָפּ אין די אויערן דער ענטפער פונעם זעלנער בעת מען איז אים געקומען נעמען: — האָסט געוואָלט אַהיים, פאָרסטו אַהיים...

אין דער טונקלקייט האָבן זיך אויסגעשיילט די סילועטן פון די מיט־ברידער אין דער צרה — אַ גרויסער עולם. דער גאַנצער וואַגאָן אָנגע־

פראָפּט ביז איבער די ברעגן. אַלץ ליגט רעזיגנירט און צעבראָכן, מיט אַ פולן קאָפּ טראַכטענישן און שווערע דאגות.

— ווו וועלן זיי אונדז פירן? וואָס וועלן זיי מיט אונדז טאָן?

אַ פרוי האָט געטענהט אין דער וואַגאָן־טונקלקייט:

—איצט קאָן מען שוין זיין רואיק. אויס מיט דער גריזשעניש אַהער־אַהין. איינמאָל פּטור געוואָרן און שוין.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט געסאָפּעט שווער, זיך לאַנג געגרייט צו דער נסיעה. מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן די וואַגאָנען, גערירט פון אָרט און זיך געלאָזט אין וועג אַריין, אין לאַנגן, ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג.

# פּליטים אויף די וועגן

מען פאָרט...

די וואַגאָנען זענען פאַרריגלט אויף שלאָס. בלויז דאָס קליינע פאַר־קראַטעוועטע פענצטערל אין דער וואַנט וואַרפט אַריין קאַרגע שטראַלן ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון. אַ פריש ווינטל גלעט מחיהדיק דאָס פנים. מעכעלע האָט זיך צוגעקריגן צו דער פענצטער־עפענונג. ער שטייט מיט אַ פוס אויף עמעצנס געפעק און קוקט אַרויס. ער באַטראַכט מיט די בליקן דעם אַרום און וויל דערגיין אין וועלכער ריכטונג דער צוג גייט.

— זיכער נישט אַהיים — האָט ער שטיל פאַר זיך אָפּגעזיפצט — מען פירט אונדז צו די ווייסע בערן. ער וועט עס איר נישט זאָגן, ריווו־טשען. נאָך וואָס דאַרף זי זיך שוין עסן. ער איז אַנידערגעפאַלן אויף דער נארע שטיל און רעזיגנירט ווי אַ געקוילעטער האָן.

ביסלעכווייז האָט דער עולם אין וואַגאָן געגומען קומען צו זיך. מען האָט זיך אָנגעהויבן באַקענען איינער מיטן צווייטן. זיך נאָכגעפרעגט פון וואַנען מען איז און ווען מ׳איז געוואָרן אַרעסטירט. אַלע, ווייזט זיך אַרויס, זיצן דאָ פאַר איין חטא: פאַר וועלן קומען צוריק אַהיים. ווער עס האָט אויף יענער זייט געלאָזט אַ פרוי מיט קינדער, ווער אַ מאַן, ווער אַ גע־ליבטן, טאַטע־מאַמע, קיינער האָט נישט געוואָלט רעזיגנירן, ווערן איב־גאַנצן אָפּגעריסן פון זיי, בלייבן עלנט, אין דער פרעמד. נו, איז דאַרף מען אָפּקומען פאַר אָט די זינד.

אין דער צרה הייבט מען אָן ווערן צוגעוווינט צו זיך. ווערט שוין אייגן די גרילצערייַ פון די רעדער, די נאַרעס און איינער מיטן צווייטן ווערט באַפריינדעט. ווער ווייסט אויף ווי לאַנג און ווו דער גורל וועט פאַרוואַרפן.

דער צוג רייסט זיך מיט אימפּעט, אָן אָפּהאַלט. גייט זיין גאַנג אין דער אומבאַוווסטער ווייט אַריין און פירט אין זיינע אינגעווייידן פּליטים, אַ נייע קאַטעגאָריע קרבנות, יידישע פּליטים. אַרויסגעשלעפּטע פון וואַ־

רעמע היימען, פֿאַרוואָרפֿן אין נייע שטעט, אָן אויסזיכטן אויף מאָרגנדיקן טאָג און איצט טיילן זיי איין גורל: אַן אומבאַוווסטער וועג.

דער עשאַלאָן האָט דעם גאַנצן טאָג אינערגעץ זיך נישט אָפּגעשטעלט. דער עולם איז געזעסן אָן ברויט און אָן וואַסער. דער וואָס איז געווען קליגערער, און אין דער נאַכטיקער בהלה וואָס נישט איז פֿאַרכאַפּט האָט צוגעביסן, די אַנדערע זענען געזעסן און געקוקט מ׳ט קנאה יענעם אין מויל אַריין.

דער ערשטער סימפּטאָם פֿון פּליטים־לעבן: הונגער.

קינדער אויף די נאַרעס וויינען אין כאָר. בעטן עסן, אַ טרונק, מאַמי־שע הערצער ווערן אויסגעריסן. צו וועמען שרייען אין די פּוסטע פֿעלדער און פּראַביי־יאַגנדיקע וועלדער? מישט זיך אויס דער האַרצרייסנדיקער גע־וויין פֿון די יונגע עופֿהלעך מיטן רעדער־געטראַסק אין איין גרויסן אומ־ענדלעכן טרויער־מאַרש, וואָס לעכערט דעם מוח.

די נאַכט איז צוגעפֿאַלן. יונגוואַרג אויף די נאַרעס האָט זיך באַקענט, זיך צעשמועסט. פֿון נודנעקייט און אומהיימלעכקייט האָבן זיך צעגאָסן שטילע, פֿאַרבענקטע יידישע ניגונים, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך די וואַגאָן־ווענט אין דרויסן אַרויס, איבער די אומבאַקאַנטע רוסישע ווייטן.

דער וואַגאָן זינגט אויס זיין ערשטן הונגער־ און דורשט־געזאַנג. מען פֿאַרגעסט אַ ווייל ווו מען געפֿינט זיך. אָבער בלויז אַ ווייל. דאָס רוישן און קלאַפּן פֿון די רעדער דערמאָנט, וועקט אויף און ניכטערט גלייך אויס.

דער לאָקאָמאָטיוו סאָפּעט און פֿרייכט און וואַרפֿט אַריין קנוילן רויך אין די קליינע פֿאַרקראַטעוועטע פֿענצטערלעך.

צו פֿאַרגעסן זיך און פֿאַרוויגן דעם הונגער זינגט די יוגנט העכער. שטילט אים איין מיט פֿאַרבענקט געזאַנג. די קליינע קינדערלעך אויף די נאַרעס וויינען אַריין אין דער נאַכט זייער נאָגנדיקע הונגעריקייט. די יונגע שלינגען אַראָפּ די טרערן אין דער שטיקעניש און ענגשאַפֿט פֿון וואַגאָן.

דער עשאַלאָן טראָגט זיך אין וועג לויט זיין אָנגעצייכנטן מאַרשרוט, אָן אָפּרו, אָן אָפּהאַלט, שפּאַלט דעם חושך פֿון דער נאַכט און שלינגט די

שטחים אַלץ גיכער און גיכער. דער צוג האָט געשניטן די ברייטע רחבותן פון מאַטושקאַ ראַסיי. דער עולם האָט געשלונגען מיט די אויגן די נייע פייזאַזשן, די נישט ענלעכע צו דער היים, נייע מענטשן, נייע פנימער קוקן מ׳יט אַרויסגעסטאַרטשעטע אויגן, קוקן נאָך דעם צוג און דערנענטערן זיך נישט צו די פליטים־וואַגאָנען, בעת מ׳ען בלייבט שטיין צו נעמען ברויט און זופּ.

דער עולם האָט זיך צוגעוווינט צו די צרות. די קינדער האָבן זיך באַרואיקט און שטיפן אַרום איבער דעם וואַגאָן. דאָס פאָרן איז לייכטער געוואָרן. מ׳ען קאָן שוין עפּענען אַ טיר אינמיטן געלויף פון צוג און שעפּן ברחבותדיק לופט.

מען פאָרט אַלץ ווייטער און ווייטער. די טעג ציען זיך ווי שפּינוועבס, איינער ענלעך אויפן אַנדערן.

* * *

אין אַ מיטן נאַכט, איז דער לאַנגער עשאַלאָן געבליבן שטיין. פון אַלע זייטן איז ער אַרומגערינגלט געוואָרן פון זעלנער מיט גרינע היטלען. פויערשע פורלעך זענען געשטאַנען גרייט אויפצונעמען די פליטים.

אַ גרויסער אומהיימלעכער שוואַרצער וואַלד האָט איינגעשלונגען דעם עשאַלאָן. פונדערווייטנס האָט מען געזען אייניקע נידעריקע הייזלעך.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט איבערגעלאָזן דריי וואַגאָנען און ווייטער אַוועק אין געאייל.

מעכעלע זאַרעצקי איז געשטאַנען אויף די שינעס. באַטראַכט דעם אַרום און געוואַרט אָפּגעפּירט צו ווערן אין זיין נייעם ווינאָרט.

גאָר נאָענט האָבן זיך געצייכנט די קאָנטורן פון גראָע באַראַקן אויס־געשטעלט אין אַ ריי. עס איז צוגעקומען אַ מיליטערמאַן און אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אויסגעשריגן צו די פליטים:

— דאָ איז אייער אָרט. דאָ וועט איר אַרבעטן און לעבן. פון דאַנען איז שוין קיין צוריקוועג נישטאָ. דאָ וועט איר שוין פאַרבלייבן אויף אייביק!

דער עולם האָט זיך אָנגעקוקט איינס ס׳אַנדערע מיט אויגן פאַרלאָ־פענע פון טרערן.

— איר געפינט זיך אין פּאָסיאָלאָק לוגאָוואָי, אין אַרכאַנגעלסקער אָבלאַסט. ווייטער ווי הונדערט מעטער פון אייער באַראַק טאָרט איר נישט אַוועק. ווער ס׳וועט זיך נישט צופּאַסן וועט ווערן דערשאָסן. פּאָניאַלי? [3].

אַ סקרוך איז אַלעמען אַדורך איבערן לייב. די נאַכטיקע קעלט האָט אויפגעשווידערט אין די ביינער.

איינציקווייז האָבן די פּליטים פאַרגרוזעוועט זייערע מאָגערע פּעקלעך אויף די קליינע פויערישע וועגעלעך און צוגעפאָרן צו זייערע באַראַקן.

געענדיקט די רייזע.

אַן אָנהייב פון אַ ניי לעבן אין דער אומבאַוווסטקייט. אין אַלעמענס אויערן האָבן נאָך געגרילצט די האַמעטנע ווערטער פון דעם רוסישן מי־ליטערמאַן.

— איר וועט שוין דאָ פאַרבלייבן אויף אייביק! יאָ, פאַרבלייבן אין דער גרויסער אימהדיקער וואַלדיקייט, וואָס האָט זיך שוואַרץ געפלעקט הינטער די באַראַקן און פאַרצוימט דעם וועג צו דער אָפענער פרייער וועלט.

מעכעלע מיט ריוווטשען, וואָס האָט נישט אַראָפּגעלאָזט דאָס קינד פון דער האַנט, האָבן נאָכגעשפּאַנט נאָך זייער וועגעלע צום באַראַק.

די סירענע פון דער גרויסער וואַלד־אונטערנעמונג, האָט זיך צעוואָ־יעט און מיט טויזנטער עכאָס אָפּגעשלאָגן אין דער חושכדיקער טיפקייט פון די אוראַלטע פאַרוואַקסענע וועלדער פון אַרכאַנגעלסקער אָבלאַסט אין דעם ווייטן צפון.

---

[3] פאַרשטאַנען?

# ערבֿ פּסח

עס האָט זיך אונטערגערוקט דער פּסח פֿון יאָר 1941. דער ערשטער פּסח אויף פֿאַרשיקונג.

די גרויסע פֿרעסט האָבן נאָך גוט געסמאַליעט. דאָס טייכל האָט נאָך נישט געטראַכט אַרויסצוכאַפּן זיך פֿון דער ווינטערדיקער איינגעקאָוועט־קייט. מ׳איז נאָך געגאַנגען אָנגעפּעלצט און אַרומגעוויקלט מיט די שמאַטעס, אָבער אין יעדנס נשמה און האַרץ האָט דערוואַכט אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג און אַלץ האָט געגאַרט און געוואַרט אויף אַ גוטער בשורה, אויף באַפֿרייאונג.

די פֿרומע יידן פֿון אַלגעמיינעם באַראַק, דאָס רובֿ גאַליציאַנער, צווישן זיי אַ סך חסידים, האָבן אין דער שטיל זיך געגרייט, ביי די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען צו פֿייערן אויף אַ יידישן שטייגער דעם פּסח, ער זאָל זיין אויף אַן אמת פּסחדיק. אין די זונטיקן, האָט מען זיי געזען איינגעשפּאַנט אין שליטעלעך פֿאָרן אין די אַרומיקע קאָלכאָזן נאָך קאַרטאָפֿל. ווער ס׳האָט נאָר באַקומען אין אַ פּעקל אַביסל מעל האָבן זיי געצאָלט יעדן פּרייז און עס אויסגעקויפֿט. מ׳האָט געפֿילט, אַז דער גאַנצער באַראַק פֿיבערט אין דערוואַרטונג פֿונעם גרויסן יום־טובֿ.

ווער ס׳האָט געהאַט אַ געניט אויג האָט געקאָנט באַמערקן די גרויסע שינויים, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אינעם באַראַק.

אָבער אויך די נישט־פֿרומע, האָבן געזוכט מיטלען און געמאַכט אָנשטרענגונגען מ׳יט וואָס ס׳זאָל נישט זיין אויסצוצייכענען די דאָזיקע פּסח־טעג פֿון די קאָלעמוטנע גראָע טעג פֿון גאַנצן שווערן ווינטער אויפֿן פֿאָסיאָלאָק.

שטיל און מאָנאָטאָן האָט זיך צעוואָיעט די סירענע, וואָס האָט גערופֿן צו דער אַרבעט אין גראָען באַגין. דער גודאָק[1] האָט אַלעמען אַרויס־

---

[1] פֿאַבריק־סירענע.

## ב. טערקעל

געריסן פון שווערן שלאָף. מידע און גענעצנדיקע האָבן זיך געצויגן רייען צו דער לעסאָ־בירזשי [2].

דער אַלטער 60־יאָריקער ר׳ משה האַלבערשטאַם, האָט בנעימותדיק געשפּאַנט מיט דער זעג אויף דער פּלייצע איבערן סקריפּנדיקן איינגע־פרוירענעם שניי. ער האָט שטיל פּאַר זיך, אונטערגעברומט אַ הייטער ניגונדל. דער אַלטיטשקער איז היינט געווען מער אויפגעלייגט, אויף זיין פּנים האָט געשוועבט אַ נחתדיק שמייכעלע.

ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט מיט זיין נאָפּאַרניק [3] יאַנקל מאַרגאַליס — אַ בחור פון דער אָפּשעזשיטשע [4] — ביי דער סטאָיקע [5] און ציענדיק די זעג הין־און־הער אין דער טיף פונעם בוים, האָט ער שטיל איבער־געגעבן, מאַרגאַליסן:

— מיר האָבן שוין, ברוך השם, אַריינגעשלעפּט דעם פּסח אין באַ־ראַק. די ווייבער האָבן אין די נעכט, ביי פאַרשטעלטע פענצטער, געבאַקן מצות אויפן אייוועלע. וויין אויף ארבע כוסות האָבן מיר זיך שוין פאַר־זאָרגט פון סאַמע זומער אָן. אַ גאַנצן זומער האָבן מיר געקליבן יאַגדעס און מאַלינעס און פאַרשאָטן אין פלעשער און אויב גאָט וועט וועלן, וועלן מיר היינט פייערן די ערשטע סדר־נאַכט.

די זעג האָט ווי צוגעשפּילט צו דער פרייד פונעם אַלטן ר׳ משה, מען האָט געפילט, אַז זי איז געגאַנגען ווי געשמירט און אַז דער דאָזיקער שוואַכער, צעבראָכענער און פאַרפייניקטער אַלטיטשקער קאָן היינט וועלטן איבערקערן. בלויז אין האַרצן האָט נאָך באַהאַלטן געלויערט די מורא פאַר דער היינטיקער נאַכט, טאָמער וועט דער קאָמענדאַנט זיך דערוויסן, אַז היינט איז פּסח און ער וועט פּרוּוון שטערן דעם סדר...

ביידע זעגער האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סטאָיקע און זיך געוואָרעמט אין די קאַלטע זון־שטראַלן. ביי אַלע אַרבעטער האָט מען היינט אַרויסגעפילט אַ יום־טובדיקע שטימונג. די זעגן האָבן זיך פאַראייניקט אין

[2] האָלצקאָמבינאַט.

[3] מיטזעגער פון דער צווייטער זייט.

[4] צוזאַמענוווינונג.

[5] ספּעציעלער געשטעל צו זעגן האָלץ.

איין קלינגענדיקן כאָר. אויף פאַרשיידענע קולות און קלאַנגען האָבן זעג צו זעג זיך אָפּגעענטפערט מיט שטאָלענער שאַרפקייט: היינט איז יום־טוב! דער גרויסער יום־טוב פון באַפרייאונג; היינט איז פסח אויף דער וועלט...

מיט רעשיקן טעמפּאָ האָבן אָפּגעהילכט די אַריינגעוואָרפענע קלעצער אין די וואַגאָנען. אויך די גרוזטשיקעס [6] האָבן זיך צעהוליעט אין דער אַרבעט און געטראַסקעט די קלעצער מיט זאַרגלאָזער ווילערישקייט און אימפּעט, ווי זיי וואָלטן איינער דעם אַנדערן געוואָלט איבערשטייגן, אי־בעריאָגן אויף אַ סטאַכאַנאָווישן אופן. די גאַנצע ליעסאָ־בירזשי האָט גע־קאָכט און געזאָדן ווי מיט באַנייטע כוחות.

* * *

אַ שטילע און צניעותדיקע האָט די אייז־קאַלטע זון באַפּערלט די איינ־געקאָוועטע שנייאיקע ערד מיט פרישן טוי, זיך געצירט מיט שניי־פליטער־לעך לכבוד יום־טוב.

דער גודאָק האָט ענדלעך זיך צעוויגט מיטן אָנזאָג, אַז דער אַרבעט־טאָג איז געענדיקט, זיי דערלויבט צו וואַרפן די אַרבעט און גיין מקבל־פּנים זיין דעם גרויסן יום־טוב. דאָס סקריפּעדיק־הייזעריקע קול פון גודאָק האָט היינט, ווי נאָך קיינמאָל נישט, אַזוי פריילעך געפּייפט און זיין עכאָ האָט אָפּגעשלאָגן ווייט אין דער טיפעניש פון די אַרומיקע שטאַרע אור־אַלטע וועלדער.

מיט מונטערע טריט האָבן די פאַרשיקטע געשפּאַנט מיט זעגן און העק אויף די פּלייצעס. עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק ווי די גאַנצע מחנה וואָלט זיך אַריינגעלאָזט אין שגעונדיקן טאַנץ.

ביים אַלגעמיינעם באַראַק זענען די עלטערע פרויען געשטאַנען אַרומ־געבונדן די קעפּ מיט טיכלעך. געשייערט און געוואַשן און געסקראָבעט די טישן מיט די בענק, געלופטערט די מאַטראַצן. דאָ האָט זיך געפילט דער ערב־פּסח ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן אינדערהיים.

די זון האָט זיך אָנגעהויבן צו דערווייטערן פון פּאָסיאָלאָק, לייכט אַ

---

[6] אַרבעטער וואָס פאַרלאָדן דאָס האָלץ אין די וואַגאָנען.

## ב. טערקעל

גלעט געטאָן די באַשינדלטע באַראַקן־דעכער און זיך אָפּגעטראָגן אויף אַראָפּ. פריער איבער די ביימער־קרוינען, און נאָכדעם אַלץ ווייטער אַרונ־טער, איבערגעבנדיק די מאַכט דער נאַכטיקער איינגעפרוירענער שטילקייט.

* * *

עמעצער האָט וואַרשיינלעך צוגעטראָגן דעם קאָמאַנדאַנט שוואַריאָוו, אַז היינט גרייטן זיך די יידן צו פייערן אַ גרויסן פראַזדניק [7]. תיכף האָט זיך אַרויסגעלאָזט דער געהילף־קאָמענדאַנט פּאָפּאָוו און דער באַפולמעכ־טיקטער אַלעקסאַנדראָווסקי [8] איבער די באַראַקן און גערופן אַלעמען אין בנין פון דער שקאָלע אויף אַ דרינגנדיקער סאָבראַניע [9].

— אַלע מוזן קומען! קיינער טאָר נישט פעלן! — האָט פּאָפּאָוו באַ־פוילן שטרענג. — פאַר נישט קומען דראָט אַ גרויסע שטראָף!

אַ פחד איז געפאַלן אויף אַלעמען. מ׳האָט געפילט בחוש, אַז היינט וועט מען שוין גלאַט נישט אָפּשניידן.

גרופּנווייז איז דער עולם אָנגעקומען אין דער שקאָלע. דער קאָמענ־דאַנט האָט זיך שוין דאָ אַרומגעדרייט אַ בייזער און צאָרנדיקער. דאָס בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין און פאַרדעקט מיט דורכזיכטיקער רויטקייט זיין אָנגעגאָסענעם גלאַט־אונטערגעשוירענעם קאָרק.

אַלע זענען געזעסן שטיל מיט אַ פאַרכאַפּטן אָנגעשטרענגטן אָטעם, און געוואַרט מיט אומגעדולד.

קיינער האָט כמעט נישט געפעלט פונעם דערוואַקסענעם עולם. די צוויי פליגל־אַדיוטאַנטן, פּאָפּאָוו און אַלעקסאַנדראָווסקי, זענען געשטאַנען שטאַר אָנגעצויגן, און הכנעהדיק געקוקט שוואַריאָוון אין מויל אַריין, וואַרטנדיק אויף זיינע באַפעלן.

— גראַזשדאַני! [10] — האָט שוואַריאָוו אַרויסגעפּלאַצט און די נאָז־

[7] יום־טוב.

[8] ענקאַוועדיסטן.

[9] פאַרזאַמלונג.

[10] בירגער.

לעכער האָבן מיט רוגזה ביי אים געציטערט — די סאָוויעטסקי וולאַסט [11] ווייסט אַלץ. פאַר אונדז זענען נישטאָ קיין פאַרבאָרגענע זאַכן, פּאָניאַט־נאָ! [12] — האָט ער צוגעקלאַפּט מיט זיין געקאָוועטן שטיוול אין דיל. די העל־בלאָנדע טשופּרינע, וואָס האָט כמעט אַריינגעשלאָגן אין אַ רויטקייט, האָט זיך געריסן בייז און זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן, דאָ פאַרדעקנדיק אים אַן אויג, דאָ אַראָפּגעשלייכט אויף אַן אויער. די צורה איז נאָך רויטער געוואָרן ווי דורכגעשלאָגן מיט אַ בלויקייט.

— מי וסיאָ זנאַיעם [13], מיר זענען נישט קיין מאַלטשישקעס! [14] ביי אייך איז היינט אַ גרויסער פּראַזדניק, פּאַסכאַ [15]. מיר ווייסן צו גוט אייערע מאַכינאַציעס. איר האָט זיך צוגעגרייט צום יום־טוב קאָנספּיראַטיוו, און ביי אונדז איז עס פּאָ־זאַקאָנו [16] פאַרבאָטן. מיר פייערן שוין לאַנג נישט די רעליגיעזע פּראַזדניקעס. ביי אונדז זענען פאַראַן ליכטיקע ימים־טובים, פריידיקע פאַרן גאַנצן פאָלק. מיט קיין זאַבאָבאָנעס פאַרנעמען מיר זיך נישט. פּאָניאַטנאָ!

זיין שטים האָט געדונערט און זיך אָפּגעשלאָגן אין די ווענט.

דער עולם איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אַרום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. עס האָט זיך בלויז געהערט דער האַסטיקער טיק־טאַק פון די פאַרצערטע הערצער.

— פּאָניעמאַיטיע, ניע לזיאַ [17], איר האָט נישט קיין רעכט צו פּראַווען קיין יעווריעיסקי פּראַזדניקעס [18], וואַרפט אַוועק די אַלטע זאַבאָבאָנעס. איר זענט אין אונדזער רשות און איר דאַרפט בלויז אויספילן אונדזערע פּריקאַזן און באַלשע ניטשעוואָ! פּאָניאַטנאָ! [19]

---

[11] די סאָוויעטישע מאַכט.

[12] פאַרשטאַנען.

[13] מיר ווייסן אַלץ.

[14] יינגלעך.

[15] פּסח.

[16] לויטן געזעץ.

[17] מען טאָר נישט.

[18] יידישע ימים־טובים.

[19] מער גאָרנישט, פאַרשטאַנען.

ער האָט זיך פֿאַפּראַוועט דעם פּאַסיק, געעפֿנט דעם שנאָל און איינ־געצויגן דעם רימען פעסטער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך ערשט רעכט אונטער־געגאַרטלט צו אַ שווער שטיקל אַרבעט, געוואָרפֿן אַ בליק איבערן עולם, דורכדרינגענדיק, שפּיזיק און ווייטער אַ דונער געטאָן מיט זיין כריפּעדיקן קול:

— איר זענט אַ פֿאָלק פֿון ציגיינער און סאַמאָיעדן [20], איר האָט נישט קיין רעכט אויף קיין פּראַזדניקעס. איר דאַרפֿט פֿאַרגעסן אייערע אַלטע געוווינהייטן. איר ווילט נאָך אַלץ נישט אויספּאַקן אייערע טשעמאָדאַנעס. איר האָט נאָך אַלץ נישט קיין חשק זיך איינוואָרצלען אין היגן לעבן. פֿאַר־געסט אויף אייביק אייערע היימען. דאָ זענט איר געקומען אַרבעטן, דאָ וועט איר לעבן און דאָ וועט איר אומקומען, פּאָניאַטנאָ!

אַ מעכטיקער אויפֿברויז פֿון ווייטיק און באַליידיקונג האָט דורכגענו־מען דעם עולם. יעדער איז געזעסן ווי אויף גליענדיקע קוילן. עס האָט זיך געפֿילט, אַז דאָ וועט אויסברעכן אַ שטורעם און ווער ווייסט צו וואָס עס קאָן דערגיין.

ס'האָט זיך אויפֿגעריסן פֿון זיין אָרט דער אַלטער 70־יעריקער ר' שמעון ראַפּאָפּאָרט, און ווי נישט מיט זיין קול גענומען העשען:

— גראַזשדאַנין קאָמענדאַנט, — האָט ער אָנגעהויבן וואַרפֿן ווער־טער — איך בין שוין אַן אַלטער. איך האָב שוין נישט קיין מורא פֿאַר גאָרנישט. איך וועל שוין גאָרנישט פֿאַרלירן און איך זאָג דיר: קאַק טיע־ביע ניע וסטידנאָ [21] צו רעדן אַזוי צו קינדער פֿון אַן אַלט פֿאָלק! מ'יר זענען נישט קיין ציגיינער און מענטשן־פֿרעסער, מיר האָבן געהאַט אַ לאַנד און אַ היים און מיר וועלן זי נאָך האָבן צוריק. מיר האָבן שוין גענוג גרוילן איבערגעלעבט. אונדזער גייסט האָט קיינער נישט איינגע־בראָכן. מיר וועלן זיך זשאַלעווען [22] אויף אייך, גראַזשדאַנין קאָמענדאַנט צו דער העכערע מאַכט, וואָט־טשטאָ, עס איז נאָך דאָ אַ זאַקאָן [23] —

20 מענטשן־פֿרעסער.
21 וויאַזוי שעמסטו זיך נישט.
22 זיך קאָלגן.
23 אַ געזעץ.

האָט דער אַלטער דראָענדיק געשריגן אַ בייזער און אויפגעבראַכטער, ווי נישט מיט זיין קול.

שוואַריאָוו איז געשטאַנען אַ צעקאָכטער. ער האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט פון רציחה. די קאָלירן אויף זיין פּנים האָבן זיך געביטן, אָט אין רויט, אָט אין בלוי, און אָט איז ער געוואָרן בלייך ווי קאַלך. די פיס אונטער אים אין די באַפּאָדקאָוועטע שטיוואַלעס האָבן נישט גערוט.

— ראַסכאָדיטיעס, מערזאַווצי, סוקיני־סיני! [24] — האָט ער אָנגעהויבן שרייען — אַ טי, סטאַרי דוראַק [25] — האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צום אַלטן ראַפּאָפּאָרט, וועלכער איז געשטאַנען ווי עקזאַלטירט אין אַ ווינקל און רואיק געשמייכלט — אידי וו'קאַרצער [26].

תיכף זענען צום אַלטן ר' שמעון צוגעלאָפן די טרייע משרתים, פּאָפּאָוו און אַלעקסאַנדראָווסקי, און אים צוגענומען פון זאַל. שוואַריאָוו איז אַרויס אַ צעקאָכטער מיט אַ ווייסער שוים אויף זיינע גראָבע באַפּליישטע ליפּן, אַ קנאַק טוענדיק מיט דער טיר, אַז די ווענט האָבן זיך צעטרייסלט.

* * *

אַ צניעותדיקע, אַ פאַרשעמטע, האָט זיך די לבנה אַרויסגעשלייכט אַ פאַרוויטלטע פון צווישן די ביימער־שפּיצןביים ראַנד פון געדיכטן וואַלד, זיך בנעימותדיק שפּאַצירט, אַרומגערינגלט מיט מיליאָנען מיליאַסן שטערן, תמימותדיק זיך ארומגעקוקט, געוואָרפן בליקן אין פאַרשטעלטע האַלבטונקעלע באַראַקן־פענצטערלעך, געקוקט אויף די פּליטים וואָס זענען געזעסן פאַרוואָגלטע און פאַרשטויסענע, אָנגעשפּאַרטע אויף צונויפגערוקטע בעטלעך, און שטיל געזאָגט:

— מה נשתנה? פאַרוואָס איז די נאַכט ערגער ווי אַלע אַנדערע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר? אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר, דאָ אויפן פּאָסיאָלאָק, זענען מיר געזעסן פאַרבענקטע, פאַרדמיונטע און געטראַכט וועגן טאָג פון באַפרייאונג, און היינט לויערט אויף אונדז אַ שונא און לאָזט אונדז נישט

[24] זיך פאַנאַנדערגיין, הינטישע זין.
[25] דו אַלטער נאַר.
[26] גיי אין קאַרצער.

רואיק זיך קוויקן מיט חלומות, דערמאָנען אַלטע פאַרגאַנגענע צייטן, אין וועלכע מיר קאָנען געפינען אַ טרייסט אין דער היינטיקער שווערער פאַרשקלאַפטער צייט.

דער אַלטער האַלבערשטאַם האָט קיינעם נישט געלאָזט פרעגן די דאָזיקע האַרבע קשיה. אַליין האָט ער זי געפרעגט און אַליין געענטפערט, זיך באַוואַשנדיק מיט הייסע זודיקע טרערן, וואָס האָבן טראָפּנווייז געקאַפּעט פון זיינע אויגן און אויסגעווייקט די האַרטע, האַלב־שוואַרץ פאַרברענטע מצות, וואָס די באַלעבאָסטעס האָבן געבאַקן מיט גרויס מי אין די לאַנגע נעכט.

— עבדים היינו לשוואַריאָוו, בפּאָסיאַלאָק לוגאָוואָי [27] — האָט ער געזאָגט כליפּענדיק — העלף אונדז אַרויס, רבונו של עולם, ראַטעווע אונדז פון דעם עמלק וואָס האָט זיך אָנגעזעצט און וויל אונדז פאַרניכטן מיט שווערער אַרבעט, אומברענגען אין פּיין...

די טיר האָט זיך מיט אַ ווילדער קראַפּט אויפגעריסן אין דער גאַנצער ברייט, צוזאַמען מיט שניידיקן ווינט, האָבן זיך אַריינגעריסן ווי וואַלד־גזלנים מיט אָנגעצונדענע רויט־צעפלאַמטע פּנימער שוואַריאָוו מיט זיינע געהילפן. אין זיין צעיאַכמערטקייט האָט ער זיך נישט געקאָנט באַהערשן. ער איז צוגעלאָפן צום טיש און מיט איין אָטעם־צוג אויסגעלאָשן די אָנגעצונדענע יום־טוב־ליכט, אַראָפּגעריסן דעם שניי־ווייסן ליילעך, וואָס האָט געדינט פאַר אַ טישטוך, און דער געבראַזג פון די צעבראָכענע גלעזער מיט ווייַן האָט זיך אַריינגעשניטן אין די הערצער פון די פּוילישע יידן.

אַ צעיושעטער פון כעס האָט שוואַריאָוו געטראָטן מיט די פיס די מצות און באַפוילן זיינע געהילפן מיטצונעמען דעם אַלטן האַלבערשטאַם און אייניקע עלטערע מענטשן פון באַראַק. זיין רציחה האָט ער אויך אויסגעלאָזט צום אַלטן קראַנקן, שטענדיק פאַרהונגערטן יעקב וויגאָדאַ, אים געשטופּט און געשטויסן צו דער טיר אין דרויסן אַרויס:

— אַלע אין קאַרצער אַריין! אָט דאָ וועט איר ביי מיר פּגרן, מערזאַווצי — האָט ער אויסגעשריגן צו די צעשראָקענע אַלטע יידן אינעם

---

[27] קנעכט זענען מיר געווען צו שוואַריאָוון אין פאַרשיקונגס־אָרט לוגאָוואָי.

פינצטערן קעלער און מיט אַ האַסטיקן אָפּהילך פאַרקלאַפּט די טיר פון קאַרצער...

* * *

נאָך לאַנגע, לאַנגע שעהן האָט זיך אין דער האַלב־חושכדיקייט פון דער נאַכט אדורכגעבראָכן דורך די ווענט פון קאַרצער דאָס געזאַנג פון חד־גדיא, וואָס האָט מיט זיין מתיקות זיך אויסגעשפּרייט ווי אַ טלית איבער דער אַרומיקער פּראָסטיקער פּאַנאָראַמע פונעם צעשראָקענעם און פאַרפּייניקטן פּאָסיאָלאָק לוגאָוואָי, וואָס איז איצט געלעגן איינגעזונקען אין שווערן האַרטן שלאָף.

# אַ נאַכט-וויזיט ביי טימאָשענקאָ

אַ קאַלטע פּראָסטיקע נאַכט. דער באַראָמעטער איבערן שטיבל פון דער קאָמענדאַנטור, האָט געוויזן 65 גראַד אונטער נול. די העלע צפון־נאַכט האָט זיך געשפּרייט אַרום די וועלדער און צעוואָרפן סנאָפּעס ווייסע, שניי־בלענדנדיקע ליכטיקייט איבער דער שוואַרצער נאַכט, ווי אומגעזעענע רעפלעקטאָרן וואָלטן געהיים אויפגעשפּיזט יעדן שפּאַן ערד אינעם שטאָרן אַרום.

אין די שוואַך־באַלויכטענע פענצטערלעך פון די באַראַקן, האָט זיך געטונקט דאָס ליכט. אין די פענצטער ביים קאָמענדאַנט האָט אין דער ווייסער נאַכט־ליכטיקייט אַרויסגעבלאָזט דורך די פאַרשטעלטע פענצטער פּאַסן שיין.

ביי חיים גרינשטיינען אינעם באַראַק־צימער, זענען געזעסן אייניקע באַקאַנטע פאַרטאָן אין אַ שמועס. פּלוצים האָט זיך געעפנט די טיר. ס׳איז אַריין דער זאַמעסטיטעל [1] פון קאָמענדאַנט, פּאָפּאָוו, באַגלייט פון נאַטשאַלניק פון דער נ.ק.וו.ד. טימאָשענקאָ.

זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אויפן עולם, זיך לייכט באַגריסט מיט אַ שטילן „גוטנאָוונט" ווי פון יוצא־וועגן:

— ווי לעבט זיך אייך, רעביאַטאַ? [2] — האָט דער שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמענדאַנט אַ שפּאַן געטאָן נענטער אין צימער — איר שלאָפט נאָך נישט אַזוי שפּעט, איר דאַרפט דאָך מאָרגן אויפשטיין פאַרטאָגס צו דער אַרבעט — האָט ער מיט אַ לאַקריצדיק שמייכעלע זיך געווענדעט צו די אַלע אויף די נאַרעס־זיצנדיקע מענטשן.

פּאָפּאָוו האָט מיט הכנעה פאַרגעשטעלט פאַר זיין שעף יעדן איינעם ביים נאָמען, און אים געזאָגט וואָס יעדער איינער טוט.

---

[1] פאַרטרעטער.
[2] חברה.

דער סטאַרשי־לייטענאַנט [3] טימאָשענקאָ האָט זיך אויפמערקזאַם צו־געהערט צו פּאָפּאָווס ראַפּאָרט, און געקוקט אויף אים אַ צופרידענער ווי אַ לערער אויף אַ תלמיד מיט אַ גוטן קאָפּ, אויף זיין באַהאוונטקייט אין דער פּרטיותדיקער קלאָרקייט אין דער לעבנס־געשיכטע פון יעדן איינעם באַזונדער.

אַלע זענען רואיק געזעסן און זיך צוגעהערט צום פאַרדעכטיקטן באַ־ריכט.

— נו, לאַדנאָ, לאָמיר גיין ווייטער — האָט טימאָשענקאָ אַ זאָג גע־טאָן פּאָפּאָוון. לייכט אַ שאָקל טוענדיק מיטן קאָפּ, איז טימאָשענקאָ אַרויס און הינטער אים פּאָפּאָוו.

דער עולם האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

— ווי געפעלן אייך די דאָזיקע וויזיטן? — האָט זיך דער ערשטער אָפּגערופן אין דער אַלגעמיינער שטילשווייגעניש מנשה לעווין — קיינ־מאָל ברענגט נישט קיין גוטס טימאָשענקאָס קומען אַהער צו אונדז מיט זיינע וויזיטן.

און איידער מנשה לעווין האָט געענדיקט זיין באַמערקונג, האָט זיך די טיר צוריק געעפנט. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן פּאָפּאָוו. נישט אַריבערטרעטנדיק די שוועל האָט ער מיט אַ שמייכעלע אַ זאָג געטאָן גרינשטיינען:

— כאַפּ זיך אַריין אין דער קאָמענדאַנטור אין אַ פּופּצן מינוט אַרום... — און איז גלייך פאַרשוואונדן אויף יענער זייט טיר.

אַלע האָבן זיך דערשטוינטע אומגעקוקט אויף גרינשטיינען: — וואָס דאַרף עס הייסן? — חיים גרינשטיין האָט בייז אַ זאָג געטאָן:

— עס הייבט זיך שוין אָן. אוי, ווי זיי זענען מיר דערווידער. איר הערט, חברה, ס'איז מיר שוין אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס לעבן דאָ... נאָך ווייניק די אַרבעט מיט דער ביטערניש, איז דאָס נאָך אַ צולאָג צו די צרות.

---

[3] העכערער אָפיציר.

ב. טערקעל

חיים גרינשטיינס פרוי, האָט אַ צעשראָקענע געכליפּעט מיט אַ שטיל געהעשעריי.

— וואָס ווילן זיי פון אונדז, וואָס פּייניקט מען אונדז אַזוי שטאַרק. די דאָזיקע נאַכט־וויזיטן פאַרשמעלצן נאָך אונדזערע צרות און פּיין.

שטיל ווי אויף אַ בית־עולם איז געוואָרן אין וואָרעם־אָנגעהייצטן צימער. עס האָט זיך מער נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט און מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ איז יעדער אַוועק צו זיך אין באַראַק.

* * *

טימאָשענקאָ איז געזעסן ביים מאַסיוון שרייבטיש און דער קאָמענדאַנט נישט ווייט פון אים ביי דער זייט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. ווי נאָר גרינשטיין איז אַריינגעקומען, איז דער קאָמענדאַנט אויפגעשטאַנען פון אָרט, פאַרשלאָסן די טיר פונעם צימער און דעם שליסל אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

טימאָשענקאָ האָט לייכט אַ נויג געטאָן די צעשויבערטע העל־בלאָנדע טשופּרינע צו גרינשטיינען:

— סאַדיס![4] — האָט ער אים אָנגעוויזן אויף אַ בענקל אייניקע טריט פונעם טיש. דאָס בענקל איז געווען צוגענאָגלט צום אָרט. חיים גרינשטיין האָט זיך אַוועקגעזעצט.

טימאָשענקאָ האָט זיך געגריבלט אין אַ פּאַק פּאַפּירן און נישט אויפגעהויבן די אויגן. גרינשטיין איז געזעסן אַ רעזיגנירטער און געצופּט די שפּיץ־נעגל פון די הענט. דער קאָמענדאַנט האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט שטילשווייגנדיק און הכנעהדיק ווי אַ געטרייער הונט, וואָס וואַכט איבער יעדער באַוועגונג פון זיין באַלעבאָס.

די לאַנגע מינוטן האָבן זיך פאַר גרינשטיינען געצויגן ווי אַן אייביקייט. טימאָשענקאָ האָט איינגעשפּיזט זיינע גרויע מוטנע פאַרוואָסערטע אייגעלעך, און זיין פאַררויטלטער שפּיץ־לאַנגער נאָז האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט זיך גענוג אָנגעשמעקט מיט סאַמאָגאָנקע.

---

[4] זיץ.

גרינשטיין איז געזעסן רואיק און געוואַרט.

— דאַ, דאַ [5] — האָט טימאָשענקאָ געמורמלט נישט אַראָפּנעמענדיק פון אים קיין אויג — איר זענט אַ שווער נישט־דאַנקבאַר פאָלק, אונדזער זאָרג און גוטע באַנעמונג צו אייך העלפט אויך נישט. פריער האָבן מיר אייך באַפרייט און איצט האָט מען אייך אַהערגעבראַכט פון אַזוי ווייט. געגעבן אייך אַלע מעגלעכקייטן און באַדינגונגען פון אַ פריי גליקלעך לעבן אָן זאָרג פאַרן מאָרגן און איר פירט זיך אויף נישט גוט...

גרינשטיין האָט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, וואָס האָט געהאַמערט אין זיין מוח, און ווי מיט שפּיזן געלעכערט זיין האַרץ.

שווערע און לאַנגע מינוטן האָבן זיך געצויגן קלעפּיקע ווי סמאָלע. מינוטן פון פּיין און סאַדיזם. גרינשטיין איז געזעסן אַ רעזיגנירטער און געוואַרט אויף זיין אורטייל.

באַלד איז טימאָשענקאָ איבערגעגאַנגען אויף דו:

— דו ביסט אונדזערס אַ קעגנער און מיט קעגנער גיבן מיר זיך אַן עצה. מיר ווייסן ווי צו טראַקטירן אונדזערס אַ פריינט, אַ שונא רודפן מיר, אין זיין מאַמען אַריין. מיר פאַרניכטן אים. פאַרוואָס אַרבעטסטו נישט? דו עסט אומזיסט סאָוויעטיש ברויט! — האָט זיך טימאָשענקאָ געוואָרפן אַ כעסיקער צו גרינשטיינען איבערן טיש אַריבער.

גרינשטיין האָט געעפנט דאָס מויל צו ענטפערן.

— מאַלטשי! [6] איך רעד איצט...

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און איז צוגעגאַנגען נעענטער צו גרינשטיינען, אים אָנגענומען ביי דער גאָמבע:

— פאַרוואָס בונטעוועסטו די מענטשן אויפן פּאָסיאָלאָק? דו מיינסט מיר ווייסן נישט, וועסט זיך מאַסקירן. אונדזער וולאַסט ווייסט אַלץ. מיר קענען דורכדרינגען אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון יעדנס נשמה.

— גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק, — האָט חיים גרינשטיין אַרויסגעשטאַמלט פון צווישן די ציין — איך אַרבעט נישט ווייל איך בין קראַנק

---

[5] יאָ.

[6] שווייג.

און קאָן נישט גיין גרוזעווען קיין וואַגאָנען געהילץ, פּאָד־פּאַראָוואָזאָם... [7]

— מאָלטשי! איך רעד... דו האָסט נישט קיין וואָרט, מערזאַוויעץ, נישט דיך פרעגן מיר, פּאָניאַטנאָ! און גענומען אַרומלויפן ווי אַ ווילד גע־וואָרענער הונט איבערן צימער:

— סוקין־סין! מערזאַוויעץ, קאָנטררעוואָלוציאָנער! מיר ווייסן אַלץ. איר זענט נישט צופרידן מיט אונדז, עס געפעלט אייך דאָ גאָרנישט... געדענק, איך וואָרן דיר! זאָג אָן אַלע דיינע כיטרע יעווריעיס, זיי זאָלן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויספּאַקן זייערע טשעמאָדאַנעס [8]. איר וועט שוין דאָ אייביק פאַרבלייבן, נאַ וסיעגדאַ... [9] איר וועט שוין אַזוי אָנזען אייערע היימען ווי דו זעסט אָן דיין לינקן אויער. פּאָניאַטנאָ, מערזאַוויעץ!

גרינשטיין האָט באַטראַכט דעם ווילד־געוואָרענעם פאַרשוין, וואָס איז ווי משוגע געלאָפן הין און צוריק ווי אַ צערייצטע חיה אין שטייג און באַשלאָסן אים נישט צו ענטפערן. קוקנדיק אויף טימאָשענקאָן, האָט אים אָנגענומען אַן עקל צו די אַלע ענקאַוועדיסטן. מיט פאַראַכטונג האָט ער אים נאָכגעקוקט אָן שום פּחד און מורא, אַ גרייטער אויף אַלעם — נאָך נישט אַלץ איז פאַרלוירן, האָט ער ביי זיך געטראַכט. די מלחמה איז נאָך נישט געענדיקט, אויך די צרה וועלן מיר איבערלעבן.

טימאָשענקאָ האָט זיך אַ פאַרסאָפּעטער אַוועקגעזעצט אויף דער שטול. נאָך טיפער אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן אין די פּאַפּירן. מיט אַ ווייכער שטים, פּונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, האָט ער זיך פּלוצים גע־ווענדעט צו גרינשטיינען:

— דו ביסט דאָך נישט קיין נאַרישער ייִד, גרינשטיין, פאַרשטייסט דען נישט, אַז מען דאַרף שלום מאַכן מיטן געדאַנק און אויפהערן די קונצן — האָט ער אים פאָטערלעך געמוסרט — וואָס טויגן דיינע עקשנותן. דו סימולירסט אַ קראַנקייט און דיין יעווריישקי וראַטש באַפרייט דיך פון דער אַרבעט, שעדיקסט דערמיט אונדזער מלוכהשע ווירטשאַפט און דאָס איז נישט קיין שפּילכל. ס׳קאָן זיך ענדיקן גאָר שלעכט. פון מאָרגן

---

[7] אונטערן לאָקאָמאָטיוו.

[8] וואַליזעס.

[9] אויף אייביק.

אָן זאָלסטו גיין צו דער אַרבעט, דו הערסט... פאַרנעם זיך נישט מיט קיין פוסטיאַקי...[10]

גרינשטיין האָט אים אָנגעקוקט און אַ שטיל שמייכעלע האָט זיך אים צעלייגט אַרום די וואָנסעס, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט.

— אַ, דו לאַכסט! דו ביסט נאָך אַן איינגעשפּאַרטער אויך. קאַק טיעביע ניע ווסטידנאַ, סקאַזשי סוקין־סין [11] — האָט זיך אין טימאָשענ־קאָן צעקאָכט די יוכע און געוואָרפן זיך אַ צערייצטער אויף גרינשטיינען.

גרינשטיין האָט עקשנותדיק פאַרביסן די ליפּן און שטיל אָפּגעזיפצט.

— ביי אונדז איז דאָס לעבן נישט לייכט — האָט זיך טימאָשענקאָ צעשריגן — איך אַרבעט אויך שווער און ביטער... מיר טוען אייך געבוג טובות און איר ווידערשפּעניקט נאָך.

ער האָט זיך ווידער צוגעזעצט צום טיש שוין אָן כעס, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט, האָט ער ווי געזופּט צווישן די ציין:

— קיין איין וואָרט טאָר נישט אַרויס אין דרויסן, דו הערסט? אַלץ וואָס ס׳איז דאָ גערעדט געוואָרן בלייבט פאַרשלאָסן אין דיר. אויב מיר וועלן געוואָר ווערן, אַז דו האָסט געגעבן איין פּיפּס פאַר וועמען, מעגסטו זיך געזעגענען מיט דיין ווייב און קינד, פּאָניאַטנאָ!

גרינשטיין האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט שוין מער נישט געקאָנט איינזיצן אויפן אָרט. ער האָט געפילט ווי ווערעם וואָלטן אים געקראָכן אי־בער זיין לייב. דאָס בלוט האָט אַ שלאָג געטאָן צום קאָפּ. ווי נישט מיט זיין קול האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס האַלט איר מיך דאָ? לאָזט מיך אַהיים! איך קאָן שוין נישט מער אויסהערן די אַלע זלזולים... זאָגט, וואָס האָט איר מיר צו זאָגן, און אַן עק זאָל עס נעמען!

גרינשטיין האָט געציטערט ווי אין קאָנווולסיע. ער האָט געגעבן אַ וואַרף אַראָפּ פון זיך זיין וואַטענע פופייקע, זי איינגעדרייט אין אַ קנויל

[10] נאַרישקייטן.

[11] ווי אַזוי שעמסטו זיך נישט, זאָג הינטישער זון.

## ב. טערקעל

און אין זיין גאַנגער גרויס זיך געגעבן אַ צי אויס אויף דער פּאָדלאָגע מיטן וואַטניק צוקאָפּנס.

דער קאָמענדאַנט מיט טימאָשענקאָ האָבן זיך מיט רציחה־אויגן דורכגעקוקט.

טימאָשענקאָ האָט אָנגעבויגן זיין קאָפּ אין אַ זייט, ווי ער וואָלט מיט מבינות באַטראַכט זיין קרבן.

— ווסטאַוואַי, מערזאַוויעץ, טי סוקין־סין, פּאָדנימאַיסיאַ! [12]

גרינשטיין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— שטיי אויף, וואָרעם איך שיס!

גרינשטיין איז זיך רואיק געלעגן ווי נישט אים וואָלט מען עס גע־מיינט.

טימאָשענקאָ האָט נאָכגעלאָזט די נערוון, באַטראַכט דעם ליגנדיקן ינשטיין:

— נו, לאַדנאָ, אידי דאָמאָי [13], מיר וועלן זיך נאָך מיט דיר זען. נאָר געדענק, קיין איין וואָרט נישט וועגן דעם אַלעם. מיר האָבן גענוג מיטלען פאַר אַזעלכע ווי דו.

גרינשטיין זעענדיק, אַז טימאָשענקאָ האָט באַכגעלאָזט די נערוון, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די פופייקע און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

אַ כעסיקער האָט טימאָשענקאָ אַ וואָרף געטאָן דעם שליסל פון דער טיר דעם קאָמענדאַנט אין די הענט אַריין און מיט אַ באַפעלערישער שטים אַ וואָרטשע געטאָן:

— אָטקריוואַי דוויער! [14]

הינטערוויילעכטס, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, האָט זיך גרינשטיין אַרויסגעשאַרט פונעם קאָמענדאַנטס צימער און אַריינגעטאָטעמט אין זיך די פראָסטיקייט פון דער שטילער ווייסער נאַכט פונעם ווייטן צפון.

---

12 שטיי אויף.

13 גייט אַהיים.

14 עפן די טיר!

# די גוטע בשורה פון קאָמענדאַנט

אַ יאָר מיט איבער צוויי חדשים, האָבן די ספּעצפּערעסעלענצעס [1] אָפּגעחושכט אויף דער ווייטער פאַרשיקונג אין לאָגאַוואַי, ערגעץ אין אַר־כאַנגעלסקער אָבלאַסט. די באַנליניע האָט זיך שוין דאָ געענדיקט. ווייטער איז שוין קיין באַן נישט געגאַנגען. עק־וועלט.

די פאַרשיקטע — די פּוילישע יידן און רוסן פון דערנעבנדיקן פּאָ־סיאָלאָק — האָבן דאָ געהאַט אויסצושטיין קאַלטס און וואַרעמס. די פרעסט זענען דערגאַנגען אַריבער 65 גראַד אונטערן נול. כל־זמן דער באַראָמעטער האָט נישט באַוויזן אונטער 40, האָט מען נישט אָפּגעלאָזט פון דער ליע־סאָ־רובקי [2]. די בריגאַדירן, וואָס זענען אַליין אויך געווען פאַרשיקטע, האָבן געטריבן אין טאַרטאַק אַריין צום גרוזעווען און זעגן ס׳געהילץ. זומער האָט די היץ געבראָטן אומדערטרעגלעך באַגלייט מיט אַן אינוואַ־זיע פון מיליאָנען־מיליאַסן קאָמאַרן — ווילדע און זלידנע, וואָס זענען דורכגעקראָכן אַפילו די ספּעציעלע שאַטקעס, און אָנגעמאַכט וווּנדן און בלאָטערן אויפן גאַנצן לייב.

דער איינציקער ברונעם אויפן פּאָסיאָלאָק איז נאָך אין מאַי געווען איינגעפרוירן. אויסער אַ שפּע פון יאַגדעס, מאַלינעס, וואָס האָבן זיך גע־מערט אין די וועלדער, זענען דאָ קיין פּרוכטן נישט געוואַקסן. אַ שטיקל ציבעלע, אַ פּאָמידאָר איז געווען מיט גאָלד צוגלייך. אין די זומער־חדשים איז דער עולם נאָך דער אַרבעט געגאַנגען אין די וועלדער אַריין, מיט דער ספּעציעלער דערלויבעניש פון קאָמענדאַנט און אָנגעקליבן אויפן ווינטער שוואָמען און יאַגדעס. אויך זומער זיך געקוויקט דערמיט. דאָס עסן האָט מען באַקומען אין דער סטאָלאָווקע, וואָס האָט זיך געפונען נישט ביי דער אַרבעט נאָר אַרויף צו די באַראַקן. די סטאַכאַנאָווצעס האָבן פון צייט צו צייט באַקומען אַ שטיקל בערן־פלייש און געזאַלצענע פיש.

1 פאַרשיקטע.
2 האָלץ־האַקן.

## ב. טערקעל

אַ מענטש געוווינט זיך צו צו אַלץ. ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגע־וווינט צו דער שווערער אַרבעט, נישט דערעסן און אונטערפרירן. אויך דאָ האָבן נישט געפעלט קיין אויסטויגער.

מען האָט אָרגאַניזירט דראַמאַטישע קרייזן און אין די שבת־צונאַכטסן האָט מען געגעבן פאָרשטעלונגען, דורכגעפירט טאַנץ־אָוונטן. ס׳האָט זיך שוין געדאַכט, אַז אַזוי וועט מען שוין אָפּבידעווען די פּאָר יאָר. אַ גאַנץ לעבן וועט עס שוין אַזוי אָנגיין, לעולם ועד.

לעבן דער קאָמענדאַנטור איז געווען ארויסגעשטעלט אַ ראַדיאָ־היל־כער. אין די אָוונטן איז מען געשטאַנען אויפן פּראָסט און אויסגעהערט די קאָמוניקאַטן פון די פראָנטן, ציִ גוט ציִ שלעכט זענען זיי געווען באַ־גלייט מיט מוזיק און מיליטערישע מאַרשן.

דעם 22סטן יוני 1941 האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז היטלער איז באַפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד. דער גאַנצער פּאָסיאָלאָק איז געגאַנגען כאַ־דאָראָם. מ׳האָט אָנגעהויבן לעבן ווי אין אַ פיבער.

כאָטש די ידיעות זענען געווען גרויליקע, שוידערלעכע; אין קאָן זע־נען געשטאַנען מענטשלעכע לעבנס, און דער גורל פון די איבערגעבליבענע אויף יענער זייט איז געווען אַ געחתמעטער — האָט מען פונדעסטוועגן אַרויסגעפּילט עפּעס אַ דערלייכטערונג ביי די פאַרשיקטע. די לופט האָט געשמעקט מיט פרילינג, מיט אַ דערוואַרטונג פון אַ שינוי פאַר די פאַר־שיקטע אויף צום בעסערן.

אין אַ חודש שפּעטער איז צעטראָגן געוואָרן דער קלאַנג וועגן אַן אַמנעסטיע פאַר די פּוילישע בירגער. די אַרבעט איז כמעט ווי פאַראַלי־זירט געוואָרן. דער עולם האָט אָנגעהויבן איבערלעבן אומרואיקע טעג. אַלץ האָט געפיבערט אין דערוואַרטונג פון אַ גרויסער געשעעניש און אפשר אויפן מאָמענט פון אַן ענדגילטיקער באַפרייאונג.

* * *

אין אַ שיינעם פרימאָרגן, האָט זיך איבער דער ליעסאָ־בירזשי באַ־וויזן איוואַן איוואַנאָוויטש טימאָשענקאָ, דער נאַטשאַלניק פון ענקאַוועדע פון וויעלסקי ראַיאָן, וואָס האָט זיך בכבודו ובעצמו אַראָפּגעיאַוועט אַהער אויפן פּאָסיאָלאָק.

# צווישן שאַקאַלן

— עס מוז זיכער זיין ווירקטיקע נייעס — האָט מען געדרעדט צווישן זיך אויפֿן צוריקוועגס אַהיים פון דער אַרבעט. דער חברה־מאַן קומט נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין.

אין אָוונט נאָכן גודאָק, ווען די אַרבעטער האָבן זיך שוין געפונען אין די באַראַקן, איז דער פאַרטרעטער פון קאָמענדאַנט, פאָפאָוו, געגאַנגען פון טיר צו טיר און אַלעמען גערופן אויף אַ ווירקטיקער סאָבראַניע אין דער סטאָלאָווע.

אַלעמענס אויגן האָבן אויפגעבליצט. יעדער האָט געפילט בחוש, אַז היינט וועט געשען עפּעס זייער ווירקטיקס אינעם לעבן פון די פּליטים. היום הרת עולם, היינט וועט דעצידירט ווערן דער ווייטערדיקער גורל פון די געפּלאָגטע פּוילישע יידן.

דער זאַל פון דער סטאָלאָווע איז געווען פול איבער די ברעגן. קינד און קייט זענען געקומען ווי אויף אַ יום־טוב אָנגעטאָן אין די בעסטע מלבושים, וואָס מ׳האָט פאַרמאָגט. קינדער מיט אויסגעצוואָגענע קעפּלעך, דערוואַקסענע אַרומגעוואַשן, ריין ראַזירט. אין אַלעמענס אויגן האָט זיך געשפּיגלט אַ פלעמל פון פרייד.

דער עולם איז געווען געשפּאַנט, אַ גליקלעכער. כאָטש מען האָט נאָך גענוי נישט געוווסט, אַפילו נישט געאַנט אין וואָס דאָ גייט, אָבער דאָס האַרץ האָט פאַרגעזאָגט עפּעס אומגעווייגלעכס, אומגלויבלעכס. דאָס דאָ־זיקע וואַרעמע געפיל האָט יעדער איינער באַהאַלטן טיף אין זיך, נישט וועלנדיק זיך טיילן מיט קיינעם מיט קיין איבעריקע ווערטער, ווי ס׳וואָלט זיך געווען געהאַנדלט וועגן אַ גרויס פאַרשטייענדיק גליק.

די זון האָט זיך געזעצט. אַ פאַררויטלטע מיטן לעצטן גלי־כוח האָט זי אַ גלעט געטאָן דעם דאַך פון דער סטאָלאָווע, אַריינגעשיקט די לעצטע שטראַלן דורך די ברייטע פענצטער, אַרומגענומען אַלעמען מיט וואַרעמ־קייט און גלאַנץ פון אַ געזעגענונג און זיך רואיק אַוועק, זיך באַהאַלטן הינטערן גרויסן טאַרטאַק, לאָזנדיק זיך נעמען געפאַנגען פון די ערשטע נאַכטיקע שאָטנס וואָס זענען זיכערע געשוומען אַהערצו פון די אינגע־ווייִדן פון וואַלד.

די עלעקטרישע פייערלעך האָבן זיך העל צעלויכטן אין גרויסן גע־

רוימען זאָל פון דער סטאַלאָווע. אַלעמענס אויגן זענען געווען געריכט צו דער געעפנטער טיר. טימאָשענקאָ איז אַריין מיט אַ מיליטערישן טראָט. הינטער אים זענען געגאַנגען דער קאָמענדאַנט מ׳יט זיינע געהילפן אין מיליטערישער אָרדענונג. ווי לויט אַ קאָמאַנדע זענען זיי אַריין אין זאַל און פאַרנומען דעם אויבנאָן.

אָן שום צערעמאָניעס האָט דער קאָמענדאַנט שוואַריאָוו אַרומגענומען דעם גאַנצן עולם מיט זיין אָפענעם קאַלטן שטיינערנעם בליק און אַ זאָג געטאָן מיט אַ ווייכקייט אין קול:

— טאָוואַרישטשי!

אַ יובל־געשריי מיט אַ הוראַ! האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלעמענס קעל. אַ קלייניקייט, טאָוואַרישטשי און נישט גראַזשדאַני [3]. שוין אין דעם איינעם וואָרט האָט מען געפילט, אַז די ישועה איז שוין געקומען.

— טאָוואַרישטשי, — האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעחזרט — מיר האָבן אייך דאָ צונויפגעזאַמלט איבערצוגעבן אַ וויכטיקן באַשלוס פון אונדזער פראַוויטעלסטוואָ [4]. דער פאַרשאָלטענער דייטש איז אַנגעפאַלן אויף אונדזערע גרענעצן און פאַרנעמט אונדזערע שטעט און קאָלכאָזן. אונדזער רעגירונג האָט דעריבער געשלאָסן אָן אָפּמאַך מ׳יט אייער פוילישער רעגירונג און באַשלאָסן אייך צו אַמנעסטירן.

אַ מעכטיקער „הוראַ״ איז געווען דער ענטפער אויף די רייד פונעם שטענדיק פאַרכמורעטן שוואַריאָוו. מיט איין וויש איז אַראָפּגענומען געוואָרן די גאַנצע מורא פאַר אים, מיטאַמאָל איז ער, שוואַריאָוו, געבליבן שטיין אַן אויסגעטוענער, אַ נאַקעטער. ער האָט פּלוצים פאַרלוירן זיין מיליטערישן גלאַנץ און שטרענגן אויסזען פון אַ געוועלטיקער און מאַכט־האָבער איבער די פּליטים.

טימאָשענקאָ האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער גרויס. אין זאַל איז שטיל געוואָרן, מ׳האָט געהערט דאָס זשומען פון די קאָמאַרעס איבער די שאָטקעס פון די פענצטער.

[3] טאָוואַרישטשי — חברים, גראַזשדאַני — בירגער.
[4] רעגירונג.

שוואַריאַווס גראָבע באַס־שטימע האָט איצט געקלונגען מיט אַ טאָן פון זאָרג איבערן גורל פון זיינע אונטערטאַנען, ווי אַ באַלעבאָס וואָס פילט, אַז ער האָט שוין פאַרלוירן יעדן איינפלוס איבער זיין קנעכט און וויל נאָך ביי אים עפּעס אָפּראַטעווען פון זיין פאַרלוירענעם פּרעסטיזש:

— פון היינט אָן, טאָוואַרישטשי, זענט איר פרייע בירגער פון אונדזער גרויס פאָטערלאַנד. איר קאָנט זיך פריי באַוועגן אָן שום אויפזיכט פון דער קאָמענדאַנטור. איר קאָנט גיין צו דער אַרבעט ווי פרייע מענטשן, איר וועט קריגן באַצאָלט אייער לוין ווי יעדער איינער אַרבעטער. ווער עס וועט פאַרלאַנגען קאָן אויך פאָרן ווו ער וויל, אין אַלע שטעט פון ראַטנ־פאַרבאַנד, ווו אייער האַרץ גלוסט, אויסער אין די רעזשימ׳נע[5] שטעט. איך לייג אייך אָבער פאָר, צו בלייבן דאָ אויפן אָרט. דאָ זענט איר שוין באַזאָרגט מיט באַראַקן, מיט אַרבעט און דערנערונג. אין די שטעט וועט אייך זיין שווער זיך איינצואָרדענען. איצט איז מלחמה־צייט, דער שונא גייט פאָרויס און פאַרנעמט סאָוויעטישע שטעט. אָבער אונדזער רויטע אַרמיי וועט אָפּשטעלן דעם מאַרש, זי וועט אים באַזיגן און פאַרטרייבן פון אונדזער ערד און איר וועט זיך אַלע קאָנען אומקערן אין אייערע וווינערטער, יעדער אין זיין היים.

אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן האָט זיך אַרויסגעריסן ביי די צעפלאַמטע, געפּייניקטע און דערנידעריקטע פאַרשיקטע, מיט אַ געמיש פון פריידיקע הוראַ־געשרייען, וואָס האָבן פאַרהילכט די סטאָלאָווע. דער בריגאַדיר פון די גרוזטשיקעס, חיים גרינשטיין, וואָס איז אויסגעשטאַנען שיקאַנעס פון שוואַריאַוון און געטראָגן אויף אים אַ האַרץ, האָט זיך אויפגעשטעלט דער ערשטער און געקוקט שוואַריאַוון גלייך אין די אויגן:

— טאָוואַרישטש קאָמענדאַנט, מיר דאַנקען אייך פאַר דער גוטער בשורה. מיר ווילן זיין גליקלעך צו דערלעבן דעם מאָמענט, ווען מיר וועלן זיך צוריק קאָנען פאַראייניקן מיט אונדזערע משפחות. מיר האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין סאָוויעטישע בירגער, ווייל דאָס וואָלט געהייסן רעזיגנירן פון אונדזערע פאַמיליעס, זיך אָפּזאָגן פון אונדזער בלוט און פלייש.

[5] צענטראַלע שטעט.

און מיר האָבן נאָך אַמאָל געוואָלט קומען צו זיי ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. פאַרן דאָזיקן חטא האָט מען אונדז ביינאַכט אַרויסגענומען פון די בעטן און אַלעמען פאַרלאָדעוועט אין וואַגאָנען, יונג און אַלט, קראַנקע און געזונטע, זקנים און קינדער, אַלעמען, אַלע ביעזשענצעס [6], פאַר גאָרנישט האָט מען אונדז געבראַכט אַהער אין די פּאָסיאָלקעס פאַר פאַרשיקטע, ווו ס׳איז פון אונדז געוואָרן אַ וויסטער תל, צעבראָכענע מענטשן...

דער עולם איז געזעסן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און אַ סך האָבן שטיל געהעשעט אין זיך. די פרויען האָבן זיך מער נישט געקאָנט באַהערשן און אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין.

חיים גרינשטיין האָט מיטן בליק ארומגענומען דעם עולם און גע־בעטן זיי זאָלן זיך באַרואיקן. דער קאָמענדאַנט איז געזעסן מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ, פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. טימאָשענקאָ האָט זיך געשפּילט מיט זיין אָקטנטאַש און פּאָפּאָוו האָט כיטרע מיט אַ בייז פּייערל געקוקט אין דער זייט פון גרינשטיינען.

— ניין, טאָוואַרישטש קאָמענדאַנט, מיר ווילן דאָ נישט בלייבן, אין דעם אָרט ווו מען האָט אונדז נישט רעספּעקטירט ווי מענטשן, נאָר גע־האַלטן ווי קנעכט. מיר ווילן אַוועקפאָרן פון דאַנען, נענטער און נענטער צו די גרענעצן, בכדי וואָס שנעלער צו קאָנען קומען צו אונדזערע משפּ־חות, ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן. און מיר האָפן, אַז זי וועט זיך לאַנג שוין נישט ציען...

שוואַריאָוו האָט זיך אויפגעשטעלט און געמאָלדן, אַז פון מאָרגן פרי אָן וועט מען אין דער קאָמענדאַנטור אַרויסגעבן די אודאָסטאָווערעניעס [7] צו קאָנען אַרויספאָרן אין דער ריכטונג, ווו יעדער איינער וועט פאַרלאַנ־גען. אַלע אַרבעטער — האָט ער צוגעגעבן — דאַרפן גיין אין קאַנטאָר זיך אָפּרעכענען. יעדער איז פריי צו האַנדלען ווי ער פאַרשטייט.

---

6 פליטים.

7 באַפרייאונגס־שיין.

# דער פּאָסיאַלאָק ליידיקט זיך אויס

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך פון די שטאַרק באַלויכטענע באַ־ראַקן־פענצטער געטראָגן אַ פריילעך געזאַנג. די יידישע און העברעאישע ניגונים האָבן זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן שטח און אָנגעפילט די לופט מיט גוטע בשורות, מיט האָפענונג אויף ענדגילטיקער באַפרייאונג פון עבדות לוגאָוואָי. קופּקעלעך מענטשן זענען געשטאַנען ביי די טירן און קאָמענטירט די איבערלעבענישן.

ביזן גראָען פאַרטאָג אַריין האָט זיך געלויכטן אין די פענצטער פון דער קאָמענדאַנטור, וואָס האָט פריער אָנגעוואָרפן אַ פּחד. היינט אין דער דאָזיקער נאַכט איז די מורא צום ערשטן מאָל פאַרשוווּנדן.

* * *

דער גודאָק האָט ווי אַלע באַגינען האָפערדיק אַ וועק געטאָן דעם פּאָסיאַלאָק. אָבער אומזיסט איז געווען זיין טרחה. דאָס מאָל האָט זיין געיאָמער אַ ריס געטאָן פון טיפן שלאָף די פאַרמאַטערטע מענטשן מיט די אָנגעשפּיצטע חושים צו זיין געפייף.

די אויסגעטראָטענע וועגן צו דער ליעסאָ־בירזשי האָבן היינט געפּוס־טעוועט. די בריגאַדירן האָבן אומזיסט געוואַרט אויף זייערע שקלאַפן. קיינער איז נישט אַרויס צו דער אַרבעט.

אַ יום־טובדיקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער לוגאָוואָי. אויך די הויכע אוראַלטע ביימער האָבן זיך יום־טובדיק באַצירט מיט גינגאָלדענע שטראַליקע פעדעם, זיך פאַרוועבט אין די קרוינען. אַ לוסטיק פייגל־גע־זאַנג האָט זיך געטראָגן פון בוים צו בוים.

מיט איין שטריך איז אַראָפּגענומען געוואָרן די טאָגטעגלעכע עצבות, וואָס האָט איינגעהילט דעם פּאָסיאַלאָק זינט זיין עקזיסטענץ.

* * *

גלייך אין די פרימאָרגן־שעה׳ן, האָט זיך פאָרמירט אַ ריי ביי דער

קאָמענדאַנטור. אויפן וואַנט אין קאָמענדאַנטס צימער איז געווען אויסגעהאנגען אַ מאַפּע. די פּליטים זענען געשטאַנען און געשטודירט וווהין צו פאָרן. כמעט אַלע האָבן זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין אוזבעקיסטאַן, קיין קאַזאַכסטאַן, דאָרט וווּ עס איז וואַרעם. יעדער איינער האָט געפילט אַ באַגער פאַר אַ וואַרעם לאַנד, מען זאָל קאָנען אויסוואַרעמען די פאַרפרוירענע אברים, זיך באַפרייען פון אייז־קאַלטן צפון, ווי לאַנג ס׳וועט זיך נאָך אויסקומען צו מוטשען ביזן סוף פון דער מלחמה.

לוגאָוואָי האָט זיך געפּאַקט אין וועג אַריין. אַלע זענען געווען פאַרפאָרעט. מען איז געגאַנגען זיך אָפּרעכענען אין קאַנטאָר, דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן און מען האָט שוין געוואַרט אויפן גליקלעכן טאָג פון דער רייזע, צו קאָנען זאָגן אַ גוטן טאָג דעם גיהנום.

מ׳האָט אַלעמען געטיילט דערלויבענישן און קאָמאַנדיראָווקעס. אַלע האָבן באַטראַכט דעם פּאַק פּאַפּירלעך גליקלעכע און צופרידענע. בלויז איינער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ נעכטיקער, אַ פאַרזונקענער אין מחשבות און אין עצבות — חיים גרינשטיין.

יעדן פאַרנאַכט האָבן צו דער באַן־סטאַנציע אוסט־שאָנאָשע, צוויי קילאָמעטער פון פּאָסיאָלאָק, זיך געצויגן קאַראַוואַנען מיט מענטשן מיט ווייב און קינדער, מיט געפּעק צום צוג, וואָס וועט זיך אַוועקטראָגן אין די רחבותן, צו בליענדיקע שטעט און ישובים. חיים גרינשטיין איז געווען צווישן די באַגלייטער, ביז ער איז פאַרבליבן אַליין. איינער אַליין אויפן אויסגעליידיקטן פּאָסיאָלאָק.

שוואַריאָוו איז שוין געוואָרן אויס קאָמענדאַנט. ער האָט שוין נישט געהאַט וועמען צו היטן. ער איז באַשטימט געוואָרן פאַר נאַטשאַלניק אויף דער ליעסאָ־בירזשי [1], וואָס האָט כמעט ווי געפּוסטעוועט. עס האָט שוין נישט אָפּגעהילכט דער קלאַנג פון זעג און דער אָפּהילך פון די פאַרגרוזעוועטע קלעצער אין די וואַגאָנען. פּאָפּאָוו און אַלעקסאַנדראָווסקי זענען געשטאַנען און געזעגנט האַלץ. עס איז געווען אַ מאַנגל אין אַרבעט־הענט.

חיים גרינשטיין, איז פאַרבליבן מיטן ווייב און קינד אַליין, איינזאַם.

---

[1] האָלץ־קאָמבינאַט.

אין די פאַרנאַכטן איז ער געזעסן אויף די טרעפּלעך פון זיין באַראַק און שטיל, עקשנותדיק געשוויגן און געוואַרט, אולי ירחם...

דאָס ווייב זיינס איז אַרומגעגאַנגען פאַרמרהשחורהט, פאַרביסן גע־שוויגן ווי דער מאַן.

אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג און וואָכן.

* * *

אין אַ פאַרנאַכט איז צו גרינשטיינען צוגעקומען דעם קאָמענדאַנטס יינגעלע, דער קליינער קאָליאַ און אים געזאָגט:

— דער טאַטע האָט געבעטן דו זאָלסט צו אים אַריינקומען, און אויב דו האָסט וואָדקאַ, זאַכוואַטי, נעם מיט.

אַן איבערראַשטער האָט זיך גרינשטיין אויפגעשטעלט. ער האָט דער־פילט, אַז אויך צו זיין לאַגע קומט אַן ענדערונג. דאָס פרעגן סיי שוואַ־ריאָוון און פאָפּאָוון וועגן זיין גורל האָט אים שטענדיק איבערגעלאָזט אַן ענטפער.

— ניע זנאַיו [2] — האָט אים פאָפּאָוו געענטפערט און געהויבן מיט די פּלייצעס — אַוווידים [3], מירן זען. וואָס מיינסטו זיך אַזוי... די גליקן וואָס וואַרטן דאָרטן אויף דיר.

חיים גרינשטיין איז אַוועק אַ שלאַבערדיקער, אַ דערשלאָגענער און רעזיגנירטער. כאָטש דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט עפּעס אַנדערש, איז ער שוין געווען אָפּהענטיק און אַנטוישט. ער האָט פונדעסטוועגן מיטגענומען מיט זיך אַ פלעשל בראָנפן, וואָס איז אים פאַרבליבן פון דער לעצטער צו־טיילונג פון מאַגאַזין.

אויף זיין קלאַפּ אין דער טיר האָט ער דערהערט אַ הייזעריקע שטים:

— זאַכאַדי! [4]

די טיר האָט זיך געעפנט. אַ געדיכטע פּאַרע פון די קאָכעדיקע טעפּ אויף דער קיך האָט אים אַ שלאָג געטאָן צום פּנים.

---

2 כ׳ווייס נישט.

3 מיר וועלן זען.

4 אַריין.

פון דער פאַרע אַרויס, האָט זיך אויסגעשיילט די פולע ברייטלעכע פיגור פון טימאָשענקאָ. ער איז געזעסן צוזאַמען מיטן קאָמענדאַנט און געגעסן געזייערטע שוואָמען מיט קאַרטאָפל, וואָס די ברייט־צעווירענע ווייב שוואַריאָווס האָט מיט אַ שמייכעלע אונטערטעניק צוגעטראָגן.

— האָ, פרישאָל[5] — האָט שוואַריאָוו באַגריסט גרינשטיינען — סאַדיס, גאָלובטשיק[6] — האָט ער אים אָנגעוויזן אויף אַ בענקל ביים טיש.

— טשטאָ־לי גרינשטיין, זאַכוואַטיל וואָדקו?[7]

גרינשטיין האָט אַוועקגעשטעלט די פלאַש בראָנפן אויפן טיש. שוואַריאָוו האָט אָנגעגאָסן דריי טיי־גלעזער און אויסגערופן אַ הייטערער מיט צעפינקלטע אייגעלעך:

— אַנוקאַ, טאָוואַרישטשי, וויפיאָם![8]

מיט איין שלוק זענען די צוויי גלעזער איבערגעקערט געוואָרן. גרינשטיין האָט זיך נישט צוגערירט צום גלאָז.

— אַנוקאַ, גרינשטיין — האָט טימאָשענקאָ אַ זאָג געטאָן מיט זיין כריפעדיק קול — אַלע דייניקע זענען אַוועקגעפאָרן און דו ביסט פאַרבליבן אַליין. מיר דאַרפן אַפּרוימען דעם פּאָסיאָלאָק. די טעג קומט דאָ אָן אַ פּאַרטיע פון דייטשע וואָיעננאָ־פּלענני[9] טאָרסטו זיך דאָ נישט געפינען. איז וואָס טראַכסטו צו טאָן?

גרינשטיין האָט עקשנותדיק געשוויגן.

— סקאַזשי,[10] גרינשטיין, — האָט זיך אָפּגערופן שוואַריאָוו — וואָס ביסטו אַזאַ עקשן.

— עס ווענדעט זיך דען אין מיר? — האָט גרינשטיין געענטפערט — איך ליג דאָך ביי אייך אין די הענט. וואָס איר וועט באַשליסן אַזוי וועט זיין.

---

5 געקומען. ?

6 זעץ דיך.

7 פאַרכאַפּט בראָנפן.

8 לאָמיר אויסטרינקען.

9 מלחמה־געפאַנגענע.

10 זאָג.

— הער זיך צו — האָט טימאָשענקאָ געקוקט אויף זיין שכן — שוואַריאָוו האָט געהאַט פון דיר צרות די גאַנצע צייט, דו ביסט גישט געווען געהאָרכזאַם, פאַרשטייסט. האָסט געבונטעוועט דעם פּאָסיאָלאָק, און ביי אונדז גיט מען נישט קיין גלעט איבערן קעפּל דערפאַר. נאָר ווייל דו ביסט אָבער גלייכצייטיק געווען אַ גוטער אַרבעטער, זענען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז דו דאַרפסט אויך פאָרן אַהיים צו די דייניקע. נו, ביסט צופרידן?

מיט פולע אויגן טרערן האָט גרינשטיין אָנגעקוקטביידע פאַרשויינען, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

שוואַריאָוו האָט אים צוגערוקט די גלאָז וואָדקאָ און באַפוילן:

— טרינק, גרינשטיין, זיי נישט קיין טשודאַק.

גרינשטיין האָט מיט איין שלונג אַראָפּגעלאָזט דאָס גלאָז בראָנפן.

— אָט אַזוי געפעלסטו מיר, טרינקסט ווי אַן אונדזעריקער, און איינגעעקשנט ביסטו ווי אַ יעוורעי. דו ביסט אַ מענטש מיט כאַראַקטער, אָט אַזוינע חברה־לייט האָב איך ליב.

גרינשטיין האָט זיך צעשמייכלט. דער בראָנפן האָט געטאָן דאָס זייניקע, דער קאָפּ האָט זיך אים אָנגעהויבן דרייען.

טימאָשענקאָ האָט פון זיין אַקטנטאַש אַרויסגענומען אַן אודאָסטאָווערעניע און אים געפרעגט:

— וווּ ווילסטו פאָרן?

— קיין סאַמאַרקאַנד, אַזוי ווי אַלע מענטשן פון פּאָסיאָלאָק.

טימאָשענקאָ האָט אים דערלאַנגט דעם אויסגעפילטן בלאַנק:

— פּאָיעזשדזשאַי [11].

— ספּאַסיבאָ [12].

גרינשטיין האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, פאַרגעסן צו זאָגן אַ גוטע נאַכט און אַרויס מיט וואַקלדיקע טריט.

* * *

---

[11] פאָר.

[12] אַ דאַנק.

## ב. טערקעל

דער צוג האָט זיך דערנעענטערט צו דער סטאַנציע אוסט־שאָנאָשע. דער גרויסער עולם באַגלייטער, די בריגאַדירן און פאַרשיקטע רוסן זענען געשטאַנען און געקוקט אויף אים מיט קנאה.

גרינשטיין איז געשטאַנען אַ צעטומלטער, אַ צעפלאָמטער, דאָס לשון איז אים ווי אָפּגענומען געוואָרן. ער האָט שטאַרק באַדויערט די אַלע מענטשן, וואָס פאַרבלייבן דאָ אין ווייטערדיקן פּיין. אין דער צייט ווען אים האָט דער גורל צוגעשפּילט און ער קאָן זיך אַרויסרייסן פון דאַנען — אַ זאַך אין וואָס די רוסן האָבן קיינמאָל נישט געגלויבט:

— ביי אונדז — פלעגן זיי שטענדיק טענהן — ווער עס קומט אַהער מוז שוין לאָזן דאָס פּעקל ביינער זיינס אונטער די שטויסן האָלץ. פון דאַנען גייט מען נישט צוריק...

גרינשטיין האָט געהאַט מזל: ער איז געגאַנגען צוריק.

אַ האָפערדיקער איז חיים גרינשטיין אַריינגעשפּרונגען אין צוג, באַגלייט מיט קנאה־בליקן פון דער גראָער מאַסע באַגלייטער. דאָס ווייב און קינד זענען שוין געזעסן אינעווייניק ביים וואַגאָן־פענצטער.

היטלען האָבן זיך צעפאָכעט אין דער לופט מיט וויוואַט־אויסגעשרייען פאַרן באַפרייטן שקלאַף חיים גרינשטיין, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון יאָמער־טאָל, אין וועלכן ס׳האָבן באַגראָבן זייערע חלומות אַ סך מענטשן אין דער האָפענונג, אַז די רעוואָלוציע וועט ברענגען פאַר זיי גליק און פרייהייט.

אַ גרילצנדיקער פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָט צעטרייסלט די שפּיצן ביימער אין דער פאַרנאַכטיקער דעמערונג. די רעדער האָבן זיך צעסקריי־פּעט, און דער צוג האָט אַוועקגעיאָגט אין גאַלאָפּ, ווייט־ווייט איבער די אומענדלעכקייטן פון ברייטע און אומהיימלעכע פליינען, וואָס האָבן זיך פאַרבייגעשאַרט פאַרן פאַרטרערטן אויג פון איינעם אַ גליקלעכן, אַ באַפרייטן, איינעם פון מיליאָנען.

# קאַזאַכסטאַנער סטעפּעס

ווי אַ מיושבדיקער יוסטער באַלעבאָס, האָט זיך דער לאַנגער משא־עשאַלאָן געקוילערט איבערן לאַנגן אומענדלעכן טויטן קאַזאַכסטאַנער סטעפּ. דער לאָקאָמאָטיוו האָט שווער געפּרייכט, געשלעפּט די צענדליקער וואַגאָנען פאַרפולטע מיט די באַפרייטע פּוילישע יידן, וואָס האָבן זיך שוין לאַנגע וואָכן געפּייניקט אין וועג אין הונגער און אין דאָרשט...

די לבנה אַ רונדיקע, אַ בלייכע, האָט זיך אַרויסגעקוילערט פון די ווייטקייטן און אַ גלאַנץ געטאָן אין די צעכראַסטעטע טירן פון פאַרנדיקן עשאַלאָן.

אַ הוליענדיק סטעפּ־ווינטל האָט אַ שויבער געטאָן דעם טרוקענעם זאַמד, וואָס האָט זיך ווילד־ונגעריש אַריינגעריסן אין וואַגאָן אַריין און פאַרקראָכן אין די נאָזלעכער, אין מויל, אויף די אויגן־הייטלעך.

איינגעהויקערטע און איינגעוויקלטע אין אַלטע פופייקעס און שמאַטע־קאָלדרעס האָבן זיך די געוועזענע מענטשן געטוליעט און מיט פאַר־בענקטע אויגן געקוקט אין ווייטן אומענדלעכן חלל אַריין.

אין אַ ווינקל פון אַ נאַרע איז דער אַלטער ר׳ יצחק מערמעלשטיין געלעגן איינגעהויקערט, פאַרזונקען אין טיפע מחשבות. פּלוצים האָט ער זיך אויפגעריסן פון אָרט, ווי אַ יונגערמאַנטשיק אַראָפּגעשפּרונגען פון דער נאַרע און אַריינגעשריגן אין דעם האַלב־שנאָרכנדיקן וואַגאָן:

— יידן, ס׳איז איצט ראש השנה! אַ נייער יאָר קומט, וואָס ליגט איר אַלע און שנאָרכט!...

שטיל האָט זיך אַ באַוועג געטאָן דער ליגנדיקער עולם אויף די נאַרעס און איינציקווייז האָבן זיך אַלע געשטעלט אויף די פיס. פון ערגעץ פאַרגעסן פּעקל, האָט אַ פרוי אַרויסגעצויגן אַ ליכטל און באַלד האָט זיך צעפלעמלט אַ קליין מאָגער פייערל, וואָס האָט זיך שאָטנדיק צעהויי־דעט איבער די שוואַרץ־פאַרשטויבטע ווענט פון וואַגאָן.

אין דער האַלב־טונקלקייט פון וואַגאָן האָט זיך אויסגעטיילט די

## ב. טערקעל

הויכע פיגור פון ר׳ יצחק מערמעלשטיין איינגעהילט אין אַ טלית און אַ מתיקותדיק־פאַרדבקהטן ימים־נוראים־ניגון האָט אָנגעפילט די לופט און די זיסע נאָגנדיקע טענער האָבן זיך פאַרפלאָכטן אין די יאָגנדיקע רעדער ווייט־ווייט איבערן סטעפּ.

אין דאָזיקן הייליקן מאָמענט זענען אַלע פערציק מענטשן — יונג און אַלט, פרויען און קינדער — געשטאַנען ווי צוגענאָגלט צו די ערטער און פרום מיט יראת הכבוד זיך איינגעהערט אינעם הייליקן געבעט פון שליח־ציבור.

ובכן תן פחדך...

— חוס וחננו ורחם עלינו והושיענו... — האָט זיך געגאָרגלט ר׳ יצחק מערמעלשטיין — אוי, טאַטע־פאָטער אין הימל — האָט ער אויס־געשטרעקט זיינע דאַרע לאַנגע הענט צו דער אָפענער וואַגאָן־טיר, ווי ער וואָלט דערוואַרט די ישועה פון דער פינצטערניש, די אויסלייזונג נאָך אַזויפיל פּיין, אָנשיקענישן און וואַנדערונגען וואָס נעמען נישט קיין סוף.

* * *

דער אַרומיקער סטעפּ האָט זיך צוגעהערט:

— שוין דעם צווייטן ראש־השנה, ווי מיר זענען אָפּגעריסן פון די היימען — האָט ר׳ יצחק מערמעלשטיין געשעפּטשעט ווי פאַר זיך אין דער האַלב־אָפענער טיר פון וואַגאָן מיטן פנים צום פאַרביישווימענדיקן סטעפּ.

דער עולם אָרום איז געזעסן און געשוויגן, יעדער אין זיך פאַרזונקען אין שווערע מחשבות.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך געשניטן אין דער ווייטקייט און דער עכאָ פון די צעזונגענע רעדער האָט אָפּגעהילכט אינעם אַרומיקן ברייטן אָפענעם סטעפּ.

שוין צוויי וואָכן לאַנג, שלעפּט זיך דער עשאַלאָן פון פּאָסיאָלאָק לוגאָוואָי, פון וועלסקי ראַיאָן אין אַרכאַנגעלסקער אָבלאַסט צו דעם אָנ־געצייכנטן אָרט — אין ווייטן זוניקן אוזבעקיסטאַן.

די 450 פאַרשיקטע פון די פאַרנומענע געביטן פון מערב־אוקראַינע

און מערב־ווײַסרוסלאַנד, וואָס זענען אַמנעסטירט געוואָרן בשעתן פּריינט־שאַפט־אָפּמאַך מיט דער פּוילישער גלות־רעגירונג, האָבן זיך אַלע פאַר־שריבן צו פאָרן קיין אוזבעקיסטאַן צו צוואַרעמען די אויסגעפרוירענע ביינער.

די פּליטים וואָס וואַנדערן שוין אַזוי זינטן אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן מיט אַלע זייערע כוחות געשטרעבט אָוועקצופאָרן וואָס ווייטער פון זייער פאַרשיקונג־אָרט, האָפנדיק נאָך צו לעבן ווי פרייע מענטשן און אויסוואַרטן דעם סוף פון דער מלחמה, צו קאָנען אַמאָל קומען אין זייערע היימען און נאָך לעבן ווי פרייע און גליקלעכע מענטשן.

דאָס לעבן אין פאַרוואָרפענעם פּאָסיאָלאָק האָט שוין געלאָזט אַ טיפע וווּנד אין די נשמות פון די פאַרפּייניקטע מענטשן. צופיל פּיין און צרות זענען זיי דאָרט אויסגעשטאַנען פון די ענקאַוועדע־לייט, וואָס האָבן „פאַר־וואַלטעט" מיט זייער לעבן און זיך אויסגעלאַכט פון זייער הייסן באַגער נאָך באַפרייט צו ווערן אַמאָל, און פטור ווערן פונעם לעבעדיקן קבר.

שוין צוויי חדשים ווי די לאַנגע געגאַרטע פרייהייט איז געקומען. הײַנט, ראש־השנה, פירט זיי דער עשאַלאָן אויפן וועג צו דער באַפריי־אונג, ווי באַפרייטע מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטאָן און זענען פאַרמשפּט ווייטער צו וואַלגערן אין דער אומבאַוווּסטקייט.

* * *

דער עשאַלאָן האָט פאַרקלענערט זיין געלויף און אַ פריילעכדיקער גע־בליבן שטיין אויף אַ קליינער באַן־סטאַנציע.

פון אַלע אויפגעפּראַלטע טירן פונעם לאַנגן גרויסן עשאַלאָן האָבן זיך ווי פון אַ מוראַשניק אַרויסגעשאָטן הונדערטער מענטשן אייגעקנוידער־טע און געהויקערטע.

— אַ גוט יום־טוב, יידן!

— אַ גוט גליקלעך יאָר אויף אונדז און כלל ישראל.

— מיר זאָלן שוין אויסגעלייזט ווערן פון צרות און וואַנדערונגען!

איבערן ברייטן און ווייטן סטעפּ האָבן הויך און הילכיק געקלונגען יידישע ברכות און ווונטשן.

ספאָנטאַן האָט זיך די גרויסע מאַסע יידן רואיק אויסגעשטעלט אַרום דעם קליינעם פאַרוואָרפענעם וואַקזאַלכל און אַ מעריבדיקע תפילה האָט זיך מיט טויזנטער עכאָס צעשאָטן איבערן סטעפּ.

ווי אַ צעוויגט קאָרן־פעלד אונטער גלעטנדיקן ווינטל, האָט זיך די עדה דאַוונענדיקע יידן מתיקותדיק צעזונגען און אויף אַלע מיני קולות אויסגעגאָסן זייערע הערצער צו גאָט.

קאַזאַכן, איינגעהילטע אין גרויסע לאַנגע שובעס מיט אַראָפּגעלאָזטע פוטער־היטלען ביז איבער די פלאַטשיקע נעזער, האָבן זיך פאַרזאַמלט ווי אויף בייז־װוּנדער, געקוקט און געגאַפט.

די גאַנצע עדה איז געשטאַנען און פרום געדאַוונט. דער אַלטער ר׳ יצחק מערמעלשטיין האָט באַוויזן זיין בקיאות אין חזנות און גלייך ווי ער וואָלט געשטאַנען ביים עמוד אין זיין שטעטל, דאָרט טיף אין פוילן, אַזוי זיך דאָ אַוועקגעשטעלט, אָנגעשפּאַרט אינעם קליינעם אויסגעדאַרטן סאַק־סאַול־בוים מיט ברייט צענומענע הענט און זיך אויסגעטענהט מיטן רבונו של עולם.

פאַרדבקהט איז דער עולם געשטאַנען און געזוכט רעטונג און הילף ביים צעשטערנטן פינקלדיקן הימל פון קאַזאַכסטאַנער סטעפּ, געזוכט אַן ענטפער אויף דער מאַטערנדיקער פראַגע: — ווען וועט שוין נעמען אַ סוף...

דער לאַנגער צעצויגן־ מאָנאָטאָנער פייף־סיגנאַל פון לאָקאָמאָטיוו האָט די קאַזאַכן אויפגעוועקט פון דער פאַרגאַפטקייט און דער יידישער עולם פליטים האָט זיך שנעל צעווינטשנדיק אַ גוט יאָר, זיך געלאָזט צום עשאַלאָן און פאַרלוירן געוואָרן אין די טיפענישן פון די גרויסע ליידיקע וואַגאָנען.

אַ פרישער שניידיקער פייף האָט אויפגעוועקט דעם טויטן סטעפּ. דער עכאָ האָט צעשפּאָלטן דעם טרוקענעם פאַרשרפהטן אומענדלעכן מדבר, וואָס האָט באַגלייט דעם צוג מיט אַן אויפגעהויבענער זאַווערוכע פון זאַמד שטויב און רויך.

די לבנה האָט אַ פאַררויטלטע באַגלייט דעם לויפנדיקן צוג אַוועק אין דער ווייט...

## „סאַן אָבראַבאָטקי"[1]

שוין באַלד דריי חדשים ווי חיים גרינשטיין וואַלגערט זיך מיט ווייב און קינד ביים וואָקזאַל אין סאַמאַרקאַנד — היימלאָז, הפקר, אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה, אָן אויסזיכטן צו קריגן עפּעס אַן אַרבעט, זיך אַרויסרייסן פון דער קלעם, פון דער בראָדיאַגישקייט.

צענדליקער, הונדערטער פאַמיליעס זענען געלעגן מיט געפּעק אינעם שיטערן וואָקזאַל־גערטנדל מיט די אויסגעסאָכניעטע ביימלעך, צו עטלעכע פאַמיליעס אונטער אַ בוים, ביי די ווענט אין די זייטיקע געסלעך אַרום וואָקזאַל, נישט צו קריגן קיין דירה און נישט צו פאָרן ווייטער.

די פרוי זיינע, חיים גרינשטיינס, איז שוין נישט געווען צו דערקענען. זי איז געלעגן מיטן קינד אויפן ליימיק־געלן האַרטן באָדן, די פּעקלעך צוקאָפּנס, אויסגעשמירט, מיט פאַרזאַמדיקטע און פאַרשטויבטע פּנימ'ער, פאַרסמאַליעט פון דער ברענענדיקער זון בייטאָג און אויסגעווינטיקט פון די נאַכטיקע זאַמד־ווינטן, וואָס האָבן געבריט דאָס פּנים מיט די אויגן.

ווען ער קריגט זיך אַריין ווו אויף אַן אַרבעט־פּלאַץ וואָלט ער געווען אַ געהאָלפענער מענטש. ס'גייט נישט אַזוי אין דער אַרבעט. ס'פעלט אויך נישט ווו צו אַרבעטן. אין דעם לאַנד ווייסט מען נישט פון קיין אַרבעט־לאָזיקייט. פאַר אַ פּאָר הונדערט רובל אַ חודש קאָן מען דאָ לייכט פאַר־קויפן די ידים, מיטן כוח, מיטן גאַנצן לייב און לעבן. פאַר די שכירות קאָן מען סיי ווי נישט האָבן מער ווי וואַסער אויף קאַשע. דער עיקר איז דאָס ברויט־קאַרטל פאַר זיך און פאַר דער משפּחה. אַז מען באַקומט אַר־בעט באַקומט מען אַ צוטיילונג פון שפּייז־פּראָדוקטן אויפן מלוכהשן פּרייז, וואָס חשבונט זיך אָנשטאָט 100 רובל אויפן שוואַרצן מאַרק 10־12 רובל רעגירונג־פּרייז, ס'איז טאַקע אַ הונגער־פּאַיאָק, אויסקומען דערמיט קאָן

[1] דיזענפעקציע־קאַמער.

## ב. טערקעל

מען נישט, אָבער שטאַרבן פון הונגער קאָן מען שוין אויך נישט. בלויז די נשמה צו דערהאַלטן.

בכדי אָבער צו באַקומען אַרבעט — דאַרף מען האָבן אַ ספּראַוקע פון ווינאַמט, אַז מ׳האָט אַ דירה און אַ דירה קריגט מען דעמאָלט, ווען מען קאָן באַווייזן אַ ספּראַוקע פון אַ פאַבריק, אַז מען איז דאָרט באַשעפטיקט. אַ פאַרכישופטער קרייז. אַז מען דרייט זיך אַריין — איז שוין שווער זיך אַרויסצודרייען פונעם לויפעניש איבער די אַמטן, צו די באַאַמטע, פון פענצטערל צו פענצטערל און פון טישל צו טישל.

איז וויאַזוי־זשע באַקומט מען פאָרט די דאָזיקע נייטיקע פּאַפּירלעך, וואָס אָן זיי איז מען אַזוי גוט ווי אַ מת, אַ לעבעדיקער מת?

זייט רואיק. דאָ איז נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס מען זאָל וועלן און נישט קאָנען קריגן. פאַר געלט קריגט מען דאָ די וועלט. מען קריגט פּראָדוקטן און קאַרטלעך אויף פּראָדוקטן און ספּראַוקעס צו קריגן די קאַרטלעך און פּאַפּירלעך צו קריגן די ספּראַוקעס.

ערגער איז, אַז מען איז אינגאַנצן אָן געלט, אַזוי ווי חיים גרינשטיין, אַ ייד אַ קבצן, נישט קיין געריבענער, קיין אויסטויגער, אַז מען גייט מיטן ...כן וועג, ווי חיים גרינשטיין פירט זיך דאָ די גאַנצע צייט.

מיטן דאָזיקן גלייכן וועג איז ער טאַקע געלעגן מיט ווייב און קינד הינטערן פּלויט פון סאַמאַרקאַנדער וואָקזאַל, געשעפּט פרישע לופט וויפל ס׳האַרץ האָט נאָר געגלוסט. דערווייל זענען די טעג געווען שיינע, זומער־דיקע, צו די רעגנס איז נאָך ווייט. די ביימער זענען צעגרינט. בייטאָג גיבן זיי שאָטן. ביינאַכט גנבעט זיך דורך די לבנה דורך די געדיכטע אַקאַציע־צווייגן, ס׳איז לופטיק, אַ מחייה. ליגט מען טאַקע אויף דער גאַס אונטערן פרייען הימל און מען וואַרט אויף נסים...

ביז...

גאָט איז אַ פאָטער.

אַ באַקאַנטער זיינער, פון דער היים נאָך, וואָס האָט שוין דאָ באַקו־מען בלאַט, געשלאָסן קאַנטשאַפט אין אַ פאַבריק ווו ער האָט געאַרבעט, האָט נישט קאָנענדיק צוקוקן ווי גרינשטיין וואַלגערט זיך אַרום ביים וואָק־זאַל — איז ער צו אים געקומען אין אַ פאַרנאַכט מיט דער בשורה:

# צווישן שאַקאַלן

— אין מיין בריגאַדע פעלט אַ מענטש, קאָן איך אייך צונעמען, צו־פרידן?

— פאַרוואָס נישט?

אָנגענומען צו ווערן אויף דער פאַבריק אָן אַ ספּראַווקע פון ווויענאַמט מיינט קריגן באַלד אַ דירה און פּטור ווערן פונעם הינטישן לעבן אויף דער הפקרער גאַס.

אויף צומאָרגנס פרי האָט זיך חיים גרינשטיין געיאַוועט אין קאַבי־נעט פון פאַבריק־דירעקטאָר.ביים שרייב־טיש איז געזעסן אַ יונגער חברה־מאַן, אַ דיקער, אָן אויסגעפּאַשעטער אין אַ גרינער רובאַשקע און לייווונ־טענע פּאַרטיי־שטיוועלעך אויף דיקע לעדערנע זוילן.

ער האָט אים באַטראַכט, גרינשטיינען, פון אויבן ביז אַראָפּ. דער ערשטער סאָוויעטישער סטראָי פון אָן אויסגעריבענער און צעדריוולטער פּופּייקע וואָס גרינשטיין האָט געטראָגן אויף זיך, איז אים, זעט אויס, געווען פאַרדעכטיקט, צו שטאַרק „פּאָ סאָוויעטסקאָמו“ [2]. ער האָט אים געפרעגט זיין נאָמען, דעם נאָמען פון טאַטן און טאַטנס טאַטן. מיט וואָס ער, זיין פאָטער, האָט זיך באַשעפטיקט. וועגן זיין סאָציאַלן מצב, דאָס הייסט פון וואָס פאַר אַ משפחה ער שטאַמט, צי חס־וחלילה נישט פון קיין בורזשויען אָדער קלעריקאַלן, סוחרים צי פאַבריקאַנטן.

חיים גרינשטיין שטאַמט טאַקע פון דורות בעלי מלאכות, אמתע האַ־רעפּאַשניקעס. האָט ער זיך לחלוטין נישט וואָס צו שרעקן. ער האָט אַ ריינעם געוויסן און נאָך ריינערע הענט, דער זכות פון זיין טאַטן, עליו השלום, איז אים טאַקע ביי געשטאַנען, געפעלן געוואָרן דעם דירעקטאָר, געוווּנען זיין צוטרוי. ער האָט באַקומען אַ צעטעלע צום פאַרוואַלטער פון דער באַד דורכצומאַכן די סאַן־אָבראַבאָטקי און אַ צופרידענער איז ער דערמיט אַרויס פון דירעקטאָרס קאַבינעט.

אָט באַלד וועט ער אַרבעטן און זיך אויסזוכן אַ דירהלע, באַקומען ברויט־קאַרטלעך פאַר זיך, פאַרן ווייב און קינד. עס איז נאָך דאָ יושר אויף דער וועלט. אַזוי לאַנג געבידעוועט. איצט וועט ער האָבן די פאַרגי־

[2] סאָוויעטיש.

טיקונג פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט געליטן, געליטן און גע־
שוויגן. דער יושר מוז זיגן.

* * *

אין אַן אַלט הילצערן הייזל מיט אָפּגעקרישלטע ווענט האָט זיך גע־
פונען די באָד פון כלאָפּ־זאַוואָד [3]. חיים גרינשטיין האָט צונויפגעלייגט
זיינע מטלטלין אויף אַ דראָט וואָס ער האָט באַקומען פון באַנשטשיק [4]
ביים אַריינגאַנג. דער בעדער האָט זיינע זאַכן צוזאַמען מיט די זאַכן פון
די איבעריקע אַוועקגעטראָגן פון דער באָד אין סאַן־אַבראַבאַטקי ביידל,
וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף אין אַנדערן פליגל פון דער באָד.

גרינשטיין האָט זיך גוט אַרומגעוואַשן, זיך דערלויבט דאָס פאַרגע־
ניגן צו גיסן אויף זיך הייסע שעפלעך וואַסער. אַ תענוג, שעפל נאָך שעפל.

ס'לויפט פאַרביי אַ האַלבע שעה, אַ שעה שוין. ס'ווערט אים נמאס
דאָס פליושקען זיך מיטן וואַסער, און די זאַכן זענען נאָך אַלץ נישטאָ.

ווערן שוין אַלע אומגעדולדיק.

פון האַלב־צעבראָכן באָד־פענצטערל רייסט זיך אַריין אַ ריח פון
סמאָלינעס.

— וואָס קאָן עס זיין? — רופט זיך אָן אַ פאַרזאָרגטער איינער פון
דער אייבערשטער באַנק צו חיים גרינשטיינען, וואָס איז געלעגן אַ באַנק
נידעריקער און געשוויצט, געפרייכט פון אָנגעהייצטן בעדל.

אַ דריטער לעבן זיי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— וואָס ס'קאָן זיין, פרעגט איר? גאָרנישט, קאָן זיין, זיי סמאָליען
זיך דאָרט, די גאָטס־באַשעפענישן, פּרעהס דריטע מכה, און מאַכן אָן אַזאַ
מין געסראָכע.

— פוי, — כאַפּט זיך גרינשטיין פאַר דער נאָז — ס'איבלט דער
ריח, אַזוי שטאַרק סמאָליען זיי זיך, אַז מען פילט זיי אַזש דאָ?

— אָ, אָ, דו קאָנסט נאָך נישט די לצים. זיי ,אַז זיי סמאָליען זיך,

---

[3] באַוול־פאַבריק,

[4] בעדער,

פילט מען זיי איבער דער גאַנצער שטאָט. די היגע זענען לייבן אַקעגן פרעהס כנים.

די גאַנצן באָד ווערט אומרואיק. אַזוי לאַנג? און דאָ איז מען נאַקע־טע. ווי קאָן מען אַזוי אַרויסגיין פון באָד. זיך ווייזן אינדרויסן אָדם־נאַ־קעט. וואַרט מען...

אָבער דאָס איז שוין אויך פאַרמיאוסט געוואָרן. אַ גאַנצן טאָג שוין באַלד ווי מען זיצט אַזוי. די זון וואַרפט שוין אַריין אַ קאַרגן ליכט־פּאַס און באַלויכט די שפּינוועבס, וואָס האָבן ווי אַ נעץ פאַרפלאָכטן די שמוציקע פייכטע ווענט. לויפט מען צו דער טיר, מען מאַכט אַן אַליאַרם, מען טומלט און מען שרייט, ביז עס קומט ענדלעך אַריין דער שעף פון דער סאַן־אַבראַבאַטקי און מעלדעט גאַנץ קאַלט:

— רעביאַטאַ! ס'איז געווען אַן אומגליק. די סאַן־אַבראַבאַטקי האָט זיך אָנגעצונדן. אייערע זאַכן זענען פאַרברענט געוואָרן. דאָרט זיצט איצט אַ קאָמיסיע און שטעלט צונויף אַן אַקט...

אַ שוואַרצע כמאַרע האָט זיך פאַרצויגן איבער חיים גרינשטיינס אויגן, ווי די פאַרע אין באָד וואָלט געוואָרן געדיכט ווי אַ נעפּל:

— מיין פופייקע! דאָס איינציקע שטיקל אייבער־מלבוש, וואָס איך האָב געטראָגן אויף זיך! מער פאַרמאָג איך גאָרנישט. — גיט מיר אָפּ מיין פופייקע! — האָט ער געזומען שרייען ווי אַ באַנומענער.

— מאַלטשי, ניע קריטשי![5], נאָר דו איינער, מיינסטו, האָט פאַר־לוירן דיינע זאַכן, ביסט נישט דער איינציקער, נאָך פאַראַן אַזוינע מיוחסים ווי דו.

חיים גרינשטיין האָט געפילט ווי די ערד וואָלט זיך אים געשפּאָלטן אונטער זיינע פיס. ער איז צוגעפאַלן צו דער גליטשיקער הילצערנער באַנק, אַ נאַקעטער געבליבן זיצן מיט אַ פאַרגראָבענעם קאָפּ אין דער ברוסט.

אַ דעלעגאַציע פון פאַבריק מיטן דירעקטאָר בראש זענען אַריינגע־

[5] שווייג, שריי נישט.

קומען און יעדן איינעם אויסגעפרעגט וועגן זיינע זאַכן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

גרינשטיין האָט זיך געקלאָגט:

— דאָס איינציקע וואָס איך האָב געהאַט אויף זיך, די פופייקע, מער האָב איך נישט.

— וועסט באַקומען אַן אַנדערע, אַ בעסערע, האָט אים דער דירעק־טאָר געענטפערט, מיט אַ לייכט שמייכעלע אונטער די וואָנסעס.

אין אַ שעה שפּעטער האָבן צוויי אַרבעטער אַריינגעוואָרפן אין דער טונקלקייט פון דער באָד אַ שטויס צעקנייטשטע מלבושים. דער גאַנצער עולם האָט זיך אַ ריס געטאָן, ווי צו דער גרעסטער מציאה און געשלעפּט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

גרינשטיינען איז פאַרבליבן אַן אַלטע אויסגעדריוולטע גימנאַסטיאָר־קע, אַ פּאָר לייוונטענע שוואַרצע הויזן, אַ פּאָר טאַפּקעס [6] אויף די פיס און דאָס איז אַלץ.

— אַזעלכע טראַנטעס, ווי קאָן מען אין זיי אַרויסגיין אין גאַס אַריין.

ער איז אַזוי געזעסן אַ נאָקעטער ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, און ווען ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז קיינער איז שוין נישטאָ, האָט ער אַרויפגעשלעפּט די שמאַטעס אויף זיך און אַוועק צו זיין „דירה" אויפן וואָקזאַל.

זיין פרוי האָט, אָנקוקנדיק אים, זיך פונאַנדערגעוויינט.

— אַ שיין פּנים האָסטו, זע נאָר, קוק זיך אָן ווי דו זעסט אויס, אַפילו ביינאַכט זעסטו דאָך אויס ווי אַ סטראַשידלע...

— שוין פאַרלוירן מיין מענטשלעך פּרצוף, אין דאָזיקן הולך. גוט, זייער גוט האָבן זיי אויסגעפּרייעט פּרעהס מכות. איצט וועל איך שוין זיין אַ גוטער, ערלעכער אַרבעטער, צוגלייך מיט אַלע, איך בין אויסגע־גלייכט געוואָרן מיטן גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. אָבער דערפאַר וועל איך שוין האָבן, אַן אַרבעט־פּלאַץ און קאָנען גיין זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ...

[6] לייוונטענע שטעק־שיך.

# צוויי חברים

אין דער היים, אין קליינעם שטעטעלע, ערגערצוווּ אין וואָלינער גו־בערניע, איז ר׳ לייבעלע בעקערמאַן, געווען כל ימיו אַ מלמד. געהאַלטן אַ חדר און געקנעלט מיט יידישע קינדערלעך אַ פּרשה חומש מיט רש״י.

דאָ, אין דער רוסישער פּאַרוואָגלעניש, גייט מען דערפאַר זיצן אויף צען יאָר. האָט ר׳ חיימל געמוזט פאַרגעסן זיין מלמדות מיט די מיחושן און חולאתן, אַז ער האָט אַ קראַנקע לעבער, אַ שוואַך האַרץ און נאָך אַ שוואַכע ראיה, מיט עפּעס אַזעלכע מיני קוועטשענישן און דריקענישן פון זיצן און קנעלן לאַנגע יאָרן מיט די תלמידים; פאַרגעסן אין זיין „קלע־ריקאַלער פאַרגאַנגענהייט״ און ווערן אַ פּראָדוקטיווער עלעמענט, איינער פון ראַבאָטשי נאַראָד [1].

זיין געוועזענער שכן פון דער היים נאָך. אַהרן ראַפּאָפּאָרט, וואָס איז געווען אַ גאַנצער שמעלקע דאָ אויף דער פאַבריק, האָט זיך געמיט פאַר אים, ער זאָל קריגן אַ לייכטערע אַרבעט און נישט דאַרפן אַזוי שטאַרק אויסגעריסן ווערן. קוים מיט צרות איז דאָס שתדלנות געלונגען. זיין מי איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. און ר׳ לייבעלע מלמד איז גע־וואָרן אַן אָנטרייבער פון פערד־און־וואָגן, געטאָן אַ שפּרונג פון חדר־שטיבל אין פערד־שטאַל אַריין און גיי, ברודערקע, אין שפּאַן.

פון וואַנען ווייסט ר׳ לייבעלע מיט וואָס מען עסט עס. אַז כל ימיו איז ער נאָענט צו קיין פערד נישט צוגעגאַנגען. אַז ער האָט זיך גאָר גע־האַלטן פון דער ווייטנס, ווער ווייס וואָס אין פערדישן מוח פּאַסטופּעט. ס׳קאָן אומגעריכט געבן אַ קאָפּע אין בויך אַריין, מ׳זאָל בלייבן אויפן אָרט.

— שיינע צייטן דערלעבט! — האָט זיך לייבעלע געקראַצט די שפּיץ־גאָמבע. נישט אָננעמען די אַרבעט, הייסט ווייטער אַרומגיין אָן אַ ברויט־קאַרטל און אַזוי באַקומט ער יעדן טאָג 500 גראַם, און סתם קוקן דעם

[1] אַרבעטער־עולם.

טויט אין די אויגן אַריין, ער האַלט דאָך ערשט איצט ביי די פּופּציק. נאָך אַביסל צו פרי צו גיין אין דער ערד אַריין. און ר׳ לייבעלע האָט זיך צו־געוווינט...

* * *

אַלעקסיי סערגעיעוויטש אַנאַניעוו, דער נאַטשאַלניק פון קאָנני־דוואָר[2], האָט אַ קוק געטאָן אויף ר׳ לייבעלען און זיך צעשמייכלט אין זיין געלער באָרד אַריין, אים אָפּגעמאָסטן מיט זיין בליק פון אונטן אַרויף און שפּאָטיש אַ זאָג געטאָן:

— אַ שיין אַרבאָקעזש[3] האָט מיר ראַפּאָפּאָרט צוגעשטעלט. אַנוקאַ, קום, וועל איך דיר אָנווייזן דיין פערד און וואָגן און גיי אַרבעטן, פּאָס־מאָטרים[4], צי דו וועסט זיך אויסטויגן...

ר׳ לייבעלע איז אַריין אין פערד־שטאַל. ס׳האָט אים אַ שלאָג געטאָן צו דער נאָז דער ריח פון אויסגעשווייסטן און צעפּאַרעטן פערד־לייב און פערד־מיסט אַזש ס׳האָט אים פאַרהאַקט דעם אָטעם.

אַנאַניעוו האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ ברוין אויסגעדאַרט פערד מיט אַרויסגעסטאַרטשעטע ביינער פון די איינגעפאַלענע באַקעס:

— נו, וואָזמי. נעם דאָס פערד, בערשט אים אויס, פּאָיע אים אָן און שפּאַן אים איין. אין דער פאַבריק־האַלע וועסטו אָנגרוזעווען זעק מיט מעל און פירן אין מאַגאַזין אַריין.

דער כיטרער אַנאַניעוו האָט אָפּגעזאָגט דעם גאַנצן פּזמון מיט איין אָטעם און איז אַרויס פון שטאַל.

ר׳ לייבעלע איז געבליבן שטיין אַ צעשראָקענער אין מיטן שטאַל אין דער חברותא פון אַ דרייסיק פערד און נישט געקאָנט אַ ריר טאָן מיט קיין אבר, ווי ער וואָלט געליימט געוואָרן. עפּעס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די פערד באַטראַכטן אים אָט פּונקט אַזוי ווי אַנאַניעוו, לאַכן אים אויס. דאָס ברוינע פערדל זיינס קוקט אים אָן אַזוי מאָדנע תמעוואַטע. און עס

---

[2] פערד־הויף.

[3] פורמאַן.

[4] מיר וועלן אַ קוק טאָן.

דוכט זיך אים, אַז עס ווינקט צו אים מיט די פאַרוואַסערטע פערדישע אויגענעס, ער זאָל זיך דערנענטערן צו אים... אַז ער וועט זיך באַגיין מיט אים מענטשלעך, וועט ער אים גאָרנישט טאָן.

אין דרויסן האָט זיך צעשריגן די סירענע.

* * *

ר׳ לייבעלע האָט אָנגענומען מיט ציטערדיקע הענט דאָס פערד ביי דער גריווע, און וווּנדער איבער וווּנדער: דאָס פערד גייט אַליין, מען דאַרף עס גאָרנישט בעטן. ער גייט פאָרויס און דאָס פערד נאָך אים. בערשטן אים די פעל האָט ער מורא. אָנטאָן דעם כאָמעט און איינשפּאַנען אין הויכן וואָגן מיט די צוויי רעדער, האָט אים שוין נישט געסטייעט קיין מוט.

ר׳ לייבעלע איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער, נישט צו וויסן פון וואָס אָנצוהייבן.

— וואָסי, וואָס קלערסטו אַריין אַזויפיל אין עסק — האָט זיך צו אים דערנענטערט דער יונגער אוזבעק, וואָס פאָרעט זיך אויפן פערד־הויף, איינער פון די געהילפן־יינגלעך וואָס גיבן אַכטונג אויף די פערד.

ר׳ לייבעלע האָט זיך געשעמט צו פאַרטרויען פאַרן יונגן שנעק, אַז ער האָט קיינמאָל מיט קיין פערד נישט געהאַט צו טאָן, אַז ער קאָן נעבעך נישט די מלאכה.

דעם אוזבעק האָט מען נישט באַדאַרפט לייגן קיין פינגער אין מויל אַריין. ער האָט נאָר אָנגעקוקט דעם פאַרשוין מיטן לאַנגן ברוינעם מאַנטל ביז צו די פּיאַטעס, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך קיינמאָל מיט דער מלאכה נישט פאַרנומען און אים גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן:

— סמאָטרי [5] איך וועל דיר באַווייזן און לערן זיך אויס. נישקשה, זאָרג זיך נישט, פריוויקניעש [6].

דער אוזבעק האָט מיט געשיקטקייט איינגעשפּאַנט דאָס פערד. דער־לאַנגט ר׳ לייבעלען אַ בייטש אין דער האַנט — יאַזדאַ, פּאָר!

---

5 קוק.

6 וועסט זיך צוגעוווינען.

## ב. טערקעל

ר׳ לייבעלע איז קוים אַרויפגעקראָכן אויף דער קעלניע. די לאַנגע פּאָלעס פון זיין מאַנטל האָבן זיך אים פאַרפּלאָנטערט צווישן די פיס און ער איז אויף אַן אמת אַוועקגעפאָרן.

* * *

צומאָרגנס איז ר׳ לייבעלע געקומען אין דער שטאַל אַריין נאָך זיין פערדל, והילד איננו. וועלכעס איז זיין פערד? ער האָט געהאַט אַ סימן. ס׳איז געווען אַ ברוין פערדל. איצט זעט ער, אַז אין שטאַל שטייען נאָך עטלעכע ברוינע פערד. און גיי דערקען וועלכעס ס׳איז זיינס, אַז אַלע האָבן זיי איין פּנים און זענען אַלע אויסגעדאַרטע און אויסגעקוואַרטע.

האָט אים ווידעראַמאָל אַרויסגעהאָלפן פון זיין פאַרלעגנהייט דער יונגער אוזבעק.

אָבער אַ מלמד איז נישט קיין באָק. ר׳ לייבעלע האָט זיך צו עפּעס דערטראַכט: פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, ווען ער האָט צוריקגעפירט זיין פערד אין שטאַל, האָט ער אים צוגעבונדן צום עק אַ שטיקל רויטע שמאַטקעלע. אַ באַרואיקטער, אַז איצט וועט ער שוין דערקענען זיין שקאַפּע, איז ער אַרויס פון שטאַל.

* * *

ר׳ לייבעלע און זיין פערד זענען געוואָרן חברים און נאָך וואָס פאַר אַ חברים. גוטע און האַרציקע ידידים. ס׳איז צווישן זיי אָנגעקניפּט געוואָרן אַזאַ גוט־פריינטשאַפט און האַרציקייט, וואָס מען זעט עס זעלטן צווישן מענטשן.

אַבי מענטשן זאָגן אַז אַ פערד איז אַ נאַר. עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. פרוווט עס זאָגן ר׳ לייבעלען, איז ער גרייט אייך דורס צו זיין. ער באַווייזט אייך מיט אותות ומופתים, אַז קיין קליגערע באַשעפענישן זענען אויף דער וועלט גאָר נישטאָ. זיי האָבן זיך ביידע צוגעוווינט איינער צום צווייטן, ביידע זענען זיי צוויי גרויסע שלימזלס. ביידע הונגערן זיי, ר׳ לייבעלע און זיין קליאַטשע.

אַ מענטש מיט 500 גראַם ברויט אַ טאָג און אַ פערד מיט הוילע שטרוי קאָנען נישט אַרבעטן ווי ס׳געהער צו זיין. ליגט די בייטש ביי

ר׳ לייבעלען אויף דער קעלניע ווי איבעריק, ער נוצט זי נישט לחלוטין, פאַרוואָס זאָל ער שלאָגן זיין פערד. אַז סך־הכל שלעפּט ער קוים די פיס. אַז קיין צורה פון קיין האָבער זעט ער נישט פאַר די אויגן. עס שטייט בפירוש געשריבן, זאָגט ר׳ לייבעלע, אַז האָבער דאַרף עסן אַ פערד און דאָ איז גאָר פאַרקערט. דאָ עסט גאָר דאָס האָבער אַנאַניעוו און פון דער טרוקענער שעטשקע (געמאָלן שטרוי) אָן דעם צומיש צומאָל פון די 400 גראַם גערשטן־מעל, וואָס קומט דעם פערד על פּי דין, קאָן עס נישט ציען די פיס. און גיי טו אים עפּעס, אַנאַניעוון, אַז ער גנבעט אַראָפּ דאָס ביסל מעל פאַר זיך. פאַר וועמען זאָל זיך דאָס פערד קלאָגן, אַז שרייבן קאָן ער נישט און ריידן אויך נישט און אַז יאָ, וואָלט עס אים דען געהאָלפן?

ווערט ר׳ לייבעלע איינגעדאַרטער פון טאָג צו טאָג. ער פילט ווי די כוחות לאָזן זיך אים אויס און דאָס פערד — אַ ביטער רחמנות. פון דער מלוכהשער קעסט האָט ער געקריגן געשווירן. די אויגן טריפן ביי אים מיט אייטער. די אונטערשטע גראָבע ליפּ הענגט אים נאָך אַ שלאָבעריקע. פון אַלע זייטן באַפאַלן אים פליגן און אינזעקטן צופּן און רייסן פון אים שטיקער. ער שלעפּט קוים מיט די מידע פיס דעם וואָגן מיט ר׳ לייבעלען אויף דער קעלניע. און ער קאָן נישט צוקוקן דעם פערדס פּיין. דאָס פערד באַטראַכט זיין אַנטרייבער מיט פאַרוואַסערטע טרויעריקע אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר אים באַדויערט.

ר׳ לייבעלע האָט גרויס רחמנות אויפן פערד און דאָס פערד, וואָלט ר׳ לייבעלע געשווירן, קאָן נישט צוקוקן זיין צער...

* * *

איינמאָל איז ר׳ לייבעלע געקומען באַגינען אין שטאַל אַריין נעמען דאָס פערד צו דער אַרבעט. און דער חברה־מאַן וויל זיך נישט רירן פון אָרט, ער ליגט אויף דער ערד און אייגעקשנט ווי אַ פערד. די גזשיווע צעקודלט, די אויערן אַראָפּגעלאָזט, אויגן אַזעלכע מאַטע און בעטנדיקע, פּאַכעט מיט די באַקעס. ר׳ לייבעלע קוקט אויף אים און ס׳דאַכט זיך אים ווי ער וואָלט צו אים גערעדט אויף שטום־לשון:

— נאָ, זעסט, ס׳אַראַ פּנים מיר האָבן אַלע, אַנאַניעוו, ער איז שול־

דיק אין אַלעם. ער האָט צוגענומען דאָס מעל פאַר זיך און דאָס טרוקענע שטרוי האָט צעלעכערט מיינע געדערעם. אין שפּאַן מער קאָן איך נישט גיין און געענדיקט.

ר׳ לייבעלע איז אַוועקגעלאָפן אַ צעטומלטער צו אַנאַניעוון. אין איין שרעק מען זאָל נישט וואַרפן די שולד אויף אים. ער איז דער „קאָניוך״ און נישט אַנאַניעוו.

ס׳איז באַלד געקומען דער וועטערינאַר, באַטראַכט דאָס פערד, אַ שטורכע געטאָן מיטן פוס. נאָר דאָס פערד האָט זיך נישט געוואָלט רירן. ס׳איז אים שוין אַלצאיינס. אַנאַניעוו האָט זיך צוגעכאַפּט צום פערד מיט אַ קלאָניצע געשלאָגן איבער די פיס, ס׳זאָל זיך אויפהייבן און דאָס פערד נישט פון אָרט, ווי נישט אים מיינט מען דאָס.

ער האָט זיך האַסטיק אומגעקערט צו ר׳ לייבעלען פול מיט רציחה:

— דו האָסט מיר פאַרמוטשעט דאָס פערד — האָט זיך אַנאַניעוו מיט בלוט פאַרלאָפענע אויגן געוואָרפן אויף ר׳ לייבעלען, אים געזידלט מיט די ערגסטע רוסישע קללות.

בינו לבינו האָט זיך דאָס פערד צעבריקעוועט מיט די קאָפּיטעס, זיך אַ וואָרף געטאָן פון איין זייט אויף דער אַנדערער מיט צעפּאָכעטע באָקעס און אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגע צונג.

ר׳ לייבעלע איז געשטאַנען פאַראומערט, האָט נישט געהאַט די אויגן וווהין אַהינצוטאָן. אויפן האַרצן איז אָנגעזאָליעט. אַנאַניעוו האָט זיך גע־וואָרפן פון רציחה און דראָט אים צו פאַרשיקן קיין סיביר, נאָכאַמאָל קיין סיביר.

מען האָט צונויפגעשטעלט אַן אַקט, אַז פון אַן אומבאַוווסטער סיבה איז דאָס פערד פלוצים אַוועקגעפאַלן. אַלע האָבן זיך אונטערגעשריבן, ליי־בעלע אויך...

ר׳ לייבעלען האָט געקלעמט ביים האַרצן. פאַרלוירן אַ גוטן האַרציקן חבר, מיט וועלכן ער האָט צוזאַמען געבידעוועט. ער האָט נאָכאַמאָל אָנגע־קוקט, באַטראַכט זיינע אַרויסגעסטאַרטשעטע ביינער מיט די אויסגעצוי־גענע קאָפּיטעס. און דאָס פערד האָט אים אָנגעקוקט מיט די שטאַר־אַרויס־

געקאָלערטע גרויסע אויגן, וואָס זענען געבליבן אָפן פול מיט תרעומות אויף דער שלעכטער וועלט.

ר׳ לייבעלע האָט געלאָזט אַ שטילע טרער און איז אַרויס פון שטאַל.

* * *

צומאָרגנס האָט מען ר׳ לייבעלען גערופן אין קאַבינעט פון דירעק־טאָר:

— דו טויגסט נישט פאַר קיין אָנטרייבער. ס׳איז נישט פאַר דיר, איך באַפריי דיך פון דער אַרבעט.

אויף יענער זייט טיר האָט זיך ר׳ לייבעלע ערשט אָפגעגעבן חשבון, אַז פון דער צרה, וואָס מען האָט אים גאָרנישט געטאָן האָט אים אָפגע־ראַטעוועט זיין שכן אַהרן ראַפּאָפּאָרט און ער איז געווען פול מיט דאַנק־באַרקייט פאַר אים. אפנים, אַז די וועלט קאָן נאָך האָבן אַ תיקון. ס׳איז נאָך נישט אַזוי שלעכט. די וועלט איז נאָך נישט כולו חייב.

# פון וואָס מען קאָן אַלץ מאַכן אַ לעבן...

בערל וואַלדמאַן איז אַמאָל געווען אַ מענטש...

היינט האָט ער יענעמס פּנים — געל ווי אַ מייער, מיט אויסגעסטאַר־טשעטע קינבאַקן, גייט איינגעהויקערט ווי אַ זקן, כאָטש ער איז אַלט איצט קרוב צו די דרייסיק. די אוזבעקן רופן אים „באַביי״[1], קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. ער טראַכט שוין נישט מער פון אַמאָל. אַלץ שוין פאַרגעסן, פאַרגעסן...

ער איז אַנטלאָפן פון קאָלכאָז, ווו ער האָט נישט געקאָנט מער אויס־האַלטן דעם הונגער, ביז ער איז געקומען אין כלאָפּ־זאַוואָד[2] און מיט גרויס פּראָטעקציע געוואָרן אַן אַרבאַקעוזש[3] און צוגעטיילט געוואָרן אונ־טער דער אָנפירונג פון אוקראַאינישן נאַטשאַלניק קופעריאַנאָוו. זיין עובדה איז געווען אָפּצורוימען דאָס מיסט און פערדן־אָפּפאַל אויפן גאַנצן שטח פון זאַוואָד און אַרום אים.

ער איילט זיך נישט, מען יאָגט אים נישט אין קאַרק אַריין ער זאָל זיך יאָגן. זיין פערד און וואָגן האָבן זיין מערכה. דער וואָגן אויף צוויי רעדער סקריפּעט און רוישט איבער דער גאַנצער גאָס. דאָס פערד הונגערט צו ווי זיין באַלעבאָס, און דערצו איז עס בלינד, ס׳האָט בעלמעס אויף די אויגן. קוים וואָס ער שלעפּט דעם וואָגן. דער נאַטשאַלניק קופעריאַנאָוו באַטראַכט שטענדיק זיין אַרבעטער און אָבסערווירט אים מיט זיינע קליי־נינקע צוגעשפּיצטע אויגענעס, ער באַטראַכט זיין הילוך און שפּיזט אים דורך:

— העי, בערקאָ כאַימאָוויטש, סקאַזשי־קאַ דיעדושקאַ, קאַק טי זשי־ווישאָש?[4] — שרייט צו אים אַריבער קופעריאַנאָוו.

---

1 אַלטיטשקער.
2 וואַטע־פאַבריק.
3 אָנטרייבער.
4 זאָג־זשע, אַלטיטשקער, ווי לעבסטו?

# צווישן שאַקאַלן

— אויב מען קאָן זאָגן, אַז גוט, לעב איך זייער גוט, טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק — ענטפערט אים בערל נאַכלעסיק.

— מען דאַרף בעסער אַרבעטן, בערקאָ כאַימאָוויטש, קאָן מען ווערן אַ לייט. אַפילו דו קאָנסט נאָך אויך ווערן אַ מענטש און אויסגלייכן דיינע ביינער. מען דאַרף נאָר ווען.

בערל וואַלדמאַן האָט אויפגעריסן די אויגן — וויאַזוי?

— מאָרגן, נאָכן אָביעד[5] קום אַריין אין מיין קאַנטאָר וועלן מיר אַ שמועס טאָן, פּאָגאָוואָרים, בערקאָ כאַימאָוויטש[6].

— לאַדנאָ, טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק.

* * *

סאַדיס, דיעדושקאַ[7] — האָט קופּעריאַנאָוו אָנגעוויזן וואַלדמאַנען אויף דער שטול פאָרנטביים טיש — לאָמיר אַ שמועס טאָן פון תכלית, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן צי ס׳איז קיינער נישטאָ, און אַרויס מיט לשון:

— בערקאָ כאַימאָוויטש, אַלע דייניקע האָבן שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז מען דאַרף דאָ לעבן און זיך אוסטראָיען[8] און דו ביסט נאָך אַלץ אַ נאָוויטשאָק[9]. וואָס מיינסטו, ביי אונדז טראָגט מען צו יעדן איי־נעם דעם ביסן צום מויל? דו מיינסט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אַ נאַטשאַלניק? וואָט־טשטאָ, מען דאַרף זיך אויסטויגן, בראַטאָק[10]. דער עיקר אַלע וועגן און מיטלען פירן ביי אונדז צו איין ציל: אַרבעטן וויי־קער, נישט אויסגעריסן ווערן און האָבן וואָס צו עסן און דאַלשי, בראַט, טשעפּוכאַ...[11] פאַרשטאַנען, בערקאָ כאַימאָוויטש?

---

5 נאָך מיטאָג.
6 מיר וועלן אַ שמועס טאָן.
7 זעץ זיך, אַלטיטשקער.
8 זיך איינאָרדענען.
9 אַ גרינער.
10 ברודעל.
11 ווייטער, ברודערל, איז אַלץ נאַרישקייטן.

איז הער־זשע: אַ פערד און וואָגן האָסטו. נאָך היינט פאַראָרדן איך, מען זאָל דיר געבן אַ פעסל. וועסט רוימען די קלאָזעטן. אויפן זאַוואָד ביי אונדז אַרבעטן דריי טויזנט אַרבעטער, איז פאַרשטייסטו דאָך, בערקאַ כאַימאָוויטש, אַז קיין אַרבעט פעלט נישט, ס׳איז טאַקע שווער מיטן עסן, אָבער... נישקשה, אַרבעט וועט דיר קלעקן אויף צענדליקער יאָרן. מען דאַרף זיך נאָר אויסטויגן. פאַר אַ פעסל צאָלט מען אָפּיציעל אַכט רובל, אַרויס־פירן וועסטו דורך דער נאַכט פינף־זעקס פעסלעך און מען וועט פאַרשרייבן איך ווייס, אַ 15־16, אַ העלפט פון דער שכירות דיר און אַ העלפט מיר. נאָר מיט קאָפּ און וועסט ווערן אַ מענטש. עסן וועסטו האָבן צו דער זעט, וועסט זיך נישט איבעראַרבעטן, אַ ספּעצאָוווקע[12] וועסטו קריגן און פון צייט צו צייט אַ שטיקל זייף אויך. בײנאַכט וועט טאַקע נישט שמעקן אַזוי, אָבער דערפאַר בייטאָג, וועסטו האָבן אַ פּנים פון אַ מענטשן...

בערל וואַלדמאַן האָט מסכים געווען אויף אַלע רייד פונעם אוקראַי־נישן כאַכאָל מיט אַ צושאָקלען מיטן קאָפּ:

— דאַ, דאַ. פאָנימאַיו, יאַ סאָגלאַסיען...[13]

— כאָראָשאָ![14]

— לאַדנאָ!...

* * *

ווען ס׳ווערט פינצטער, קאָן מען זען ווי בערל וואַלדמאַן זיצט אויף דער קעלניע און פייפט זיך אונטער דער נאָז. זיין פערדל דזשוויגעט אַ פול פעסל איבער דער גאַס און דער ריח־ניחוח צעגייט זיך אין די ווינקלען, איבערן גאַנצן וועג און קריכט אַוועק ווייט איבער די אַרומיקע קאָלכאָזנע פעלדער... ער איז צופרידן. קופּעריאַנאָוו האָלט וואָרט, ער שרייבט צו צו יעדן נאַריאַד[15] מער און מ׳ער פעסלעך און ס׳קומט אָפּצונעמען די זאַר־פּלאַטע[16] וואַקסט אויס די זשמעניע געלט אין זיין האַנט. דער קאַסיר פון

12 אַ ספּעציעלן קאָסטיום.

13 יאָ, יאָ, כ׳פאַרשטיי, איך בין מסכים.

14 גוט.

15 רשימה פון אַרבעט.

16 שכירות.

זאַוואָד פאַרזשמורעט די אויגן, ווען ער ציילט אים אויס די קנאַקעדיקע טשערוואָנצעס [17]. ער גיט אַ רוף אויס צו וואַלדמאַנען דורכן פאַרקראַטעוועטן פענצטערל:

— מאָלאָדיעץ, בערקאָ כאַימאָוויטש, פאַרדינסט שוין באַלד מער ווי דער דירעקטאָר פון זאַוואָד...

בערל וואַלדמאַן האַלט אויך וואָרט, אָט אַזוי, לויטן אָפּגערעדטן אָפּמאַך: חצי שלי, חצי שלך...

ער האָט שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק פון אַ פירער פון מענטשלעכן אָפּפאַל, ער איז באמת צופרידן, וואָס קאָן זיין דען בעסער. ער פאַרגינט זיך שוין צו קויפן איין מאָל אין דער וואָך אַ האַלבן קילאָ פלייש פאַר אַכציק רובל, אַ קילאָ פּאָמידאָרן פאַר פופצן רובל, אַ גלאָז מילך פאַר פינף רובל, אַמאָל טאַקע אויך אַ קילאָ קאַרטאָפל פאַר פופציק רובל, פון צייט צו צייט אויך אַ קילאָ ווייַנטרויבן. איין זאַך אָבער שטעלט אים נאָך נישט צופרידן, עס איז נישטאָ קיין סטאַביל אָרט ווו אויסצוגיסן די „סחורה״.

אַנומלט. עס איז געווען אַ שטאָק פינצטערע נאַכט. בערל איז זיך געפאָרן אויפן וועג צו דער אַלטשטאָט, דאָרט ווו ער האָט אויסגעגאָסן זיין „סחורה״. ווי נאָר ער האָט אריינגעדרייט מיטן וואָגן אויף אַ פעלד, נישט ווייט פון הויפּטוועג, און איז אַראָפּגעקראָכן געלאָסן פון דער קעלניע, זיך איינגעבויגן צום קראַן, האָט ער פּלוצים דערפילט אַ שווערע האַנט וואָס דריקט אים ביים האַלדז. און איידער ער האָט נאָך באַוויזן זיך צו באַפרייען פון קלעם, האָט ער דערפילט שטאַרקע ווייטיקן אין בויך. פון דער פינצטערניש האָט זיך אויסגעשיילט דער סילועט פון אַ הויכן שטאַרקן אוזבעק, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ קלאָניצע און אים געשלאָגן ווו נאָר עס האָט זיך געלאָזט.

בערל וואַלדמאַן האָט אָנגעהויבן צו מאַכן אַ געוואַלד. דער אוזבעק האָט אים געוואָרנט ער זאָל מער נישט אונטערגיסן אונטער זיין פעלד, און אים געלאָזט ליגן אַ קרעכצנדיקן אין דער נאַכט.

[17] 30־רובלדיקע באַנקנאָטן.

## ב. טערקעל

אויף צומאָרגנס, ווען קופּעריאַנאָוו האָט אויסגעהערט בערלס דערציילונג, האָט ער אים צוגעזאָגט זיך צו פאַרשטענדיקן מיט ראַיאיספּאָלקאָם[18] בכדי צו פאַרזאָרגן אַ סטאַבילן אָרט.

אָבער אַ נעכטיקער טאָג...

ווען דער נאַכט־שיכט גייט אַריין צו דער אַרבעט און די אַרבעטער פון זאַוואָד באַמערקן בערלען, שרייען זיי צו אים:

— העי, בערקאָ, אינדערהיים ביי דיר אין פּאָלשע[19], האָסטו זיך אויך באַשעפטיקט מיט דער אַרבעט?

— אַ קאָק־זשע — ענטפערט בערל וואַלדמאַן — אינדערהיים איז עס געווען מיין ספּעציאַליטעט.

— עס שטינקט דאָך, בערקאָ כאַימאָוויטש, — פלעגט אים איינער אַ לײַ נאָכשרייען און לאַכן אויפן קול.

— עס שמעקט, טאָוואַרישטש, יעי באָגו, עס שמעקט. ס׳איז דער בעסטער ריח דאָ. ס׳איז מיר ווויל, גוט, אַ מחייה.

* * *

און אַז אַ מענטשן גייט אַוועק גוט, גייט עס אים פון אַלע זייטן. אייניקע אַרבעטער פון זאַוואָד, די וואָס אַרבעטן אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג, האָבן אים פאַרגעלייגט אַרויסצופירן די געגנבעטע מאַנופאַקטור־סחורה:

— ביי דיר, בערקאָ כאַימאָוויטש, וועט קיינער נישט זוכן. קיינעם פון די אָכראַניקעס[20] וועט נישט איינפאַלן, אַז דו פירסט אַרויס עטלעכע מעטער סחורה — האָט אים פאַרגעלייגט דער אוזבעק ראַכמאַטאָוו — ווייסט דאָך, דערלייגן וועסטו נישט.

בערל וואַלדמאַן, האָט טאַקע נישט דערלייגט, נאָר פון חודש צו חודש

---

[18] ראַיאָן־שטאָט־פאַרוואַלטונג.

[19] פּוילן.

[20] וועכטער פון דער פאַבריק.

צוגעלייגט מער טשערוואָנצעס צו זיין פעקל, וואָס ער האָט שטענדיק גע־האַלטן איינגעניייט אונטער זיין פופייקע.

* * *

אין זאַוואָד איז דער שם פון בערל וואַלדמאַן געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אויף אַלע פאַבריק־פאַרזאַמלונגען האָט מען אויף אים אָנגעוויזן ווי אויף אַ מוסטער:

— איר זעט, אַז אַ מענטש וויל אַרבעטן, קאָן ער זיך אַרויפאַרבעטן. ער איז טאַקע פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס סטאַכאַנאָוויעץ, ער האָט גע־גאָסן אין דער סטאַלאָווע פאַר די בעסערע אַרבעטער, באַקומען 800 גראַם ברויט צו דער זעט און כבוד אַ פולע שיסל.

אין די נעכט האָט מען געהערט די סקריפּעריי פון בערקאָס אַרבאַ [21]. זיין קול האָט זיך מתיקותדיק צעגאָסן איבער אַלע פערעאולקעס און געס־לעך און דער עכאָ האָט זיך ווייט צעקייקלט אַזוי פריש און מונטער איבער די קאַלכאַזנע פעלדער.

קיינער האָט זיך צו וואַלדמאַנען נישט געקאָנט פאַרגלייכן. ער האָט געלעבט אַ גוטן טאָג אַזוי ווי גאָט אין אָדעס, געהאַט אויסדויער און גע־דולד און זיין פעקל ביינער געבראַכט נאָך דער באַפרייאונג אין זיין אַל־טער היים.

און ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען אין יענע צייטן, פלעגט ער אַ שמייכל טאָן און זאָגן צו זיינע באַקאַנטע:

— איר זעט פון וואָס מען קאָן אַלץ מאַכן אַ לעבן...

[21] װאָגן.

# מיטן „קאַנוואַי“

אַ שנײדיקער הילך פון אַ פײפל האָט אױפגעװעקט די גאַס פון איר קאַלעמוטנער טאָגטעגלעכקײט.

אַלע פורן, אױטאָס און פאַרבײגײער זענען געבליבן שטײן אומבאַ־װעגלעך, װי עלעקטריזירט.

דער דאָזיקער פײף איז אַלעמען באַקאַנט. ס׳איז דאָ אַן אָפּטע דער־שײנונג. די פאַרבײגײער לאָזן אַראָפּ די קעפּ און שטיל אין האַרצן, קײ־נער זאָל חלילה נישט דערהערן, לאָזט מען אַרױס אַ קרעכץ פון באַדױערן, מיטגעפיל און פּראָטעסט.

הײנט דו, און מאָרגן איך. גײ װײס דעם גורל פון מענטש און זײַן באַשטימונג: מי לזיצן, ומי לוואַרטן אין דער רײ צו װערן אײנגעזעצט...

פאָרױס שפּאַנט אַ װאָלף־הונט, אָנגעבונדן אױף אַ קײט, געפירט פון אַ מיליציאָנער. פון אַלע זײַטן מיליציאָנערן מיט אָנגעלאָדענע אױסגע־שטרעקטע ביקסן מיט בלאַנקנדיקע באַגנעטן, װאָס שפּיגלען זיך אין דער זון. אינמיטן מאַרשירן אין רײען צו פיר אַרעסטאַנטן, באַװאַקסענע, בלײ־כע פנימער מיט רעזיגנירטע בליקן אין די אױגן, מיט שלאַבערדיקע טריט, זיך קוים האַלטנדיק אױף די פיס.

דער קאָנװאַי שלעפּט זיך אונטער דער באַגלײטונג פון פײפל, װאָס זאָגט אָן דעם אַרום:

— אַכטונג! אַכטונג! דאָס איז דער גורל פון מענטש. הײנט דו, מאָרגן יענער, איבערמאָרגן איך... אַלע, אַלע, דערװאַרט אונדז דער זעלביקער גורל...

* * *

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ צו דער ערד מאַרשירט אין דער רײ, זלמן גינגאָלד, מיטן מאַנטל אונטערן אָרעם. דעם דאָזיקן מאַנטל פירט נאָך זלמן אַזש פון דער הײם. איצט באַגלײט ער אים אין װעג צו דער באָד, פון דאַ־

גען צו דער צענטראַלער תפיסה און פון דער תפיסה — אין אַ לאַגער
דערגעצווו, הינטער די הרי־חושך. ער ווייס גאַנץ גוט, אַז קיין אַרויס איז
נישטאָ. איינמאָל אַריין איז פטור אַן עסק...

ביים בעסטן שווימער קאָן טרעפן, אַז ער זאָל דערטרונקען ווערן.
נישט דווקא אויף אַ גליטש קאָן מען צעברעכן אַ פוס. אויפן גלייכן וועג
גייענדיק קאָן מען זיך געבן אַ צי אויס ווי גרויס מ׳איז. מען דאַרף זיין אַ
קונצנמאַכער אויסצוקומען אָן די אויסגעשטעלטע נעצן, אָן געבן כאַבאַר,
אָן נעמען לאַפּקע־געלט, אָן האָבן עסקים מיט פּיסלעך־אונטערשטעלער.
אָן דעם אַלעם וואָס הייסט: זיך שפּילן מיט פייער.

ווען מען ס׳פירט אין תפיסה טונקעלע געשעפטן, וואָס ווערן געפירט
מיט אומריינע הענט און פאַרפלעקטן געוויסן. אים, זלמן גינגאָלדן, האָט
געפירט אין תפיסה די ריינקייט זיינע, די ערלעכקייט און תמימות.

זלמן גינגאָלד איז פון אייביק אָן, ביי אַלע באַדינגונגען און אומ־
שטענדן געווען געוווינט צו זיין שיין פאַרקעמט מיט אַ שרונט אין מיטן,
גוט אָפּראַזירט, נישט לאָזן פאַלן קיין שטויבעלע אויף זיינע צעריסענע
בגדים. טראַנטעס דאַרפן אויך זיין ריין, אַז ס׳זאָל שמעקן פון זיי... אין
קלאָפּזאַוואָד, ווו זלמן האָט געאַרבעט, האָט מען געשמועסט, אַז די כנים־
פּלאָג, וואָס מיידט נישט אויס קיינעם, פון גאַסנקערער ביזן נאַטשאַלניק,
האָט אויף אים נישט די מינדסטע שליטה.

ער איז געווען אַ מענטש אַ שווייגער, אַ רענדל אַ וואָרט. דעם בעסטן
שידוך וואָלט אַזאַ יונגערמאַן געקאָנט טאָן, ווען ער האָט נאָך אַביסל געלט
דערצו אויך. אַלץ איז ביי אים אויף דער האָר, אויפן פּונקט, אין דער
מאָס. די אוזבעקן האָבן אים גערופן דער אייראָפּעער. די אייגענע, די
פּוילישע יידן, פלעגן פון אים לאַכן און זאָגן, אַז ער איז אַ בירגער פון
מאַרס און נישט פון מאַרקס־לענין־סטאַלינלאַנד.

נאָר אַ געלעכטער אָן אַ זייט. ווען מען ווילט זיך עס לאַכן, ווען אַזאַ
זיידענער און אָפּגעהיטער יונגערמאַן גייט מיטן קאָנוואָי און נאָך אַ
באַוואַקסענער מיט אַ שוואַרצער חושכדיקער באָרד, מיטן צעקנאָדערטן
מאַנטל אונטערן אָרעם, מיט צעריסענע לאַפּטשעס אויף די פאַרבלאָטיקטע

שמוציקע פּיס, וואָס האָבן שוין אַפילו קיין פּנים פון קיין פּיס אויך נישט געהאַט...

* * *

גינגאָלד איז געווען אַ סטאַכאַנאָוויעץ אויפן זאַוואָד. ער האָט געמיינט ערנסט מיט דער אַרבעט, כאָטש פאַרדינט האָט ער קדחת. נאָר דערפאַר האָט ער אין סטאָלאָווע באַקומען צו דער שיטערער זופּקע אַ לעפל קאַשע אויך. קאַשע האָט ער ליב געהאַט ווי ס׳לעבן. צוליב אָט דער קאַשע האָט ער געאַרבעט פאַר דריי און איז געוואָרן אַ סטאַכאַנאָוויעץ.

גינגאָלד האָט באַשלאָסן נישט צו קריכן צו הויך, ווייל מען קאָן פאַלן צו נידעריק. בעסער אָנהייבן פון קליין. אַ גוטער און ווילער איז ער געווען, אָט אַזוי ווי באַנטשע שווייג, האָט ער געקאָנט אויסקומען מיט אַ שטיקל ברויט און אַביסל קאַטיק[1], מיט אַ רויען מייער און פאַרגרינטן פּאָמידאָר, אַבי נישט דאַרפן אָנצוקומען צו יענעם. דערפאַר טאַקע האָט ער נושא חן געווען ביים דירעקטאָר קופּעריאַנאָוו בכבודו ובעצמו און האָט אים צוגעטיילט אַ וועגעלע מיט אַן אייזל, ער זאָל ווערן דער וואַסערפירער אויפן זאַוואָד. קודם כל האָט ער געדאַרפט באַזאָרגן מיט וואַסער דעם דירעקטאָר. קופּעריאַנאָווס פרוי האָט אים בגנבה אונטערגערוקט אַמאָל אַ שטיקל ברויט, אַ שטיקל כאַלאָדיעץ, און אַמאָל אַ טעלער איבערגעבליבענע זופּ, אַזאַ פּעטע און געשמאַקע און פאַר אַ צולאָג אויך אַ פּיראָזשאָק[2]. נו, דאַרף ער מער, האָט ער געאַרבעט גוט און מען האָט אים אַרויפגעשטעלט אויף דער ליסטע פון די בעסטע אַרבעטער. ער איז עולה לגדולה געוואָרן...

* * *

איז דאָך גוט? ווייזט זיך אַרויס, אַז גוט טויג אויך אויף כּפּרות. גינגאָלד האָט זיך אַזוי שטאַרק איבערגענומען מיט זיין ראָל, אַריין אַזוי מאָדנע אין די פּעדערן, אַז קיינער איז שוין צו אים נישט געווען גלייך.

ער האָט דעם טאָג שוין געהאַט באַזאָרגט מיט וואַסער אַ פּאָר פאַב־

1 זויערמילך.

2 געבאַקט קיכל אָנגעפּילט מיט קאַרטאָפל.

ריק־האַלעס. איצט איז ער אַוועק ברענגען וואַסער פאַר דער דירעקטאָרשע. ער האָט זי געטראָפן אין אַ שלעכטער שטימונג. זי איז אַרומגעגאַנגען אי־בער דער וועראַנדע מיט אַ שלאָפראָק, וואָס זי האָט אָפּגעקויפט ביי אַ יידיש מיידל פון פוילן. די האָר זענען ביי איר געווען צעשויבערט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ נעכטיקע. דאָס פּנים נישט אויסגעשלאָפן, בייז. זי האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויף גינגאָלדן, נישט צוגעוואָרפן עפּעס וואָס פון טיש, פונעם מיטיק איבערבלייב, צו וואָס ער איז שוין געווען אַזוי צוגעוווינט.

בלית ברירה איז ער אַוועק אין דער סטאָלאָווע, זיך צוגעזעצט צום טישל און געוואַרט אויף דער קעלנערין נאַדיאַ, זי זאָל אים דערלאַנגען אַ פּאָרציע שטשי [3]. ער האָט געוואָלט גיך אָפּעסן און צוריק אַוועקלויפן צו דער אַרבעט.

נאָר איר שפּילט זיך מיט דער נאַדיאַ. זי האָט זיך נישט ליב צו לאָזן פירן פון די עסער, די געסט וועלן נישט אַנטלויפן. זי איז געווען אַ שיינע שיקסע, אַ באַחנטע, אַ לעבעדיקע. מען וואַרפט צו איר אויגלעך, זשאַלעוועט זי נישט און שיקט אַ פּאָרציע אויגענעס. וואָס״, עס קאָסט איר דען טייער? קיין קאַרטלעך אויף דעם איז נישטאָ און קיין נאָרמע אויך נישט. איז ווער עס געפעלט איר, זי ווייס, אַז ער האָט ממתקים, איז פון די אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אין דער מאַסלאָוואָיע [4]. ער איז פון די וואַזש־נע „טרעגער״, דאָס הייסט פון די וואָס טראָגן אַרויס בוימאייל און מאַכן אַ שיין לעבן; אָדער גאָר ווער פון די שאָפערן פון דער אַוטאָ־באַזע, וואָס זענען פאַררעכנט פאַר די מיוחסים און גרויסע פאַרדינער, נישט חלילה פון זייער לוין, פון פירן לינקע פּאַסאַזשירן בעת זייערע יאַזדעס — אָט מיט זיי יחסנט זי זיך און פאַר זיי טראָגט זי צו דאָס עסן אין דער ער־שטער ריי.

זלמן גינגאָלד זיצט ביים טישל און וואַרט. ער האָט אַ ברירה; עסן וויל ער און דער עיקר ער יאָגט זיך צו דער אַרבעט, ווערט ער איז כעס און שרייט אויס:

---

[3] קרויט־באָרשטש.

[4] אויל־פּאַבריק.

ב. טערקעל

— נאַדיאַ, נאַדיאַ, קושאַט דאַוואַי! [5]

און זי, אַ נעכטיקער טאָג. עס ברענט דען דער סטאָוו. איר איז שוין אַלצאיינס, איר איז ווויל און זי האָט הנאה פון איר לעבן. זי האָט דען געזען עפּעס בעסערס? און צו וואָס דאַרף זי בעסערס? עסן צו דער זעט האָט זי, אַ פּלאַטיאַ [6] האָט איר נעכטן דער שאָפער שימאַנאָוויטש געקויפט אויפן באַזאַר, נישט אומזיסט, פאַרשטייט זיך. אָבער ווער וועט איר זאָגן אַ דעה. אַ פרוי און אַ מענטש איז דאָ גלייך, אַלע טוען וואָס עס געפעלט זיי, טוט זי אויך אַזוי ווי אַלע...

* * *

לסוף האָט זיך גינגאָלד דערוואָרט. נאַדיאַ האָט באַוויליקט אים צוצוטראָגן אַ שיסעלע שטשי. זי האָט עס אים אונטערגעטראָגן אונטער דער נאָז מיט רוגזה:

— נאַ, קושאַי, דוראַק [7].

ער איז געווען אויסגעהונגערט און גלייך אַרויסגענומען דעם לעפל פון דער כאָלעוועו פון זיינע שטיוול אָנצונעמען אַ לעפל עסן. נאָך איידער ער האָט צוגעפירט דעם לעפל צום מויל האָט ער צוריקגערופן די קעלנערין:

— נאַדיאַ, נאַדיאַ, דאַוואַי סיודאַ [8] — האָט ער אָנגעהויבן שרייען ווי אַ באַנומענער. זע, ווערעם קריכן אַרום אין טעלער.

נאַדיאַ האָט זיך נישט אָפּגערופן.

גינגאָלדן איז געוואָרן שלעכט. עסן וויל ער, עס צופּט אים היגטערן לעפּעלע און דאָ קריכן אַרום אין טעלער אמתע גרינע ווערעם, ווי מען וואָלט מיט זיי פאַרפּרעגלט דעם שטשי.

— נאַדיאַ, נאַדיאַ, דאַוויאַ סיודאַ! — האָט ער נישט אויפגעהערט צו שרייען.

---

[5] גיב עסן.

[6] קלייד.

[7] עס, יאָלד.

[8] קום אַהער.

אַלע אין סטאַלאָווע ביי די טישלעך האָבן אַוועקגעלייגט די לעפל און זיך צוגעקוקט.

צום סוף האָט נאַדיאַ באַוויליקט צוצוגיין. גינגאָלד האָט איר געוויזן די שיסל מיט די קריכנדיקע ווערעם, ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיקע.

— נאָ, סמאָטרי, ניע בודו קושאַט[9].

— ווערסט יאָ עסן — לאַכט זיך פונאַנדער נאַדיאַ — ווערסט עסן!

— טויש מיר אויס די זופּ, גיב מיר אַן אַנדערע שיסל עסן. מען קאָן דאָך דאָס נישט נעמען אין מויל אַריין — בעט זיך ביי איר גינגאָלד.

— ווערסט עסן!

— איך וועל נישט עסן!

ווי שטיל גינגאָלד איז געווען כל ימיו, ער האָט שטענדיק געפּלעגט זיך אויפפירן רואיק און אויסגעהאַלטן, דאָסמאָל האָבן אים געפּלאַצט די נערוון. האָט ער פון כעס געמישט מיט הונגער אַ כאַפּ געטאָן דאָס שיסע־לע עסן, אַרויפגעשטעלט אויפן האַנט־פלאַך, געגעבן מיט רוגזה אַ וואָרף אויפן דיל. דאָס שיסעלע איז צעשפּרונגען געוואָרן אויף שטיקלעך. דער שטשי האָט זיך אויסגעגאָסן און...

צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען אין די אויגן פון אַלע אַרבעטער פון זאַוואָד געמשפּט גינגאָלדן און אים צוגעטשעפּעט די סטאַטיאַ[10] 58 פאַר קאָנטררעוואָלוציע. ער האָט נישט מער און נישט ווייניקער געהעצט די אַרבעטער קעגן דער לייטונג פון זאַוואָד און אַרויסגעלאָזט אַ נישט באַ־גרינדעטן חשד, אַז מען קאָרמעט די אַרבעטער מיט ווערעם, אַז דאָס עסן איז נישט נאַרהאַפט און אַנטשפּרעכט נישט אַלע כללים פון דער סאַני־טאַרער פאַרזאָרגונג.

ער האָט אַריינגעכאַפּט גאַנצע פינף יאָר.

נישקשה אָפּגעשניטן.

ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז אַ מענטש זאָל אָנמאַכן אַזאַ סומאַטאָכע צוליב אַ פּאָר ווערעם, וואָס זענען דאָרט ערגעץ אַרומגעשווומען אין אַ

[9] קוק, איך וועל נישט עסן.

[10] אַרטיקל,

שיסל. שפּילט דעו אַ ראָלע אַ וואָרעם. זאָל זיך דיר דוכטן, נאַרישער גינ־
גאָלד, אַז דאָס שווימען אַרום שטיקלעך פלייש, ממש פלייש.

* * *

דער מיליציאָנער מיטן הונט פּייפט אויפן פייפל. לעכערט דעם מוח.
די באַגנעטן בלאַנקען אויף די אויסגעשטעלטע ביקסן. אין דער ריי שפּאַ־
נען די אַרעסטאַנטן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פאַרזונקען אין מחשבות.

וואָס טראַכט גינגאָלד? קאָן מען דען אַריין מיט די שטיוואַלעס אין
זיין האַרצן אַריין?

פאַרבייגייענדיקע לאָזן אַרויס אַ קרעכץ, אַ קרעכץ אַ שטילן וואָס מען
טאָר נישט דערהערן, ווייל ווער ווייס וויפל יאָר מען קאָן נאָך אַריינכאַפּן
פאַר אויסדריקן אַ מיטגעפיל אָן אַרעסטאַנט. וואָס איז אַמאָל אויך געווען
אַ מענטש...

# אין תפיסה

אַ גאַנצן קיילעכדיקן טאָג זיצן זיבעציק אַרעסטאַנטן מיט די פיס הינטער זיך אויפן הארטן באַקעטן דיל, וואָס איז ווי ספּעציעל אויסגע־פּלאַסטערט געוואָרן מיט שאַרפע, שפּיציקע קליינטשיקע שטיינדלעך, וואָס שניידן זיך איין אין לייב און שטעכן ווי נאָדלען, שניידן, בייסן, רייסן און דריקן...

דאָ, זעט אויס, איז דער מענטש ווי פון אייזן. אויך צו דעם געוווינט מען זיך צו. מיט דער צייט ווערט דער גוף אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז ער פילט שוין דעם ווייטיק אויך נישט...

בייטאָג מוז מען זיצן. מען טאָר זיך נישט אויסציען, נישט כאַפּן קיין דרעמל. נישט שטיין, נישט גיין, נאָר זיצן. דערפאַר בייננאַכט, אַז מען מעג זיך שוין יאָ אויסציען איז נישטאָ ווו. עפּעס אַ קלייניקייט: אין אַן ענגער צעלע, ווו ס׳קאָנען זיצן בלויז דרייסיק מענטשן זיצן זיבעציק, וועגן אויס־ציען זיך איז במילא נישטאָ קיין רייד. פלעכטן זיך גופים און פיס מיט קעפּ, שנאָרכן מידע גופים אין פאַרדרעענגעניש. אַז איינער וויל זיך איבער־דרייען מוז זיך די גאַנצע צעלע איבערדרייען, אַנדערש גייט עס נישט. אָבער נישט יעדער איינער מעג זיך דערלויבן דעם פאַרגעניגן זיך צו ווענדן איבערדרייען. די דאָזיקע פּריווילעגיע האָבן נאָר די שטאַרקע. דער שוואַ־כער בלייבט שטענדיק און אומעטום דער געקריוודעטער.

די פּאַראשע [1], ווו דער אַרעסטאַנט דערליידיקט זיין מענשלעך גע־ברויך בייננאַכט (בייטאָג איז נישט דערלויבט) שטייט ביי דער טיר און פאַרשמעקט די צעלע מיט אַלע מחייהדיקע ריחות — אַ צולאָג צו דער ענגשאַפט.

גאָטס קריכנדיקע באַשעפענישן, די בייס־חייהלעך פראַווען אַ גע־מיינזאַמע סעודה, טרינקען דאָס בלוט און רייסן שטיקער פלייש. איינע

---

[1] ספּעציעלער עמער פאַר די אַרעסטאַנטן.

שטעכט, די צווייטע בייסט. מחנותווייז, קאָלאָנעסווייז, פון אַלע זייטן אַטאַקירן זיי פון די ווענט, פון דיל; טאַנצן אַראָפּ ווי אַקראָבאַטן פון סופיט, פון די ווענט, פון אַלע שפּאַלטן און לעכער, און ווו נאָר עס לאָזט זיך דרינגען זיי אַריין; אין מויל, אין דער נאָז, אין די אויערן.

איז וואָסזשע העלפט דאָס קראַצן זיך, דאָס רייסן און צופּן פון זיך שטיקער? וויפל פינגער פאַרמאָגט אַן אַרעסטאַנט? צען. און וואָס קאָן מען אויפטאָן מיט צען בידנע פינגער אַקעגן גאַנצע חמרים...

איז טאַקע שווער צו קעמפן קעגן אַזאַ שטאַרקער אַרמיי, רעזיגנירט מען, פאַלט מען מאַכטלאָז און מילא, זאָל זיין, וואָס ס׳וועט זיין...

* * *

דער פערצניעריקער פעדקאָ, איז דער שטאַרקסטער אין דער צעלע. ער פירט אָן מיט דער „גראַנדע". זיין ווילן איז הייליק און זיין וואָרט איז אַ געזעץ.

אין דער צעלע זיצן יונגע און אַלטע, עלטערע און טיפע זקנים. אַפילו אַ פּאָפּ געפינט זיך דאָ. ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציע איז ער אַריין אין חד־גדיא און פון דעמאָלט אָן וואַנדערט ער פון תפיסה צו תפיסה. אָפּגעקנעלט אַ צען יאָר אין אַ לאַגער און פאַרן באַפרייט ווערן האָט מען אים צוגעטשעפּעט נאָך אַ פּאַראַגראַף און אַזוי זיצט ער. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו כאַרקאָוו, ווו די אַרעסטאַנטן האָבן געבויט אַ פאַבריק, זענען זיך די וועכטער צעלאָפן און נאָכדעם אַ טייל אַרעסטאַנטן. דער פּאָפּ האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַן עשאַלאָן מיט עוואַ־קואירטע און געקומען אַהער.

דריי טעג בלויז איז ער געווען אויף דער פריי. בעת אַן אַבלאַווע ווען מען האָט רעווידירט די דאָקומענטן, האָט מען אים געכאַפּט, דעם פויגל, און אים צוריק פאַרבעטן זיצן...

דער פּאָפּ איז מיט פעדקאָן גאַנצע גוטע ברידער. עפּעס האָט ער, פעדקאָ, סענטימענטן פאַרן פּאָפּ און דער פּאָפּ האַלט פון פעדקאָן אַ וועלט...

* * *

פעדקאָס מאַמע איז אַן אויפרוימערין אין אַ קאַנטאָר. זי פאַרדינט 85

רובל אַ חודש. דעם טאַטן זיינעם האָט מען אַוועקגעטריבן אויפן פראָנט, ער איז שוין זיכער דאָרט דערהרגעט געוואָרן, איז ווער וועט אים קאָר־מענען? די אָרעמע מאַמע האָט אַליין נישט אָפּצועסן צו דער זעט. און פון וואַנען זאָל זי האָבן, די אָרעמע נעבעך?, אַז אַלץ איז טייער, די פּרייזן אויפן שוואַרצן מאַרק זענען אַזעלכע אויפגעשרויפטע, אַז ס׳שווינדלט אין קאָפּ פון זיי. איז ווו נעמט מען אַזויפיל געלט? גנבעט די מאַמע וואָס ס׳קומט איר אונטער דער האַנט און וואָס איז פאַראַן מ׳שטיינס געזאָגט צו גנבענען אין אַ קאַנטאָר. קלעקט עס פאַר איר אויך נישט. איז פעדקאַ הונגעריק, די קישקעס שפּילן אַ מאַרש. מען לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג, ליידיקט זיך אויס דער מאָגן. איז ער אַוועק אויפן באַזאַר, צוגעגנבעט אַ פּאָמידאָר, אַ רויען מייער. אויף מאָרגן האָט ער אַריינגערוקט אַ האַנט אין אַ קעשענע פון אַ פאַרפאָרעטער באַלעבאָסטע, וואָס זוכט מציאות און ס׳איז ביי אים אַוועק אַ דרך. די פינגער זיינע — האָט ער געזען — זענען ווי באַשאַפן פאַר דער דאָזיקער „מלאכה״. דער קאָפּ ביי אים האָט געגנו־מען אַרבעטן. ער האָט אָרגאַניזירט אַ פאַר חברימלעך. זיי האָבן זיך אַריינ־געגנבעט אין אַ וווינונג און אַרויסגעשלעפּט וואָס נאָר ס׳האָט זיך גע־לאָזט...

ביז מ׳האָט אים מיט פאַראַד געבראַכט אַהערצו צוזאַמען מיט די חברים. יעדעס מאָל ווען מען ברענגט „פערעדאַטשעס״ [2], איינמאָל אין טאָג פאַר די בעסערע אַרעסטאַנטן, גייט ער, פעדקאַ, אַליין צו צום בעל־דבר, נעמט צו אַ העלפט פאַר זיך און פאַר זיין חברה. צו דער קאָמפּאַניע ווערט אויך צוגערופן דער אַלטער זיבעציק־יעריקער פּאָפּ און מען פראַוועט אַ סעודה כיד המלך...

אַלע אַרעסטאַנטן קוקן אַן דעם קליינעם צוציק. פאַרגינען אים נישט דעם צוגערויבטן ביסן און שווייגן פאַר מורא. ער איז פאַרט דער שטאַר־קער און דערצו אַרומגערינגלט מיט שותפים־אונטערהעלפערס. פאַרוואָס די דערוואַקסענע האָבן אַזוי מורא פאַר די פּאַצאַנעס [3] איז נישט צו באַ־גרייפן. ווייל פעדקאַ זיצט מען דאָ אויף די באַקוועמערע ערטער. איז מען

[2] פעקלעך עסן פאַר די אַרעסטאַנטן.

[3] קליינוואַרג.

## ב. טערקעל

נישט נושא־חן אין זיינע אויגן הייסט ער גיין זיך זעצן לעבן דער פאַראַ־שע. גייט מען מיט גוטן איז אַ האַלבע צרה, אַז נישט פאַלן קלעפּ און קר־לאַקעס און גיי שריי חי־וקיים, אַז ס׳איז נישטאָ פאַר וועמען זיך צו קלאָגן. יעדער איינער האָט מורא זיך קעגנצושטעלן.

* * *

אַלע האָבן פעדקאַן געגרן און נישט ווייניקער האָט מען דרך ארץ פאַרן פּאַפּ. זיי זעצן זיך ביידע אַוועק אין די אָוונטן, נאָך דער שיטערער יושקע וואָס מען זופט אַריין און מען הייבט אָן צו דערציילן מעשיות, פון וועלכע עס ווערט פריילעכער אויף דער נשמה.

פונדעסטוועגן קאָן אַזאַ קליינער שנעק ווי פעדקאַ דערציילן זשול ווערנס געשיכטעס, מען ווערט פאַרטראַגן איבער ימען און אינדזלען, בייע לענדער און מדינות... ווערט אַזוי שטיל, אַז אַפילו די לייז און וואַנצן הייבן זיך אָן צוצוהערן צו די געשיכטעס און מען פילט שוין גאַרנישט, ווי זיי בייסן...

אויך דער פּאַפּ סערגיי מיכאַילאָוויטש אַלעקסעיעוו, בלייבט נישט הינטערשטעליק מיט זיינע מעשיות. ער פירט אַוועק די אַרעסטאַנטן אויף אַ שפּאַציר איבער פּאַלאַצן מיט לאַקייען אויסגעפּוצטע מיט ליוורעיען, ביי געדעקטע טישן מיט גאָלדענע כלים. מען דערלאַנגט אַזויפיל עסן מיט אַזויפיל מאַרצעפּאַנעס, אַז אַפילו אַן אַרעסטאַנטסקער מאָגן וואָלט עס נישט געקאָנט פאַרדייען. אַלע זיבעציק פּאָר אויגן קוקן אים אין מויל אַריין. אַלעמען טיילט ער איין דער פּאַפּ מיט דער פולער האַנט אַ פּאַרציע, אַז יעדער איינער קוויקט זיך אַזש פון תענוג, שלינגט די סלינע, באַלעקט זיך די ליפּן, ווי נאָך אַ געשמאַקן ביסן.

אַמאָל, גאָר אַמאָל, זאָגט סערגיי מיכאַילאָוויטש, האָבן די פּיסאַטע־לעס [4] געקאָנט שרייבן. ביי זיי האָט די זון שטענדיק געלויכטן און דער־וואַרעמט אַלע גלידער. זיי, האָבן זיך מיט איר אַרומגעפירט, געצאַצקעט און באַזונגען. היינט וועגן וואָס קאָנען זיי שרייבן? אַז די זון איז פאַר־

4 שריפטשטעלער.

לאשן, זי שיינט גארנישט און אויב זי שיינט שוין יא, איז נישט פארן פאלק, נאר פארן הייפל יחידים זויפער, וואס לעבן א גוטן טאג...

אדער נעמט די לבנה. גאנצע לידער און פאעמעס האט מען איר גע־ווידמעט, פארליבטע האבן זיך געשפיגלט אין איר פנים און היינט דארף מען זי אויף טויזנט כפרות. ווער קוקט דען צו איר און ווער טויג זי. א פארזעעניש געווארן. נישטא היינט וועגן וואס צו שרייבן — פסקנט דער פאפ. אמאליקע דערציילונגען האבן געהאט טויזנט חנען, עס האט געהאט א טעם און א ריח...

פעדקא לאזט זיך נישט שפייען אין דער קאשע.

— נישט ריכטיק, היינט קאן מען שרייבן וועגן בויען שטעט, קא־נאלן, שאסייען, פאבריקן. מען קאן זיך באגיין אן דער זון און אן דער לבנה. ניע פראוודא[5] — ווערט פעדקא ברוגז.

ס׳ווערט שטילער, נאך שטילער ווי געווען.

— ביסט נאך פעדקא, יונג און נישט דערפארן — רופט זיך אפ דער פאפ — ווו איז די שיינקייט פונעם געבוי פון קאנאלן, שאסייען און פא־בריקן, אז אט בין איך און דו און די אלע דא — פארפייניקטע, צעביסענע מיט געשווירן אויפן לייב, די קאנדידאטן פארן דאזיקן געבוי פאר 350 גראם ברויט און א טעלער שיטערער יושקע. ווו ליגט דער חשק צו דער ארבעט און ווער האט אינטערעס דערצו? אז איבער דיר דריקט דער בא־טשוועקטער שטיוול פונעם מיליציאנער, איבער אים דריקט א העכערער, ווערט דאך אונדז, די וואס ליגן אונטערן שטיוול נאך שווערער, איז ווו איז דער אידעאליזם?

— זאגסט דאך אליין, פעדקא, דיין טאטן האט מען אוועקגעטריבן אויפן פראנט, פארוואס איז ער אליין נישט געגאנגען, הא?

— וואס ווייסט איר צוציקעס פון דעם אלעם. וואס האט איר גע־זען? איך זיץ שוין קרוב דרייסיק יאר אין די תפיסות און לאגערן. פון איינע ארויס אין דער צווייטער אריין. איך האב שוין דורכגעוואנדערט א האלבע מדינה, געבויט קאנאלן און פאבריקן, שאסייען און באן־ליניעס, וואס

[5] נישט אמת.

## ב. טערקעל

זענען פאַרזייט געוואָרן מיט טויזנטער און הונדערטער טויזנטער אונדזע־ריקע. די נישט צופרידענע מיט אַזאַ לעבן. פאַר איין קרום מיט דער נאָז בלויז ווערסטו איינגעשפּאַרט אינעם אַרעסטאַנטסקן וואַגאָן און פאַר אַ שוידערלעך ביליקן פּרייז, פאַר 350 גראַם ברויט און אַ זופּקע איינמאָל אין טאָג האָבן מיר געשאַפן דאָס גרויסע מעכטיקע פאָטערלאַנד... פאַר וועמען? און צוליב וואָס?... עס וועט דען אַמאָל בעסער ווערן?

* * *

— דערציייל בעסער, סערגיי מיכאַילאָוויטש, „מאָנטע קריסטאָ" פון אַלעקסאַנדער דיומאַ. ער שרייבט אַזוי שיין. עס ווילט זיך פאַרגעסן אין דעם גאַנצן אַרום, דערציייל... עס ווילט זיך אַזוי הערן און הערן און פאַר־געסן אין דעם אַלעם וואָס ס'געשעט אַרום אונדז...

לאַנג נאָך, ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט אַריין, זענען געזעסן די זיבעציק אַרעסטאַנטן און זיך צוגעהערט צו דער עקזאַלטירטער רעליגיע־זער באַס־שטימע פון אַלטן פּאָפּ, סערגיי מיכאַילאָוויטש אַלעקסעיעוו...

# אַבלאַוועס

ביי מאַקס זאַריצקין איז דער טיש געווען אָנגעשטעלט מיט כל־טוב. מען איז געזעסן און געטרונקען גוטן רויטן קאַגאַר־ווייַן. פון טיש האָבן אַראָפּגעלויכטן ווייַנטרויבן און עפּל, באַרן, אוריוק.

קלאַראַ איז געזעסן אַ פּאַרטרויערטע, אַ פאַרחלומטע. זי איז נעכטן געווען אין לאַגער און איבערגעגעבן איר מאַן אַ פּעקל עסן. זי האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם טרויעריקן בליק פון זייַנע פאַרבענקטע אויגן. ער האָט זי נאָכגעקוקט ווייט־ווייט פונעם בעדגל, ווו ער איז געשטאַנען און צו איר געפּאָכעט מיט דער האַנט.

— איר ווייסט, פּערלמוטער, — האָט זיך גאָטליב אָנגערופן — איר זענט אַ טשודאַק. איר קוקט זיך צו, צו מיר. איך האָב נאָך צו די אַלע צרות נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם גאַנצן עול פון דער היים. איך דאַוון נאָך יעדן טאָג, שבת באַמי איך זיך נישט צו אַרבעטן. איך ווייס, אַז מען טאָר נישט גנבענען, דאָך טו איך עס. טאָמער וועל איך וועלן לעבן אַזוי ווי איר, וועל איך אומקומען.

— יאָ, אָבער איך קאָן עס נאָך נישט — האָט פּערלמוטער געענט־פערט.

— איר וועט עס אויך קאָנען, עס וועט זיך געפינען אַזאַ נאַטשאַלניק וואָס וועט אייך דערצו צווינגען, וועט איר עס טאָן צוגלייך מיט אַלע — האָט מאַקס זאַריצקי זיך אָנגערופן, — איך האָב אויך נישט געקאָנט, נויט, ווי איר זעט, ברעכט אייזן. אַ קליין גנבל פאַלט אַריין, מען גיט אַ צען יאָרעלעך, אָבער די גרויסע נאַטשאַלניקעס פּאַרקויפן גאַנצע וואַגאָנען און זיי גייען אַרום פראַנק און פריי. ציטערן נישט, איין האַנט וואַשט דאָ די צווייטע. איינער וואָס גנבעט אַ סך, קאָן זיך טיילן מיט די העכערע און אַזוי גייט עס. אייך וועט מען כאַפּן, אָט אַזוי ווי מען האָט געכאַפּט קלאַ־רעס מאַן — מיט אַ פּאָר הונדערט גראַם טיי, זיצט ער געשמאַק. ווען ער

האָט אָבער געלט זיך אויסצוקויפן, וואָלט ער היינט אויך געווען אויף דער פריי און ווייטער געגנבעט און גאַרנישט...

— אָט אַזוי איז שוין דאָס לעבן — האָט זיך גאָטליב אַריינגעמישט — מען דאַרף קאָנען אַלץ נעמען אַזוי ווי עס גייט. אַ קבצן און אַ טויגע־ניכטס, איז אין דער אַלטער היים געלעגן אין דער אדמה, און דאָ ליגט ער נאָך טיפער אין דער ערד...

— פאַסט זיך צו פּערלמוטער — האָט זאַריצקי אים געמוסרט — אַ שאָד, איר וועט פאַרפאַלן ווערן.

גאָטליב האָט אַ זעלבסטצופרידענער פאַרצויגן אַ חסידישן ניגון. אַליין אַ קיטעוווער, האָט ער זיך געהאַלטן גרויס מיט זיין געהויבענעם חסידישן אָפּשטאַם, פרום פאַרגלאָצט די אויגן און זיך אַריינגעלאָזט אַלץ שטאַרקער אין אַ זמרל.

* * *

פּערלמוטער האָט געעפנט די אויגן פון גרויסן רעש, וואָס איז אַנט־שטאַנען אין זיין קיבעטקע. ער האָט דערזען לעבן זיך דריי רויטאַרמייער.

— דאָקומענטי! — האָט איינער פון זיי זיך געווענדעט צו אים.

פּערלמוטער האָט אַן איבערגעראַשטער פון די פריע פרימאָרגן־געסט זיך אויסגעריבן די אויגן און מיט רואיקייט און זעלבסטזיכערקייט אַרויס־גענומען זיין סאָוויעטישן דריי־חדשימדיקן פּאַס און דערלאַנגט דעם עלצטן.

יענער האָט געדרייט דעם דאָקומענט הין און צוריק און זיך פון דאָס ניי געווענדעט צו פּערלמוטערן:

— וואָיענסקי בילעט!

פּערלמוטער האָט אַרויסגענומען זיין מיליטערישׁ ביכל, וואָס ער האָט לעצטנס באַקומען פון וואָיענקאָמאַט [1] אַ באַפרייטער פון מיליטער־דינסט.

דער זעלנער האָט געקוקט און געדרייט דעם דאָקומענט פון אַלע זייטן און צום סוף באַפוילן:

[1] מיליטער־קאָמיסאַריאַט.

— טוט זיך אָן, בירגער, טאַם ראַזביערוט[2], מיר וועלן עס אויפ־קלערן אין דער מיליץ.

פּערלמוטער האָט זיך לכתחילה פאַרווונדערט, נאָר זעענדיק דאָס שטרענגע פּנים פון זיין באַפעלער, האָט ער זיך פאַמעלעך אָנגעטון און אַ זיכערער אין זיך, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, איז ער אַרויס פון דער קיביטקע.

די שכנים זיינע זענען געזעסן רואיק ביים אָפענעם פענצטער, אַרויס־געקוקט צופרידענע און זיך דורכגעשמייכלט מיט די זעלנער.

זיי, די דריי שכנים פּערלמוטערס, האָבן קיין וואַיענסקי בילעטן נישט געהאַט, זיי האָבן זיך שטענדיק אַרויסגעדרייט פון גיין אין וואָיענקאָמאַט.

פּערלמוטער איז אַרויס פאַרקלאַפּנדיק הינטער זיך דאָס טירל פון הויף. אונטער אַ שמירה פון דריי זעלנער מיט אויטאָמאַטן און בלאַנ־קענדיקע באַגנעטן איז ער אַרויס אויף דער גאַס.

דער פריער פרימאָרגן איז אויפגעוועקט געוואָרן פון אַ סך ענלעכע קאָנוואָיען, וואָס האָבן מיליטערישע געשפּרייזט אויפן געלן ליימיקן באָדן. אַ סך אַזעלכע ווי פּערלמוטער זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויף דער מיליץ און אַריינגעשטופּט געוואָרן אין גרויסן מיליץ־הויף.

עס האָט דאָ געווימלט און געשוויבלט פון מענטשן, מערסטנטייל פּוילישע יידן, אייניקע רוסן און אוזבעקן. אַלע מינוט איז דער הויף גע־וואָרן פולער, אָנגעפּראָפּטער. קיינער האָט נישט געוווסט דעם באַדייט פון דער אָבלאַווע.

— מען זוכט דעזערטירן — האָט זיך איינער אָפּגערופן.

— די אוזבעקן מאַכן אַלע קונצן זיך אַרויסצודרייען נישט צו גיין אויפן פראָנט — האָט זיך אָפּגערופן אַ רוס — און די פּוילישע טוען גלאַט אַלץ אויף הפקר...

מען האָט זיך געצומען אויספרעגן איינער ביים צווייטן, פאַרוואָס און פאַר וועמען מען איז אַרעסטירט געוואָרן, קיינער האָט נישט געוווסט דעם ריכטיקן באַשייד.

---

[2] דאָרט וועט מען אויפקלערן,

פערלמוטער איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן. ס'האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער וועט היינט פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט אין זאַוואָד. ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַרואיקן און מיט אַלע כוחות זיך געשטופּט צום פענצטערל, פון וואַנען מען האָט געזאָלט דורכקוקן די דאָקומענטן. פערלמוטער איז געשטאַנען און געוואַרט. ער איז געווען איינער פון די ערשטע.

די זון האָט חמ'מהדיק געברענט. די ענגשאַפט איז געווען גרויס. דער גרעסטער טייל מענטשן איז געשטאַנען אין קופּקעלעך און געשמועסט. פון די פאַרקראַטעוועטע פאַרטער־פענצטערלעך פון דער מיליץ־תפיסה האָבן אַרויסגעקוקט אַרעסטאַנטן און געשריגן:

— העי, טאָוואַרישטש, דאַוואַי זאַקוריט![3]

אַ שטרענגער מיליציאָנער האָט קיינעם נישט געלאָזט זיך דערנענטערן צו די אַרעסטאַנטן און געדראָט די אַרעסטירטע מיט קאַרצער אויב זיי וועלן שרייען.

דאָס קליינע פענצטערל פון דיזשורנעם מיליציאָנער האָט זיך געעפנט.

פערלמוטער האָט זיך אָנגעהויבן צו שפּאַרן צווישן עולם און איינגעטענהט מיט זיינע שכנים פון דער ריי:

— לאָזט מיך צו דעם ערשטן, איך דאַרף גיין צו דער אַרבעט.

אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט.

פערלמוטערן האָט זיך איינגעגעבן. ער האָט זיך דער ערשטער צוגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס צום פענצטערל און דערלאַנגט דער פּרוי־באַאַמטין זיינע דאָקומענטן.

זי האָט זיי באַטראַכט איינמאָל און נאָכאַמאָל, באַקוקט פון אַלע זייטן און אים געהייסן אַריינגיין צום אויספאָרשונג־ריכטער.

ער איז אַריין אין קאַבינעט מיטן באַקאַנטן בילד פונעם באַוואָנסעטן ברייט־צעשמ'ייכלטן גרוזינער איבערן שרייב־טיש אויף דער וואַנט. דער אויספאָרשונג־ריכטער, מעלניקאָוו, אַ שטרענגער, גלאַט־ראַזירטער טאָ־

---

[3] חבר, גיב צו פאַרויכערן,

טאַר, איז געזעסן אַן אָנגעכמורעטער ביים טיש און געשוויגן. ער האָט פלעגמאַטיש געקוקט אין פּערלמוטערס דאָקומענטן, געדרייט פון אַלע זייטן, מער געקוקט אויפן סופיט ווי אויף פּערלמוטערן. געצומען יאָגן זיך נאָך אַ זלידנער פליג, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין זיין גלאַט־ראַזירטן, גלאַנ־ציקן פליך.

פּערלמוטער איז געשטאַנען ביי דער וואַנט אַ דענערווירטער און זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף אַ וואָרט פון מעלניקאָוון. צום סוף האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק, איך האָב נישט קיין צייט, איך דאַרף גיין צו דער אַרבעט.

— אוספּעיעש![4] האָט אים מעלניקאָוו בייז געענטפערט.

אַ פאַרגליווערטער האָט מעלניקאָוו אַרויסגענומען אַ בויגן פּאַפּיר און פּאַמעלעך, צוילנדיק יעדן וואָרט האָט ער אָנגעהויבן אויסצופרעגן ווי ער הייסט, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך, זיין פּאָטערס נאָמען, וואָס ער האָט געטון פריער אין דער היים און נאָך אַזעלכע קשיות און צום סוף אים באַפוילן:

— לייען איבער און שרייב זיך אונטער!

פּערלמוטער האָט דורכגעלייענט זיין אַקט און אים איז פינצטער גע־וואָרן פאַר די אויגן:

— פאַרוואָס אַרעסטירט איר מיך? — האָט ער נישט מיט זיין קול אויסגעשריגן.

— דערפאַר וואָס דו האָסט נישט פאַרלענגערט דיין וואָיענסקי בי־לעט, און דרייסט זיך אַרויס פון מיליטער־דינסט, פּאָניאַטנאָ! — האָט ער ווי וועלנדיק זיך אָפּטשעפּן פון זיין קרבן אַרויסגעזייט צווישן די ציין.

— איך בין דאָך אַ באַפרייטער פון מיליטער — האָט פּערלמוטער געפּרוווט דערווידערן.

אָבער מעלניקאָוו האָט מיט אים מער נישט גערעדט. ער האָט באַ־

[4] וועסט באַוויין.

פוילן אַ מיליציאָנער אים אויסטאָן דעם פּאַסיק פון די הויזן, די בענדלעך פון די שיך און אָפּפירן אין דער צעלע.

* * *

אַ שווערער גערוך פון דער אָנגעפּאַקטער צעלע אַרעסטאַנטן מיט דער פּאַראַשע ביי דער טיר. האָט אַ שלאָג געטאָן פּערלמוטערן אין נאָז. די אַרעסטאַנטן האָבן אים אַרומגערינגלט און באַזוכט, געזוכט ביי אים טאַבאַק, ברויט.

ער איז געבליבן שטיין און אין האַרצן האָט זיך אים ווי עפּעס אָפּגעריסן. דער טויבער סקריפּ פון דער פאַרשלאָסענער טיר הינטער אים האָט אים דורכגעשווידערט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער צעלע, צו זוכן אַ ווינקל וווּ זיך צו פאַרשטעקן.

איינער פון די אַרעסטאַנטן, אַ געזונטער יונגער אוזבעק, האָט אים אָנגעוויזן אַן אָרט, טאַקע דאָ, ביי דער טיר, לעבן דער פּאַראשע. פּערלמוטער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ צעווייטיקטער, אַ פאַרזונקענער אין מחשבות.

די טיר האָט זיך נאָך דריי מאָל געעפנט. מען האָט אַריינגעלאָזט נאָך דריי פּוילישע יונגעלייט. דער גערודער אויפן הויף איז שטילער געוואָרן. ער האָט אַרויסגעבליקט דורכן פאַרקראַטעוועטן פענצטערל. דער הויף איז שוין געווען פּוסט.

פון דער היינטיקער אַבלאַווע זענען געפאַלן פיר קרבנות.

ער האָט זיך דורכגעשמועסט מיט די אַנדערע אַרעסטירטע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די איבעריקע האָבן בכלל נישט געהאַט קיין מיליטער־ביכלעך. זיי האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַט אַרויסגעדרייט פון וואָיענקאָמאַט. זיי זענען פּוילישע און ווי אַזעלכע דאַרפן זיי בכלל נישט האָבן קיין מיליטער־ביכלעך.

פּערלמוטער האָט זיך דערמאָנט אינעם היינטיקן פרימאָרגן און פאַר זיינע אויגן האָבן זיך געשטעלט די בליקן פון זיינע שכנים פון מוכינס קיביטקע,

יאָ, זיי האָבן זיך אַן עצה געטון. די זעלנער האָבן זיי אָפּגעלאָזט דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן זיך גלייך אויפֿן אָרט אויסגעקויפֿט.

— געלט איז אויך דאָ אַ כּוח — האָט זיך פּערלמוטער אָנגערופֿן צו איינעם פֿון זיינע שכנים, אַ גרוזטשיק פֿון כלאָפּזאַוואָד, יאַנקעלע הירש־פֿעלד — מען דאַרף האָבן געלט און פֿאַר געלט קאָן מען זיך דאָ אויך אויס־לייזן פֿון אַלע צרות.

פּערלמוטער האָט שווער אָפּגעזיפֿצט און איז געבליבן זיצן רואיק אין זיין טוכלען נאַסן ווינקל אויפֿן האַרטן דיל, דעם אויסגעפּלאַסטערטן מיט שפּיציקע קליינינקע שטיינדעלעך, אַז מען קאָן פֿון זינען אַראָפּ פֿון נאָכאַנאַנדיקן זיצן אויף זיי.

# אין מיליץ אַרעסט

די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט. אַ מיליציאָנער האָט אַריינגעטראָגן פּייקעס ברויט צו 350 גראַם פאַר יעדן אַרעסטאַנט.

די 35 פּאַרציעס ברויט פאַר די אַלע פאַרשפּאַרטע איז גיך פאַרטיילט געוואָרן. יעדער איינער האָט זיך געזעצט אין זיין ווינקל און אונטערגע־האַלטן די דלאָניע, אַז אַ ברעקל זאָל נישט אַראָפּפאַלן, געשלונגען גיך אַ ביס נאָך אַ ביס.

די זון האָט זיך פּאַסנווייז, אַריינוואָרפנדיק צומערשט קאַרגע שטראַלן שטרייפן, אַריינגעריסן אין דער צעלע.

פּערלמוטער האָט זיך נישט געקאָנט שענקען די גאַנצע זאַך.

ווי איז דאָס מעגלעך — האָט ער זיך אָנגערופן צו הירשפעלדן — איך האָב געהאַט אַלע דאָקומענטן אין אָרדענונג און גאָר אומגעריכט, אומ־זיסט און אומנישט זאָל איך אַרעסטירט ווערן.

— אַזוי איז שוין — האָט הירשפעלד געענטפערט — אומשולדיקע פאַלן דאָ אַריין זייער לייכט. מען איז קיינמאָל נישט זיכער מיטן לעבן.

די אַלטע אַרעסטאַנטן זענען זיך געזעסן און דערציילט לאַנגע גע־שיכטעס. אַן עלטערער רוס, וועמען מען האָט געכאַפּט אין אַ פריערדיקער אָבלאַווע, האָט דערציילט אַ לאַנגע געשיכטע. אַלע האָבן אויסגעהערט מיט אָפענע מויל און אויערן.

דער דאָזיקער רוס, שוין אַן עלטערער, פון אַ יאָר 55, איז געווען אַ מאַדים אין דערציילן. זיין אופן דערציילן האָט געווירקט, מען האָט גע־זען פאַר זיך אַ פּיפיקן רוסישן אינטעליגענט אויף וועלכן די תפיסה מאַכט שוין נישט קיין איינדרוק. מען האָט עס אַרויסגעפילט אין זיינע באַנע־מונגען צו די נייע שכנים.

אין אָוונט, נאָכן באַקומען די וואַסערדיקע יושקע, וואָס צוויי אַרעס־טאַנטן האָבן געבראַכט אונטער אַ שטאַרקער באַגלייטונג פון מיליציאָנערן, האָט דער אַלטער רוס איוואַנאָוו. דערציילט פּערלמוטערן, וועמען ער האָט

גלייך מקרב געווען און אויסגעפּועלטביים עלצטן פון דער צעלע, דעם היכן שיינעם און געזונטן אוזבעק, ער זאָל אים געבן אַן אָרט ביי דער וואַנט און נישט דאַרפן ליגן ביי דער פּאַראַשע.

דער הערשער פון דער צעלע, דער היכער און שיינער אוזבעק, האָט דעזערטירט פון דער אַרמיי און וואַרט דאָ רואיק אויף זיין פּראָצעס.

— ווסיאָ ראַוונאָ[3] — האָט ער זיך גדלותדיק געקלאַפּט אין האַרצן אַריין — איך וועל אויפן פראָנט נישט גיין, מען וועט מיך פאַרמשפּטן און אַוועקשיקן אויף דער ערשטער פראָנט־ליניע, וועל איך ווידער אַנטלויפן. בעסער אין טורמע ווי אויפן פראָנט. מיט מיר וועלן זיי גאָרנישט מאַכן, מערזאַווצי — האָט ער זיך געזידלט אין דער מאַמען אַריין מיט עקסטאַז, ווי ער וואָלט אין דעם אַריינגעלייגט זיין גאַנץ לייב און לעבן.

אים, דעם באַלעבאָס פון דער צעלע, איז דאָ געווען זייער גוט. יעדן טאָג האָט מען אים געבראַכט גוטע „פּערעדאַטשעס" פון נאָענטן קאָלכאָז. פרישע ווייסע לעפּיאָשקעס[4], פּוטער און אייער, פלייש און פרוכטן. ער איז געזעסן רואיק און געגעסן. שיריים פלעגט ער בלויז צוּוואַרפן וועמען ער האָט גערן געהאַט. אויסער דעם האָט ער פון אַלע פּערעדאַטשעס וואָס מען האָט פון דער פריי אַריינגעשיקט פאַר די אַרעסטאַנטן, אַליין אַראָפּגענומען אַ העלפט פאַר זיך און פאַר די אַלע שטאַרקע, וואָס האָבן אים געהאָלפן אין זיין שטרענגער הערשאַפט.

פערלמוטער איז געלעגן איינגעקאָרטשעט אין זיין ווינקל און יעדעס שפּיציק שטיינדל האָט אים פאַרוווּנדעט זיין לייב. די נייע סביבה האָט אויף אים דערדריקנדיק געווירקט. די ווולגאַרע געשרייען און זידלערייען פון דער פרויען־צעלע איבער דער וואַנט האָבן אים געגרילצט אין די אויערן. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך געווײַלט און געלאַכט.

— וואָס וועט זיין — האָט זיך פערלמוטער געווענדעט צו הירש־פעלדן — מיר זענען דאָך פאַרלוירן, ווער ווייסט צי מיר וועלן שוין אַרויס פון דאַנען.

---

[3] אַלצאיינס.

[4] פלעצלעך.

ב. טערקעל

— יאָ — האָט הירשפעלד אָפּגעזיפצט — דאָ איז אַ ברייטע טיר אויף אַריין און אַ שמאָלע אויף אַרויס.

פּערלמוטער האָט געהאָפּט, אפשר וועט זיך ווער געפינען וואָס וועט אים וועלן אַרויסראַטעווען פון דאַנען. אפשר זיין נאַטשאַלניק פון זאַוואָד, קופּעריאַנאָוו, אפשר זיינע שכנים פון מוכינס קיביטקע, מען קאָן דאָך מעלניקאָוון אָפּקויפן, ער איז אַ געריבענער חברה־מאַן, פאַר געלט מאַכט ער אַלץ. מיט די דאָזיקע האָפענונגען איז פּערלמוטער אַ מידער איינגע־שלאָפן.

* * *

מען גייט היינט אין דער באַניע[5]. אַ סך פון די אַרעסטאַנטן גרייטן זיך, אַז נאָך דער באַניע וועט מען זיי אָפּשיקן אין דער צענטראַלער תפיסה און דאָרט אַהין וויל קיינער נישט גיין. פון דאָרט פירט דער וועג צום לאַגער אָדער אויף די ערשטע פראָנט־ליניעס.

דער עולם אַרעסטאַנטן ווערט אַרויסגעיאָגט פון אַלע צעלעס אויפן הויף. אַרומגערינגלט מיט מיליץ מוזן אַלע זיצן אויף די שפּיצפינגער פון די פיס איינגעבויגן. מען ציילט אַ סך מאָל. מיט אָנגעשטעלטע באַגנעטן, מיט שפּיר־הינט ביי די זייטן פירט די מיליץ די אַרעסטאַנטן־גרופּן אין באַניע. דער אָנפירער פון קאַראַוואַן, גייט מיט אַ פייפל אין מויל און שטעלט אָפּ די גאַנצע באַוועגונג אויף דער גאַס. מענטשן מיידן אויס צו קוקן אין דער זייט פון דער אויסטערלישער פּראָצעסיע.

פּערלמוטער גייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ צו דער ערד. ער שעמט זיך צו קוקן, אפשר וועט ווער פאַרבייגיין. ווי אַ שווערער פאַרברעכער מאַרשירט ער דאָ אינאיינעם מיט אַלע.

די אַרעסטאַנטן טאָרן נישט לאַנג זיין אין באָד. אין געציילטע מי־נוטן דאַרפן זיי זיין אויסגעבאָדן. זייערע זאַכן ווערן אויסגעפּרייעט אין „וואָשאָ־באָיקע" [6]. גלייך נאָר ווי זיי קריגן זייער אָנטועכץ ווערן זיי אָפּ־געפירט צוריק אין דער תפיסה. ווער עס איז באַשטימט אָפּגעשיקט צו

---

[5] באָד.

[6] דיזענפעקציע־קאַמער.

ווערן ווייטער... ווערט שוין נישט אַריינגעלאָזט אין דער צעלע, און בלייבט וואַרטן אויפן הויף.

צווישן די אָפּגעשיקטע אין דער תפיסה האָט זיך אויך געפונען דער שעף פון דער צעלע, דער יונגער אוזבעק וואָס האָט דעזערטירט פון דער אַרמיי.

די „מאַכט" האָט דערווייל איבערגענומען דער שעף פון דער מינדער־יעריקער גנבים־באַנדע, אַ ווילד חוצפהדיק שגצל, וואָס האָט אויף אַלע גרויסע אָנגעוואָרפן אַן אימה. שוין ביי די היינטיקע „פערעדאַטשעס" האָט ער ביי יעדן צוגענומען דאָס בעסטע. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט אַלע שטאַרקע עסן דעם גוטן מיטיק.

די אויגן פון די אַרומיקע זענען געווען אָנגעשפּיזט צו יענעם ווינקל ווו די חברה לאָזט זיך ווילגיין פון יענעמס „פערעדאַטשעס". הירשפעלד האָט אויך באַקומען צוגעשיקט אַ „וואַלוווקע". אים האָט פאַרדראָסן די חוצפּה פון די יונגע שקצים. פון רציחה האָט ער זיך נישט געקאָנט באַ־הערשן. ער איז צוגעלאָפן צו זיי און צוגעכאַפּט וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט. עס איז אויסגעבראָכן אַ ווילד געשלעג. גופים האָבן זיך איינגע־קנוידערט איינער אין אַנדערן. די געשרייען און געוואַלדן האָבן צונויפגע־בראַכט אַלע מיליציאָנערן אַהער. דער נאַטשאַלניק פון דער מיליץ האָט זיך אַריינגעריסן אין דער צעלע. נישט קוקנדיק ווער און וואָס האָט ער גע־קאָפּעט אין די בייכער, געהאַקט איבער די קעפּ, ווו עס האָט זיך נאָר גע־לאָזט.

עס איז באַלד געוואָרן שטיל, אומהיימלעך שווער. קיינער האָט נישט געוואַגט צו דערציילן וואָס דאָ איז געשען.

די תפיסה־מאַכט איז אַוועק מיט גאָרנישט. ס'איז זיי אויך נישט קיין גרויסער חילוק צוליב וואָס מען שלאָגט זיך אין די צעלעס.

דער אַלטער געניטער אַרעסטאַנט איוואַנאָוו, האָט געוואָלט אַביסל אַנטשפּאַנען די נערוון. ער האָט גענומען דערציילן איינע פון זיינע וווּנ־דערבאַר־שיינע געשיכטעס. די שטימונג איז געוואָרן אַן אַנדערע. אַלע האָבן פאַרגאַפט געהערט. נאָר זייערע צעקאָפּעטע און אָנגעווייטיקטע אברים האָט זיי נישט געלאָזט פאַרגעסן אינעם געשלעג.

## ב. טערקעל

פערלמוטער איז געזעסן און זיך צוגעהערט צו איוואַנאַווס מעשיות. דער אַלטער איוואַנאַוו האָט געקאָנט מאַכן פאַרגעסן אין אַלע שווערע צרות און יסורים.

הירשפעלד איז געזעסן מיט פאַרביסענע ליפּן, מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז און צעדראַפּעטן פּנים. יעדער גליד האָט אים ווי געטאָן. ער איז צו־פרידן וואָס ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די דאָזיקע לאַבוזעס. זיי וועלן שוין איצט נישט זיין אַזוי חוצפּהדיק און געמיין.

— מען דאַרף זיך נישט לאָזן פון זיי — האָט הירשפעלד אין דער שטיל געזאָגט צו פערלמוטערן, נישט וועלנדיק שטערן די דערציילונג פון איוואַנאָוון — ביי מיר וועלן זיי מיט גוטן אויך גאָרנישט באַקומען. אַזעל־כע שנעקעס. זיי וועלן מיר פאַר דער נאָז נישט פירן.

די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ פאַרזשאַווערטן סקריפּ. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער יונגער, שיינער אוזבעק, דער פריערדיקער שעף פון דער צעלע, מיט אַ צופרידענעם שמייכעלע אויף די פולבלוטיקע ליפּן. ער האָט אַרויסגעשטעלט צוויי רייען ווייסע פּערלדיקע ציין און האָט אַ זאָג געטאָן:

— ניע נאַשלי דוראַקאַ [7]. איך וועל זיך אַן עצה געבן מיט זיי.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד מיט די פיס הינטער זיך און אַ צופרידענער געענטפערט די נייגעריקע אויגן וואָס זענען געווענדט צו אים:

— איך האָב אין דער באַניע אַריינגעלייגט אין אַ קעסטעלע פון שוועבעלעך עטלעכע לייז און ווען די באַרישניאַ [8] אין דער צענטראַלער תפיסה, האָט געמאַכט די רעוויזיע, צי עס זענען נישט פאַראַן קיין לייז, האָט זי ביי מיר געפונען די דאָזיקע מציאה און מען האָט מיך נישט אָנגענומען. א״אַ, מיך וועלן זיי אַזוי לייכט נישט איינבייסן.

די אַלע ווילע יונגען פון דער צעלע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט

---

[7] זיי האָבן נישט געפונען קיין יאָלד.

[8] פריילין.

אים קושן. אין זייער אויגן איז ער אויסגעוואַקסן ווי אַ גרויסער העלד, נאָך אַ גרעסערער ווי די העלדן פון איוואַנאָווס דערציילונגען.

דער יונגער אוזבעק האָט צוריק איבערגענומען זיין ממשלה. זיין היינ־טיקער פאַרטרעטער האָט אים באריכות דערציילט וועגן דעם געשלעג און די חוצפה פון הירשפעלדן.

— סלושאַי — האָט ער אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט צו הירש־פעלדן, נאָכן לאַנגן געשפּרעך מיט זיינע חברים — מער זאָלסטו קיין שטאַרקער נישט זיין. ביי אונדז גייט עס נישט. ווערסטו זיין אַ מענטש, וועט מען דיך טאָלערירן ווי אַ מענטש, דו פאָלסקי פּאַן[9] און אויב נישט, וועלן מיר דיך בייקומען; מיר האָבן שוין גרעסערע און שטאַרקערע פון דיר בייגעקומען.

— פאַר דיין חוצפה — האָט ער די פאַרלאָפּענע אויגן פון רציחה אַרויסבאַלושעט אויף הירשפעלדן — באַשטראָפן מיר דיך; וועסט שלאָפן אַ גאַנצע וואָך ביי דער פּאַראַשע.

9 פּוילישער פּריץ.

# אין דער צענטראַלער טורמע

מעלניקאָוו האָט זיך נישט געלאָזט אָפּבלאָטירן. די סומע, וואָס פּערל־מוטערס שכנים האָבן פאַרגעלייגט, האָט אים נישט באַפרידיקט און מער האָבן זיי נישט געקאָנט געבן.

פּערלמוטער איז ווייטער געזעסן, אַ רעזיגנירטער און פאַרלוירענער. ער האָט זיך שוין צוגעוווינט צום געדאַנק, פּונקט ווי מען געוווינט זיך צו צו די אַלע צרות.

איינעם אַ באַגינען האָט מען דער גאַנצער צעלע מענטשן געפירט אין דער באַניע, אָפּגעשוירן די האָר און פּאָד־עטאַפּאָם אָפּגעפירט אין דער צענטראַלער סאַמאַרקאַנדער תפיסה.

אַ שטיק צייט איז אויסגעקומען צו וואַרטן פאַרן הויפּט־טויער, איידער די טורמע־אַדמיניסטראַציע האָט באַוויליקט אויפצונעמען די נייע אַרעסטאַנטן. מען האָט זיך דאָרט זייער לאַנג געדונגען וועגן ערטער, ביז נאָך גרויסע שוועריקייטן זענען די פאָרמאַליטעטן דערליידיקט געוואָרן. דאָס טויער האָט זיך ברייט געעפנט און די גאַנצע גרופּע פון אַ מאַן דרייסיק איז אַריין אינעווייניק.

יעדער אַרעסטאַנט איז אדורך אַ ספּעציעל צימער, ווו אַ יונג מיידל האָט באַפוילן יעדן זיך אויסטאָן נאַקעט און האָט ביי זיי זייער זאָרגפעל־טיק געזוכט לייז.

פון דער גאַנצער גרופּע האָט מען צוריק אַוועקגעשיקט אייניקע, די טורמע האָט זיי נישט אָנגענומען, ווייל די באַרישניע האָט געפונען דאָס וואָס זי האָט געזוכט... צווישן זיי איז ווידער געווען דער שעף פון דער צעלע, דער יונגער, שיינער אוזבעק.

ווען מען האָט די צוריקגעשיקטע אויסגעשטעלט אין דער ריי צו גיין צוריק, האָט דער יונגער אוזבעק מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ אַ זאָג געטאָן:

## צווישן שאַקאַלן

— מיך בייסט מען אַזוי גיך נישט איין...

* * *

די 17טע קאַמער אין דער צענטראַלער סאַמאַרקאַנדער תפיסה, האָט געהאַט אָרט בלויז פאַר אַ צוואַנציק מענטשן, נאָר זי האָט זיך אָנגעפּילט מיט זעכציק אַרעסטאַנטן, וואָס זענען געלעגן אויסגעלייגט כמעט אייבער אויפן אַנדערן.

די ווייס־געקאַלכטע ווענט זענען געווען אויסגעשמירט מיט רויטע בלו־טיקע פאַרוואַנצטע פלעקן, וואָס האָבן געשוויבלט און געווימלט אומעטום אויף דער ערד, אין די ווינקלען און זייטן, איבער די ווענט און סופיט. דאָ איז געווען אַ געמיש פון פעלקער און שפּראַכן; יידן, אוזבעקן, טאַטאַרן, קאַזאַכן, רוסן, אוקראַינער, פּאָליאַקן, טשעכן. יעדע נאַציאָנאַלע גרופּע האָט זיך געהאַלטן באַזונדער איז איר ווינקל. די דאָמינירנדיקע גרופּע איז געווען די אוזבעקישע, וואָס האָט צוזאַמען געגעסן, זיך געטיילט מיט די אַריינבאַקומענע פּערעדאַטשעס.

דער אוזבעקישער עולם איז געווען אַ פאַרשידנאַרטיקער, נאָר דער געמיינזאַמער גורל האָט זיי פאַראייניקט. דאָ איז געזעסן פאַר מיסברויכן אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסער פאַבריק. אים האָט דערוואַרט אַן אורטייל פון 10 יאָר ביז טויט־שטראָף, לויטן „סטאַטיאַ"[1] פון 7טן אויגוסט, וואָס איז אָנגעווענדט געוואָרן נאָר לגבי גרויסע פאַרשווערער. אַ „ראַאיס"[2] פון אַ קאָלכאָז, אַ דורכגעפאַלענער צוליב גניבה און דאָס רוב דעזערטירן, אוז־בעקן וואָס האָבן זיך איינגעעקשנט נישט צו גיין אויפן פראָנט.

די יידן האָבן געהאַט אויף זיך דעם חטא פאַר נישט וועלן אָננעמען קיין סאָוויעטישע פאַספּאָרטן און זיך נישט צושטעלן צום וואָיענקאָמאַט, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז אויף זיי איז נישט חל דער וואָיענקאָמאַט. זיי זענען נישט קיין סאָוויעטישע בירגער.

אַ קליינע צאָל, אַ נישט אָנזעעוודיקע, זענען דאָ געזעסן גנבים, איי־

---

1 קאַפּיטל.

2 פאָרזיצער.

ניקע באַנדיטן־איינברעכער און אַן אוזבעק וואָס האָט דערמאָרדעט זיין פרוי.

די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט זיך געהאַט איר מאָראַל און שטייגער־לעבן. דאָ האָט מען זיך געמוזט האַלטן לייטיש און סטאַטעטשנע.

די גרויסע פּאַראַשע ביי דער טיר האָט געאַווירט מיט איר ספּעציפישן גערוך און שווער געמאַכט די אַזוי אויך שווערע לופט פון קליינעם צימערל, אין וועלכן עס האָבן געאָטעמט זעכציק מענטשן. די טראָפּישע היצן זענען געווען נישט אויסצוהאַלטן. די צוויי קליינע פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך ביים סופיט האָבן דורכגעלאָזט מיזערנע שטראַלן פון דער זון. די לופט איז געווען אַ געדיכטע, אַ געפּרעסטע — שווער צו אָטעמען.

די אַרעסטאַנטן זענען געזעסן אויף דער ערד און געפּרייכט ווי די בערן. די פּנימער געל מיט אויסגעלאָשענע אויגן.

יעדער אַרעסטאַנט איז געווען באַהאַונט אין אַלע סטאַטיאָס און געוווסט וויפל יאָרן אין טורמעס און לאַגערן יעדן איינעם דראָט.

די הויפּט־באַשעפטיקונג ביי די אַרעסטאַנטן איז געווען צו מאַכן איינער דעם צווייטן מאַסאַזשן, זיך טאַטואירן דאָס לייב מיט ספּעציעלע אָנגעברענטע נאָדלען, וואָס זענען טראָץ דער שטרענגער רעוויזיע אַריינגעשמוגלט געוואָרן אין דער צעלע. אין דערציילן זיך חלומות און פּותר־חלום זיין. יעדער איינער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב איבערצודערציילן זיין חלום צענדליקער מאָל און זוכן אין אים אַ באַשייד וועגן דער באַפרייאונג.

פּערלמוטער איז געזעסן אין געהאַקטע צרות אין זיין ווינקל און שטיל זיך צוגעקוקט צום אַרום. די נייע סביבה האָט אים אינגאַנצן צעבראָכן.

אויך דאָ האָט איינער פון דער מיליץ־צעלע, אַ יונגער רוס, געוואָלט אָנגיין פאַר אַ שטאַרקן און זיך צעטיילן מיט די אַריינבאַקומענע פּערעדאַטשעס. אָבער דאָ איז עס נישט געגאַנגען אַזוי לייכט: דאָ איז געווען אַן אַנדערע דיסציפּלין. ביים ערשטן פּרווו זיינעם האָבן אים די אוזבעקן אַזוי צעממיתט, אַז די געוואַלדן זענען דערגאַנגען צו נאַטשאַלסטוואָ. מען האָט דעם „שטאַרקן" אָפּגעפירט אין קאַרצער אויף איבער נאַכט און די אוזבעקן האָבן זיך קוים געקאָנט באַרואיקן:

— אַזאַ מערזאַוויעץ — האָט דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק זיך

געקלאָגט — מיט געוואַלד גאָר. ביסט הונגעריק — בעט, וועט מען געבן, אָבער נישט נעמען מיט געוואַלד. ביי אונדז וועט עס נישט גיין — האָט ער געטענהט, וועלנדיק געבן אָנצוהערן, אַז טאָמער וועט נאָך עמעצער זיך דערוועגן צו דעצידירן אויף אַזאַ שריט, וועט ער האָבן יענעמס סוף.

איינער אַ יונגער רוסישער שגץ, האָט נישט געקאָנט באַהערשן זיין הונגער און ביינאַכט אַרויסגעשלעפּט ביי זיין שכן פון אונטערן צוקאָפּנס אַ שטיקל ברויט. אויף מאָרגן, ווי מ׳האָט נאָר אַנטדעקט די גניבה, דער גנב איז דעמאַסקירט געוואָרן, האָט אים יעדער איינער געמוזט געבן שמיץ. דאָס לעבן האָט זיך נאָרמאַליזירט אין דער איינגעשטעלטער שווערער דיסציפּלין.

* * *

אינדערפרי האָט מען אַרויסגערופן עטלעכע אַרעסטאַנטן. אַ פּאָר שעה שפּעטער זענען זיי צוריקגעקומען אין דער צעלע מיט אויסגעלאָשענע אויגן, רעזיגנירטע. גלייך ביי דער טיר, האָט אַ יונגער אוזבעק קוקנדיק אויף די פרעגנדיקע בליקן פון די אַרומיקע, צונויפגעלייגט זיינע דלאָניעס און צוויי מאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט די צען פינגער:

— אַ „פּאָלוטשקע״ [3] פון צוואַנציק יאָר — און ווי נישט אים וואָלט דאָס אומגליק געטראָפן, האָט ער זיך צוגעזעצט אויף זיין אָרט און זיך גענומען צו דער אכילה.

אַ צווייטער אוזבעק, איז פון געריכט געקומען באַרייכערט מיט נאָך 10 יאָר, אָבער נישט אין קיין לאַגער, מען וועט אים שיקן אויף די ערשטע פראָנט־ליניעס.

— ווסיאָ ראַוונאָ [4] — האָט ער זיך געהיצט — איך וועל נאָכאַמאָל אַנטלויפן פון פראָנט. איך וויל בעסער זיצן אין תפיסה איידער גיין אויפן פראָנט. מיט מיר וועלן זיי גאָרנישט מאַכן. זיי זיצן אַלע אין טיל, זויפן און פרעסן, טוען אַלע געמיינקייטן און מיר וועלן זיי שיקן כ׳זאָל לייגן

[3] אַ גאַב.
[4] אַלצאיינס.

דעם קאָפּ פאַר זייערטוועגן. ניע פאַידו[5], אַגאַניעסקי[6], האָט ער זיך געזידלט און געביילט די פויסטן צו דער טיר.

פערלמוטער איז געזעסן לעבן הירשפעלדן און זיך איבערגעקוקט מיט אים.

—ווער ווייסט מ׳יט וויפל יאָרעלעך מיר וועלן אָפּשניידן, — האָט הירשפעלד געזאָגט אַ רעזיגנירטער, — זעסט דאָך מיט וואָס פאַר אַ „פּאָלוטשקעס" מען קומט צוריק פון געריכט.

— זיי קאָנען מיך דאָ נישט פאַרמשפּטן — האָט זיך פערלמוטער געוועדט — איך בין דאָך אין אָרדענונג. אַלע דאָקומענטן זענען ריכטיקע, דאָ איז דאָך געווען אַ פּשוטער טעות.

— דיר איז וויל — האָט הירשפעלד געענטפערט — דו קאָנסט זיך כאָטש טרייסטן. עס איז אַ שווער קאַפּיטל דורכצומאַכן.

* * *

דאָס לעבן אין דער תּפיסה האָט זיך געצויגן פויל, קאַלעמוטנע און לאַנגווייליק. יעדן טאָג דאָס זעלבע. מען האָט געציילט די טעג, וואָכן און חדשים. יעדן טאָג האָט מען אַריינגעבראַכט די באַשולדיקונגס־אַקטן. יעדן טאָג האָט מען פון דער צעלע אַרויסגענומען אַרעסטאַנטן מיט די זאַכן און זיי אָפּגעשיקט אין די לאַגערן און יעדן טאָג זענען צוגעקומען אייניקע נייע קרבנות.

פערלמוטער האָט קיין באַשולדיקונגס־אַקט נישט באַקומען. ער האָט געוואַרט אויף דער אומבאַוווסטקייט און געהאָפט.

די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט און דער קלוטשניק האָט אַ געשריי געטאָן:

— הירשפעלד, דאַוואַי ס׳וויעשטשאַמי![7]

הירשפעלד האָט שנעל אַ כאַפּ געטאָן די פּאָר שמאַטעס און מיט שרעק

---

[5] כ׳וועל נישט גיין.

[6] אַן אוזבעקיש זידל־וואָרט.

[7] נעם די זאַכן.

אין די אויגן זיך אַרומגעקוקט, געוואָרפן אַ לעצטן בליק צו די אַרעסטאַנטן און די טיר האָט זיך מיט אַ סקריפּ געשלאָסן.

— ער איז באַפרייט — האָט זיך אָפּגערופן דער געוועזענער דירעק־טאָר פון דער פאַבריק — אים האָט מען אומאַזשעט די דיעלאָ [8], אַ גליק־לעכער חברה־מאַן — האָט ער געצמאָקעט מיט די ליפּן. אַ שטאַרקע הנאה האָט אַלעמען אַרומגענומען. אין דער צעלע האָט געהערשט אַ טויטע שטיל־קייט.

פּערלמוטער האָט די גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט צוטון מיט קיין אויג. ער איז שוין מקנא געווען הירשפעלדן, וואָס איז אויף דער פריי. אָבער פאַרוואָס זיצט ער נאָך אַלץ? — האָט אים געעקבערט אין מוח. הירש־פעלד האָט נישט געהאט קיין „וואָיענסקי־בילעט" [9] און איך האָב דאָך אַלע דאָקומענטן אין אָרדענונג.

נישט אַנדערש, אַז פאַר הירשפעלדן האָט עמעץ אינטערוועניִרט און זיך געלאָזט קאָסטן געלט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך פּערלמוטער געוואָרפן אויף אַלע זייטן. דער דערנעבנדיקער שכן האָט אים געזידלט, געשאָלטן מיט טויטע קללות. פּערל־מוטער האָט אין זיין צעטראָגנקייט נישט געלאָזט איינשלאָפן זיינע שכנים. אַ שווערע נאַכט מיט קאָשמאַרן און שרעקנדיקע חלומות האָט ער דורכגע־מאַכט און איז אַלע ווײַלע אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט אַ קאַלטן שווייס.

— אויב מען האָט הירשפעלדן באַפרייט און מיך נישט — האָט אים געפּייניקט אַ שווערער געדאַנק — וועל איך שוין דאָ בלייבן ביז צום פּראָ־צעס, נאָכדעם אין אַ לאַגער. דאָרט בין איך שוין פאַרפאַלן אויף אייביק. איך וועל מער שוין נישט אָנזען די ליכטיקע שיין.

די נאַכט האָט זיך פאַר אים געצויגן ווי הייסע סמאָלע, זיך שווער געלייגט אויפן מוח, אויף אַלע אברים און געשווערט אויף אים ווי אַן אומגעהויערע דערדריקנדיקע משא.

* * *

---

[8] פאַרריבן די ספּראַווע.
[9] מיליטערישע ביכל.

## ב. טערקעל

אַ גאַנצן טאָג האָט יעדער שאָרך אין טיר דענערווירט פערלמוטערן. ער האָט געהאַפּט מ׳זאָל אים אַ ליאַדע מינוט געבן אַ רוף אַרויס, אָבער אומזיסט. ער איז געזעסן אַן איינגעשלאָסענער אין זיך, אים איז שווער געווען אויסצורײדן אַ וואָרט צו עמעצן. דאָס עסן איז נישט געקראָכן אין האַלדז. יעדער אָפּהילך פון טריט איבערן קאָרידאָר האָט אים אויפגעשוידערט און אויפגעריסן פון אָרט.

די שמועסן אין דער צעלע זענען צו אים דערגאַנגען ווי ווײַטע אָפּקלאַנגען. מיט אויסגעלאָשענע אויגן האָט ער געקוקט צום טיר־פענצטערל און געזוכט אַן ענטפער אויף זײַן שווערער פײַניקנדיקער פראַגע:

— וועל איך אַרויס פון דאַנען? אויב הירשפעלד איז באַפרײַט איז דאָך מײַן פאַרברעכן אַ קלענערער. טאָ פאַרוואָס זיץ איך נאָך?

# צוריק אויף דער פריי

די גאַנצע נאַכט איז פערלמוטער געשלאָפן. ער האָט זיך באַרואיקט. ער האָט שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, נישטאָ קיין אַנדער ברירה, מן הסתם דאַרף עס אַזוי זיין.

דער טאָג איז אים אַדורך אָט ווי אַלע אַנדערע טעג אין דער תפיסה. ער איז געזעסן און זיך צוגעהערט צו אַלע דערציילונגען פון די שכנים, זיי האָבן פותר חלום געווען איינע די אַנדערע, זיך געמאַכט מאַסאַזשן און טאַטואירט דאָס לייב.

דער קליוטשניק האָט אויפגעעפנט דאָס פענצטערל און יעדן איינעם געטיילט זיין פּאַרציע זופּ. פערלמוטער איז געשטאַנען אין דער ריי מיט זיין בלעכן שיסעלע אין דער האַנט און געוואַרט.

זיין ריי איז געקומען, דער וועכטער האָט אים אָנגעגאָסן זיין פּאַר־ציע. ער איז פּאַמעלעך מיטן שיסל אין דער האַנט צוגעגאַנגען צו זיין אָרט, גענומען דעם לעפל און צוגעטראָגן צו די ליפּן.

עס האָט זיך האַסטיק אָן עפן געטאָן דאָס אויג פון טירל און אַ וועכ־טער האָט אויסגערופן:

— פערלמוטער, סאָביעראַיסיאַ ס׳וויעשטשאַמי! [1]

פערלמוטער האָט אַרויסגעלאָזט דעם לעפל פון דער האַנט און גע־בליבן זיצן אַ פאַרשטאַרטער און אָפּהענטיקער.

אַלע אַרעסטאַנטן האָבן זיך איבערגעקוקט און אָנגעשטעלט זייערע בליקן אויף פערלמוטערן וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן אויף דער ערד אָרומ־געהילט מיט דער פּאַרע פון דער שיסל זופּ.

— פערלמוטער, ביסטראָ! [2] — האָט זיך דער וועכטער אומגעדולדיק געפּאָרעט ביי דער טיר.

---

[1] פּאַרנעם זיך מיט די זאַכן.
[2] שנעל.

פערלמוטער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, פויל צונויפגע־שלעפּט זיין ביסל זאַכן און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— עס אָפּ! — האָט אים אַן אויבעק נאָכגעשריגן.

— ער וועט שוין אין דער היים עסן, — האָט אַ צווייטער זיך צו־געכאַפּט צו זיין שיסל עסן, זי צוגענומען פאַר זיך.

* * *

אַ לופּטיק ווינטל האָט פערלמוטערן אַ שלאָג געטאָן אין פּנים און אים אויסגעטשוכעט. ער איז נאָכגעגאַנגען דעם וועכטער מ׳יט זיין פּעקל בגדים און געשוויגן. זיין האַרץ איז פאַרפלייצט געוואָרן פונעם האַסטיקן בלוטלויף און אַ שטראָם טרערן האָט זיך ביי אים דורכגעריסן...

ער איז אַריינגעפירט געוואָרן אין קאַנטאָר פון דער תפיסה. ענקאַווע־דיסטן האָבן זיך געפּאָרעט ביי די אַקטן. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

פערלמוטער איז געזעסן ווי אַ פאַרמשפּטער. ער האָט געזוכט מיט די בליקן אַ באַשייד צו דעם אַלעם, און נישט געוווסט, צי ער איז שוין ווירק־לעך פריי, אפשר פירט מען אים גאָר איבער אין אַ צווייטער צעלע, אָדער אין אַ לאַגער. עס פאַסירט דאָך, אַז מען פאַרמשפּט אויך אונטער די אויגן.

קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. ער איז געזעסן אַליין אויף דער באַנק מיטן פּעקל זאַכן און געוואַרט.

אין די אָפענע קאַנטאָר־פענצטער האָט זיך אַריינגעריסן אַ שטראָם לופט, פערלמוטער האָט אָפּגעאָטעמט מיט פולע לונגען. שוין לאַנג נישט געפילט דעם טעם פון דער גאַס. אַ פרישע אויפגייענדיקע בלאַסע לבנה האָט זיך אַריינגעשלייכט דורכן אָפענעם פענצטער און זיך אַ שפּיל געטאָן מיט דער העל־בלאָנדער טשופּרינע פון תפיסה־באַאַמטן, און געוואָרפן אַ בלאַסן אָפּשיין אויפן בייזן פאַרכמורעטן פּנים פונעם שטרענגן ענקאַ־ווערדיסט.

אַ זייטיקע טיר האָט זיך געעפנט און אויף דער שוועל האָט זיך באַ־וויזן דער תפיסה־נאַטשאַלניק זשוקאָוו, מיט אַ מילד שמייכעלע אין די אויגן:

— אַנוקאַ, פּערלמוטער, דו ווייסט צוליב וואָס מ'ה האָבן דיך גע־רופן?

— ניע זנאַיו, — האָט אים פּערלמוטער געענטפערט.

— דו ביסט פריי — האָט ער אים אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע און אים דערלאַנגט זיינע פּאַפּירן.

— איך דאַרף גיין אין וואַיענקאָמאַט?

— זאַ טשעם [3] — האָט געענטפערט זשוקאָוו — דו ביסט דאָך באַ־פרייט פון מיליטער־דינסט, דו האָסט דאָך אַ ווייסן בילעט.

— טאָ פּאַרוואָס בין איך געזעסן?

— פּאָטאָמו [4], ווייל דו ביסט אַ ייד, אַ פּוילישער ייד און אַ דוראַק — האָט ער זיך גיפטיק צעלאַכט מיט אַ דריבנע אָפּגעהאַקט געלעכטערל.

— ? ? ?

זשוקאָוו האָט מיט די פינגער אַ מאַך געטאָן אַ פּאָזיציע ווי מען ציילט געלט.

— וואָט קאַק [5] — האָט ער ווילי‌ונגעריש אַ זאָג געטאָן.

— אַ קאַק ניע אימיעל? [6]

— טאָ פּאָ עטאָמו סעדיעל, פּאַניעמאַיעש? [7]

פּערלמוטער האָט באַקומען אַלע זיינע דאָקומענטן, צונויפגעלייגט די זאַכן, פּאַרוואָרפן אויף דער פּלייצע און דער גרויסער אייזערנער טויער פון דער פּראָכאָדנאַי [8] האָט זיך פאַר אים געעפנט אויפן וועג צו דער פרייַ.

* * *

פּערלמוטער האָט אָנגעהויבן שפּרייזן, זיך גישט אומדרייענדיק צו דער זייט פון דער תפיסה, גיך, גיך. כאָטש די פיס זענען אים געווען גע־

[3] צוליב וואָס.

[4] דערפאַר.

[5] אָט אַזוי.

[6] אַז איך האָב נישט געהאַט.

[7] דערפאַר ביסטו געזעסן, פאַרשטייסט?

[8] דורכגאַנגס־טירל.

ליימט פון לאַנגן זיצן אויף איין אָרט, האָט ער געמאַכט די גרעסטע אָנ־שטרענגונגען צו דערגיין צו זיך אין דער קיביטקע אין זשעלעזני־דאָראָזש־נעם ראַיאָן [9]

מ׳יט שווערע טריט האָט ער זיך דערשלעפּט צו זיך אַהיים, ער האָט געעפנט דאָס טויערל. ס׳האָט אים אין די אויגן אַ בלענד געטאָן דאָס ליכט פון מאַקס זאַריצקיס קיביטקע.

ביים סקריפּ פון טירל האָט זיך דער ערשטער אויפגעכאַפּט גאָטליב.

— האָ! ברוך מתיר אסורים! — האָט ער פרום פאַרגלאָצט די אויגן — וואָס מאַכט איר, פערלמוטער?

באַלד איז די ווייב פון פערלמוטערן געקומען צולויפן פון איר קי־ביטקע. אַ דערפרייטע וואָס ער איז שוין געקומען צוריק, האָט זי זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט, ווי ער וואָלט געקומען פון יענער וועלט.

די שכנים האָבן זיך מיט אים דערפרייט. זיי האָבן איינגעלייגט וועלטן — האָבן זיי געזאָגט — אינטערוועגירט ביי מעלניקאָוון, געמאַכט אַלע באַמיאונגען אים אַרויסצונעמען פון דער תפיסה. זיי זענען גליקלעך וואָס עס איז זיי געלונגען.

די גאַנצע נאַכט האָט פערלמוטער נישט צוגעטאָן מ׳יט קיין אויג. עס איז שווער געווען איינצושלאָפן אין דער קיביטקע. אים האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן, אַז ער איז נאָך אין דער תפיסה, באַלד וועט זיך עפענען ס׳טירל, מ׳וועט רופן נעמען.

— מען לעבט אַלץ איבער, און צו אַלע צרות קומט אַ סוף — האָט זיך פערלמוטער אָנגערופן צו זיין ווייב. — מיר וועלן נאָך איבערלעבן די מלחמה אויך. און אפשר וועלן מיר דאָך דערלעבן דעם טאָג פון דער אמתער באַפרייאונג — האָט פערלמוטער גערעדט, אַליין נישט גלויבנדיק אין דעם וואָס ער זאָגט.

פערלמוטערס ווייב איז געזעסן אָנגעשפּאַרט ביים טיש אַ פאַרזונקענע אין מחשבות.

— וואָס טוט מען ווייטער? — האָט פערלמוטער איבערגעריסן איר

[9] וואָקזאַל־ראַיאָן.

טראַכטן. — מען דאַרף זיך צוריק נעמען צו דער אַרבעט און אָנהייבן זוכן מיטלען צו פאַרדינען אַביסל לייכטער און לעבן מענטשלעכער, אַזוי איז דאָך אוממעגלעך.

— אַלע גיבן זיך אַן עצה און דיר קומט עס אָן אַזוי שווער. מען דאַרף זיך קאָנען צופּאַסן צום לעבן. אַלע קאָנען און נאָר דו אײנער... זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַרײַן, אַז מען טאָר נישט, מען דאַרף נישט. קײנער איז דאָ נישט אַזאַ צדיק ווי דו.

— עס איז שווער — האָט פּערלמוטער געענטפערט — מען דאַרף עס האָבן אין בלוט. די דאָזיקע זאַכן לערנט מען זיך נישט אויס אַזוי גיך.

— גלויב מיר — האָט ס׳ווײַב זײַנס זיך געהאַלטן בײַ ס׳איריקע — קײנער האָט עס אין דער הײם נישט געקאָנט, און דאָך לעבן דאָ אַלע פון גניבה, ווער ווײניקער און ווער מער. מען מוז איבערלעבן די שווערע צײַט. דאָ איז נישט פאַראַן קײן שום רחמנות. דער וואָס גנבעט, עסט און וויל קײנעם נישט העלפן. יעדער ריזיקירט מיטן לעבן, כדי צו דערהאַלטן דאָס לעבן, און אַלע מיטלען זענען כשר, ווײַל אַנדערש קאָן מען נישט לעבן. איצט, נאָך דעם ווי דו ביסט אַרויס פון דער תפיסה, מוזסטו קומען צו זיך און עס איז דאָ נישט פאַראַן קײן שום אַנדער מיטל, ווי נעמען פון לעבן דאָס אַלץ, וואָס ס׳לאָזט זיך נאָר...

פּערלמוטער איז אַרויס אויפן הויף, זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז מיט אָנגעשטעלטע אויגן צום קלאָרן לײַכטנדיקן הימל. פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען דאָס אדורכגעלעבטע און אדורכגעמאַכטע אין פּײַן און נויט און אַזויפיל אומגעהויערע לײַדן. פאַר די אויגן האָט זיך באַוויזן דאָס געשטאַלט פון זײַן פאָטער, דאָס לעצטע מאָל בײַ דער באַן־ראַמפּע בעת דער פאַרשיקונג און אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט אים ארומגענומען.

— ווער ווייסט, צי לעבן נאָך אונדזערע דאָרט. זײ האָבן נישט אַפילו די דאָזיקע שווועריקײטן, דאָרט איז ערגער, אויב זײ לעבן נאָך, ווער ווייסט...

— דאָ לײַד איך הונגער — האָט פּערלמוטער גערעדט אַ פאַרביטערטער — איך שטײ אויס צרות, דאָך לעב איך, אמת שווער, אָבער אָן פּחד. אויב איך וועל זיך נישט אַרײַנלאָזן אין די דאָזיקע טונקעלע געשעפטן,

איך וועל נישט גנבענען, וועל איך זיכער אַלץ קאָנען איבערלעבן און אַהיימ־קומען. אויב אַזאַ היים וועט נאָך עקזיסטירן. עס איז שווער, אָבער קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ.

— נויט ברעכט אייזן — האָט דאָס ווייב אין אים אַריינגערעדט.

— אָט ווי דו האָסט זיך פאַרנומען וועט דיר נישט געלינגען צו דערגיין צו קיין ברעג. די מלחמה איז ווייט נאָך נישט פאַרענדיקט. ווער ווייסט ווי לאַנג זי וועט דויערן. מען דאַרף זיך נעמען אין די הענט. זעסט דאָך, דיך האָט מען איינגעזעצט אין תפיסה פאַר גאָרנישט, כאָטש אַלע דיינע דאָקומענטן זענען געווען אין אָרדענונג און זאַריצקי האָט גלייך די זעל־נער אַריינגעשטעקט עטלעכע הונדערט רובל, איז אַלץ געווען דערליידיקט. דו ביסט אָפּגעקומען פאַר גאָרנישט. נאָך גוט וואָס מעלניקאָוו האָט זיך געלאָזט שמירן און זאַריצקי האָט געגעבן, אַז נישט וואָלסטו נאָך געזעסן, ווער ווייס ווי לאַנג, און דאָרט פאַרפוילט געוואָרן.

— יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי — האָט זיך פערלמוטער געוועדט — כ'בין נאָר וואָס אַרויס און דו ווילסט כ'זאָל צוריק אַריין. דערצו דאַרף מען האָבן בלוט.

— דו ווייסט נישט וויפל מיר זענען זיך אָנגעלאָפן צו מעלניקאָוון, וויפל מאָל מיר האָבן אים געבראַכט צו שלעפּן אַהער און ווייל ער האָט געוווסט, אַז מען וויל דיך אויסקויפן, האָט ער כסדר געפאָדערט מער און מער.

* * *

די שאַקאַלן אין די אַרומיקע היילן האָבן זיך ווילד צעוואָיעט און צו זייער כאָר זענען צוגעשטאַנען די שאַקאַלן פון דער רוסישער „קלאַדביש־טשי" [10], וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיטן געביל פון די שכנישע הינט.

אויך קאַזבעק, מוכינס גרויסער געלער הונט, האָט פאַרריסן די מאָר־דע צו דער לבנה. ער האָט זיך הויך און לאַנג צעוואָיעט אין דער אומ־היימלעכקייט פון דער נאַכט.

— דאָס דאָזיקע געוואָי פון די שאַקאַלן דענערווירט מיך — האָט

---

[10] בית־עולם.

זיך פערלמוטער פאַרשטאָפּט די אויערן מיט די פינגער — זיי קלאָגן איבער מיינע יאָרן, באַוויינען מיך מיט זייער געוואַי, ווער ווייסט צי באַ־וויינען זיי נישט דעם גרויסן חורבן פון אונדזער היים...

לאַנג און אומהיימלעך האָבן די שאַקאַלן זיך געלאָזט אויף אַ וועט־געיעג ווער וועמען ס׳וועט איבערשרייען און פאַרטויבן מיט זייער שרעק־לעכן געוואַי...

# אַ מעשה מיט אַ באַראָן

אוי, ווי ס'ווילט זיך קלמנען עסן...

ווי אויף צו להכעיס איז שוין מאָרגן ערב יום כיפּור. אַ גאַנץ יאָר הונגערט מען דאָך סיי ווי סיי, ער קומט אָפּ מיט אַ וואַסער־זופּקע און אַ פּייקע ברויט, אַבי אָפּצונאַרן דעם מאָגן, ס'זאָל הייסן אַז מ'האָט געגעסן.

אַ גאַנצע פרעס־פילאָזאָפיע איז אַנטשטאַנען אין זיין מוח, ווו ער שטייט און גייט קריכן אים אין די נאָזלעכער אַריין ריחות פון געפילטע פיש, פריש געבאַקענע חלות, געטריקנטע פערפעלעך, געבראָטענע לעבער־לעך, מיט אָנגעפילטע קישקעלעך, אַז דער מאָגן דרייט זיך אים אַזש אי־בער. גיי טענה זיך דורך מיטן זולל וסובא, דעם מאָגן זיינעם, און גיב אים צו פאַרשטיין, אַ פּרק פרעסאָלאָגיע. דערקלער אים, אַז שוין דריי יאָר ווי ער באַגנוגנט זיך מיט אַ שטשי־באָרשטש[1], אָן אַן אויגל פעטס און מיט פינף הונדערט גראַם שוואַרצן, טוכלען, נאַסן נישט אויסגעבאַקן ברויט, הלוואַי וואָלט דאָס אויך געווען נאָרמאַל יעדן טאָג און דאָ גאָר... ווייל ס'איז נישטאָ און מען קאָן עס נישט באַקומען פאַרן פאַבריק־לוין, האָט זיך אים גראָד איצט אָנגעשמעקט...

אַמאָל, גאָר אַמאָל, אין די אַלטע גוטע פאַרמלחמהדיקע יאָרן, איז ער, זיין מאָגן, געווען אַ גאַנצער מפונק, אַ גאַנצער מיוחס. עס האָט אים שוין גאָרנישט געשמעקט, ווען מען האָט אים ברחבותדיק צוגעטראָגן פון די בעסטע מאַרצעפּאַנעס, האָט ער אַ דריי געטאָן מיט דער נאָז און הייבט, גראָד הייבט, איז ער צעבאַלעוועט געוואָרן ווי אַ רייכן טאַטנס אַ זינדל, גיט אים, מאַרצעפּאַנעס גיב אים. עס שטייט אים נישט אָן דער מלוכה־שער פאַיאָק, אַ גאַנצער קאָנטרעוואָלוציאָנער געוואָרן, ער שרעקט זיך גאָרנישט פאַרן סטאַטיאַ 58[2], ווערט נישט נתפעל, אַז מען וועט אים פאַר־

---

[1] גרינע קרויט־בלעטער.

[2] פּאַראַגראַף 58 פאַר קאָנטררעוואָלוציע.

## ב. טערקעל

שיקן אין אַ לאַגער הינטער די הרי־חושך און ער וועט פּאַכען מיט דער נשמה און פאַרענדיקן זיין „טעטיקייט" מיט אַ „קרוואַוון פּאַנאַס"[3]

* * *

נאָר היינט האָט זיין מאָגן געזיגט. אַ יידישע קישקע איז נישט אָפּצושאַצן. און בין־השמשות צייט, ווען קלמן איז אַרויס פון דער ליימי־קער קיביטקע ביי מאַריאַ איוואַנאָוונאַ וולאַסאָווא, ווו ער האָט זיך געוואַל־גערט אויפן נאַסן ליימיקן דיל, צו אַ מענטשלעך געברויך, הינטערן בערגל דאָרט, צווישן די אומהיימלעכע היילן, ווו די שאַקאַלן וויינען אויס אין די נעכט זייער עלנט און הונגער, זוכנדיק אַ נבלה, אַ פּגר, וואָס איז נישט בנמצא, האָט זיין אָנגעשפּיצט אויער און אויסגעסטאַרטשעטע אויגן דערהערט און דערפילט עפּעס אויסערגעוויינלעכס:

איבערן בערגל אינדערהויך, מיט אַ פאַרשטייפטן קאָפּ אַריינגעלאָזט אונטערן שטאַרק באַפּעלכלטן האַלדז, איז רחבותדיק געלעגן אויסגעצויגן אַ באַראַן, אַן אמתער באַראַן, מיט פלייש און ביינער, נאָר גיי גלייב, אַז צום גליק איז ער נאָך אַ טויטער אויך...

דאָס האַרץ, האָט זיך אים אויסגעוויזן, האָט זיך טיפער אַ רוק געטאָן צום מאָגן, די סמאַיע האָט זיך צערונען איבער די ליפּן, דער מאָגן זיינער האָט זיך צעבאַלעוועט און אָנגעהויבן צו שפּילן אויף אַלע כלים, און ווי ער וואָלט לשון באַקומען, האָט ער אָנגעהויבן צונוקען:

— אַנוקאַ, בחור, וואָס שווייגסטו און שטייסט ווי אַ ליימענער גולם, ס'ליגט פאַר דיינע אויגן אַזויפיל פּרעס און דו שווייגסט גאָר, רעאַגירסט נישט אויף אַזאַ וויכטיקער מציאה, שטייסט זיך פאַרגאַפט און חלומסט אַריין אין די פּוסטע צעוואַסערטע הימלען, וואָס וועלן דיר אויסער רעגן אַ מכה געבן צו עסן. נעם זיך צו דער אַרבעט און ווער שוין אַ מענטש, גענוג שוין צו הונגערן!...

וואָס איז דאָ צו זאָגן, אַ קלוגער בחורעץ דער מאָגן זיינער. ער איז גערעכט, וויפל איז דער שיער צו הונגערן? אַלץ איז טאַקע גוט און ער איז גערעכט, אָבער ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

---

[3] בלוטיקע דיזענטעריע.

ער כאַפּט אַ בליק אויפֿן ברחבֿותדיק־ליגנדיקן באַראַן — אַ מחייה אים באמת אָנצוקוקן: אַ פֿעטער חבֿרה־מאַן, אפֿשר מיט אַ צען קילאָ־עדיקן קורדיוק[4] זיין פֿעך־שוואַרצע פֿעל האָט צוגעגעבן מער חשיבֿות צום גע־מיט, אָבער דער מאָגן האָט דערמוטיקט...

* * *

קלמן האָט זיך, נישט טויט, נישט לעבעדיק אַריינגעכאַפּט אין דער קיביטקע. זיין באַלעבאָסטע, מאַריאַ איוואַנאָוונאַ, איז געשטאַנען אַ פֿאַר־אומערטע און געשאָלטן אין טאַטנס טאַטן אַריין אירע פֿינצטערע טעג און נעכט און די אַלע וואָס האָבן געשאַפֿן אַזאַ פּאַסקודנעם לעבן...

ווארשיינלעך האָט זיך אויך איר מאָגן דערמאָנט אין די אַלטע צאַ־רישע צייטן און איר האָט זיך אויך פֿאַרוואָלט עסן. מילא, ער קלמן, האָט נאָך געדענקט ווי מיט דריי יאָר צוריק האָט ער נאָך עפּעס געגעסן צו דער זעט און געווען אַ מענטש. נאָר זי, אַן אַלטע — איר בענקט זיך נאָך די צאַרישע יאָרן, וואָס זענען פֿאַרשוווּנדן אָן שפּור. נאָר גיי טענה זיך אויס מיט אַן אַלטער גויטע, וואָס אַ פּיראָזשאָק אָנגעפֿילט מיט אַלטע טוכלע קאַרטאָפֿליעס, איז פֿאַר איר אויך אַ מאַכל און אַ צעקוועטשטער פֿאַרפֿוילטער פּאָמידאָר אַרויסגעגנישטערט פֿון אַ מיסטקאַסטן, אַ צעראָ־יעטן פֿון הינט, איז אויך געווען מעדני־מלכים און אַז קלמן האָט אַ קוק געטאָן אויף איר צורה: גאָט אין הימל, אַזוינס האָט דער אשמדאי נאָך נישט אויסגעטראַכט. אַ פּגע־רע, אַ מרשעת און גיי רייד צו איר. קלמנען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי וואָלט אים איצט איינגעשלונגען אינאיינעם מיט זיין וואַטענער פופייקע מיט אַלע לאַכעס און טראַנטעס, וואָס האָבן קוים צו־געדעקט זיין אויסגעדאַרטן און אויסגעמאָרעטן גוף. נאָר פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט, אמת נישט אַזוי דרייסט און וואַזשנע און מיט אַ ציטערדיקער שטים, אַ טרייסלענדיקער מיט אַלע אבֿרים, זיך אָפּגערופֿן מיט אַ שוואַך קול:

---

[4] אַן עק מיט שמאַלץ, ספּעציעלער מין פֿון באַראַנעס אין אוזבעקיסטאַן.

— מאַריאַ איוואַנאָוונאַ, איזוויניטיע[5], דאָרט אויפֿן בערגל ליגט אַ טויטער באַראַן.

— טשטאָ טי, ס׳אומאַ סאַשאָל, פֿון זינען אַראָפּ, דוראַק.

— יעי באָגו — שווערט זיך קלמן — אַן אמת, מאַריאַ איוואַנאָוו־נאַ, לאָמיר אַ קוק טאָן.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט חשד. געמיינט אַז ער איז פֿון זינען אַראָפּ און אויך נישט דרייסט אַזוי מיט די קלאַפּעדיקע פּאָר ציין אין איר אויסגעהוילטן מויל אַ זאָג געטאָן:

— אַנוקאַ, פּאָסמאָטרים!

ביידע זענען פּאַרזיכטיק אַרויס פֿון דער קיביטקע, זיך אַרומקוקנדיק אויף אַלע זייטן. ער צוערשט, זי, די אַלטע קלעמפּע, הינטער אים.

די לבנה, האָט זיך אים אויסגעוויזן קוקט אויף אים אַזוי מאָדנע. ער האָט נאָך אַזאַ לבנה נישט געזען: צוויי גזלנישע אויגן, מיט אַ לאַנגער צעדרייטער נאָז פּאַרשפּיזט. אויף איין זייט האָט זי געטראָגן אַ רויטע אָקאָלאָשקע — אַן אמתע ענקאַוועדיסטקע. קוקט אים נאָך ווו ער גייט און שפּיזט אים דורך מיט די אויגן, אַזש ס׳איז אים פֿאַרפֿרוירן געוואָרן הינטערן לעפּעלע. וולאַסאָוואַס שלאַבעדיקע טריט רייצן אים און בריען פֿון הינטן. נאָר אַ ברירה האָט ער — אַריינגעפּאַלן און פֿאַרפֿאַלן.

וולאַסאָוואַ האָט אַ שנאָרך געטאָן מיט איר שפּיציקער נאָז, זיך אַרומ־געקוקט פֿון אַלע זייטן. שאַ, שטיל. קלמנען איז קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן און אויך ביי דער באַלעבאָסטע זיינער איז אָנגעזאָליעט. דער מאָגן נוקעט אונטער:

— יאָלדן, וואָס שטייט איר ווי גולמס, שלעפּט אים אַוועק.

— דאַוואַי, פּאָטאַשטשים יעוואָ[6] — האָט סודותפֿול וולאַסאָוואַ אַ שעפּטשע געטאָן קלמנען אין אויער.

ביידע האָבן זיי מיט די לעצטע כּוחות געצויגן דעם פּגר, זי פּאָר אָ

---

[5] אַנטשולדיקט.

[6] לאָמיר אים אַוועקשלעפּן.

פוס פון טויטן באַראַן, ער פאַר אַ פוס, און היידאַ, ווי אויף אַ גליטש — שלפען זיי אים דעם באַראַן צו דער קיביטקע.

דאָס האַרץ האָט זיך אין אים צעפייפט און צעבוכעט. זיי האָבן גע־שלעפט און געצויגן אַזוי האַסטיק און מיט אַזאַ אימפעט, אַז אין געצייל־טע מינוטן זענען זיי געווען מיטן באַראַן אין דער קיביטקע און צעקלאַפּט די שפּיזיקע נאָז פון דער לבנה, וואָס האָט זיך געשלייכט הינטער זיי און דווקא געוואָלט אַריינבליקן וואָס זיי גייען טאָן אינעווייניק.

װאָלאָסאָוואַ זוכט אויס אַ מעסער, און דערלאַנגט קלמנען אַ צווייטן טעמפּן מעסער. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן גייט ער אָפּשינדן אַ פעל פון אַ חיה. זיי רעדן נישט צווישן זיך. די הערצער קלאַפּן. די אויערן זענען אָנגעשפּיצט צו יעדן באַוועג אין דרויסן. ווער ווייסט, ווען מען כאַפּט זיי אונטער ביי אַזאַ מעשׂה, אַן איינגעבונדענער צענערל, אַ צען יאָרלעך אין אַ לאַגער ערגעצוווּ...

זיין טעמפּ מעסער שניידט זיך אַריין אין ראָזן לייב פון פעטן באַ־ראַן, אַ מחיה. ווען ער שעמט זיך נישט פאַר מאַריאַ איוואַנאָוונאַ, וואָלט ער מיט די ציין אַ ריס געטאָן אַ שטיקל רוי־פלייש, אַבי צו שטילן דעם הונגער...

אַרומגעשווּנדן די פעל מיט גרויס מי, האָבן זיי זיך געוויקלט אין אַנגסטיקן שווייס — צעשניטן אויף שטיקער און אַריינגעלייגט אין אַ פעסל. קיין זאַלץ צו באַשיטן איז נישט געווען, ווו נעמט מען זאַלץ? די אַלטע האָט פאַרלאָשן דאָס קינעלע איבערן אויוון, אָפּגעדעקט דאָס אַראָפּ־געצויגענע פאַרהאַנגל איבערן קליינינקן פענצטערל און בשעת מעשׂה גע־כאַפּט ביי דער האַנט דער לבנה... אַ בחורטע, זי איז נישט אָפּגעטראָטן פונעם פענצטער און דווקא געוואָלט זען וואָס מענטשן טוען עס דאָרט אין געהיים. וואָס פאַר אַ פאַרשווערונגען זיי גייען עס מאַכן...

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער מיט קיין אויג נישט צוגעטאָן. קאָשמאַרן אַזעלכע ווילדע זענען נישט אָפּגעטראָטן פון אים. ער האָט רק געחשבונט און גערעכנט און איבערגערעכנט. און וואָס צו חשבונען איז געווען: וויפל קאָטלעטן קאָן מען מאַכן, וויפל פּעטשאַי קאָן מען אויפשטעלן, וויפל געבראָטנס, וויפל פּעטע זופּן מען וועט קאָנען מאַכן בלויז פון די ביינער.

ווי הונגעריק ער איז געווען האָט ער דאָך געטראַכט ניכטער, אַז ער מיט מאַריאַ איוואַנאָוונאַ, ווען זיי זאָלן אַפילו עסן אַ וואָך נאָכאַנאַנד, וועלן זיי דעם באַראַן נישט קאָנען אויפעסן. מען וועט אַ טייל מוזן פאַרקויפן. דער קאָפּ אַרבעט, ווי אַזוי פאַרקויפן, וועמען און ווו? און טאָמער כאַפּט מען און ס'טוט אים שוין באַנג די גאַנצע מעשה. יעדער ריר אויפן גע־לעגער פון מאַריאַ איוואַנאָוונאַ אינעם צווייטן צימער פילט אים אָן מיט פּחד און וואַרפט אָן אַן אימה...

* * *

די פאַבריק־סירענע פון זאַוואָד האָט אים אויפגעריסן פון קאָשמאַר־נעם שלאָף. אַ באַגאָסענער פון שוויס האָט ער געכאַפּט אַ בליק אויף מאַ־ריאַ איוואַנאָוונאַ און מיט געליימטע ציטערדיקע טריט אַרויס צו דער אַר־בעט מיט דער האָפענונג צו עסן היינט אַ גוט שטיקל פלייש צום פאַר־פאַסטן...

דער אַרבעט־טאָג האָט זיך קוים אוועקגערוקט. מיט אייליקע טריט איז ער געלאָפן אַהיים און שוין ביים טויערל האָט אים דער נאָז אויפגע־ריסן פון אַזאַ מין געשטאַנק, ווי פון אַ לעדער־פאַבריק, וווּ מען ווייקט רויע פעל. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם איז ער אַריינגעלאָפן אין דער קיביט־קע און וולאַסאָוואַ איז מיט פאַרבראָכענע הענט אים אַנטקעגנגעלאָפן:

— סקאָרעי, מען דאַרף פון דער נבלה פּטור ווערן, זי האָט זיך פאַר־נאַנדערגעשטונקען סכנות. איבער נאַכט שטייענדיק פאַרמאַכט אין פעסל און אָן זאַלץ, אין אַזאַ היץ, איז דאָס פלייש איבערגעפּירט געוואָרן, גע־וואָרן בלוי און גרין, שוואַרץ און געל, אַלע משונהדיקע קאָלירן געקריגן.

* * *

די לבנה האָט זיך רואיק צוגעקוקט ווי קלמן האָט אין אַ זאַק גע־טאַשטשעט די פאַרשטונקענע פלייש פונעם עיפּושדיקן באַראַן, ווייט צו די פוסטע היילן, וואָס האָבן זיך געשלענגלט נישט ווייט פון דער קיביטקע. באַלד האָט זיך דערהערט דאָס אומהיימלעכע געוואָי פון די שאַקאַלן

וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפן פון אוזבעקישן בית־עולם, דערשפּירנדיק דעם נבלה־געריח — צו פּראַוּוען זייער סעודה...

נו; און דער מאָגן. ער איז שוין געלעגן איינגעלייגט. אַלץ האָט ער געקאָנט פאַרטראָגן, נאָר אַזאַ נבלה — נישט. און ער האָט זיך באַרואיקט.

מיט אַ הונגעריקן מאָגן האָט זיך קלמן געלייגט אויפן ליידיקן דיל און געטראַכט וועגן אַמאָליקן ערב יום־כיפור, ווען ביים טיש זענען געזעסן אַלע משפּחה־מענטשן און געגעסן און געטרונקען און... די סמאַיע האָט געברונען און אַלע פאַרשידענע מאַכלים האָבן זיך ווי לעבעדיק געשטעלט פאַר די אויגן...

דער ריח פונעם פאַרשטונקענעם באַראַן האָט אים איינגעוויגט אין שווערן שלאָף...

# הערינג און וואָדקאַ

אַננאַ סערגייעוונאַ שאַשקאָוואַ, איז שוין אַ פרוי פון זעכציק מיט אַ שמיצל אַריבער, אָבער אַ גענוג ענערגישע און זשוואַווע. אין די בעסערע הייזער, ביי לייטישע מענטשן איז שוין אַזאַ אַלטיטשקע געזעסן אויף דער פּריזבע און געשטריקט במנוחה זאָקן פאַר די אייניקלעך. אָבער זי, שאַשקאָוואַ, איז אויף דער עלטער נישט פאַרזאָרגט: זי מוז נאָך טראַכטן ווי אַזוי צו מאַכן דאָס לעבן דאָ אויף דער זינדיקער ערד אַביסל באַקוועמער. זי דאַרף נאָך זאָרגן אויף איר אויסקומעניש יעדן טאָג.

קיין אייניקלעך האָט זי נישט און קיין נחת פון קינדער אויך נישט. אַ טאָכטער אירע, שוין אַריבער די דרייסיק, זיצט שוין מכמה יאָרן אין אַ לאַגער הינטער די הרי־חושך. פון צייט צו צייט באַקומט זי פון איר אַ בריוול. ביים לייענען אים רייסט זיך איר אַרויס אַ שווערער זיפץ פון האַרץ. אַ זון האָט זי נאָך אַ כאָלאָסטיאַק [1], אַ נאַטשאַלניק פון אַ וואָקזאַל הינטער קראַסנאָוואָדסק, אין אַ פאַרוואָרפענעם העק, אים זעט זי יאָ פון צייט צו צייט.

צו אַלע גליקן האָט זי ליב אַ כוסה. דאָס איז אַ מיטל קעגן מרה־שחורה און אַ גוטער פאַרטויב־מיטל קעגן אַלע צרות און האַרצווייטיק. די טרינק־מלאכה קאָן זי גוט. זי זשליאָקעט נישט ערגער ווי אַ מאַנצ־פאַרשוין. אַז זי ווערט בגילופנדיק, צעפינקלען זיך אירע האַלב־אויסגע־לאָשענע אויגן. זי פאַרכליניעט זיך אין אַ דבקותדיקן ניגון, אָט אַזוי, אויף גאַנצע שעהן, וויל מען איז עס אַ געזאַנג און וויל מען איז עס אַ מין תפילה צו איר גאָט, וואָס איז ווי אַלע געטער, נישט ער איז מילכיק און נישט פליישיק, קיין גוטס קאָן זי פון אים נישט דערוואַרטן, צרות יאָ.

* * *

מיט אַ צענדליק יאָר צוריק, ווען זי איז געווען יינגער, איז זי געווען

[1] נישט פאַרהייראַטער.

אַ פּראָוואָדניק[2], געפאָרן אויף דער שטרעקע סאַמאַרקאַנד־טאַשקענט און האָט נישט שלעכט פאַרדינט. זי האָט געהאַט אויף איר אויסקומעניש און זיך אַן עצה געטאָן. פּאַסאַזשירן זענען שטענדיק דאָ לרוב און בילעטן איז פון כמה יאָרן אָן שווער צו באַקומען און אַז עמעצער וויל פאָרן געפינט ער שוין שטענדיק אַ מיטל ווי אַזוי אַריינצורוקן דעם פּראָוואָדניק אַ פּאָר רובל. פון אַ פּאָר און נאָך אַ פּאָר ווערט פולער דאָס קניפּל. וועגן עסן איז שוין קיין רייד נישט געווען. אָבער היינט איז זי אַרבעטלאָז. פון די גוטע זאַטע יאָרן, האָט זי אָפּגעשפּאָרט אַ סך חברטעס פּראָוואָדניטשקעס. פאָרט זי איין מאָל אין חודש צו איר זון אויף דער באַן־סטאַנציע לעבן קראַסנאָוואָדסק, קויפט דאָרט איין הערינג צו דרייסיק רובל אַ שטיק און ברענגט דורך פאַרשידענע אומוועגן און דורך בלאַט, אַ דאַנק דער הילף פון איר גוט־פריינדשאַפט מיט די חברטעס, און פאַרקויפט די געשמוגלטע הערינג, וואָס זי האַלט אונטער דער פּאָלע, אויפן סאַמאַרקאַנדער באַזאַר פאַר 60 רובל אַ שטיק. ווען נישט דאָס האַרץ־קלאַפּעניש און מורא, טאָמער כאַפּט מען זי אונטער און מען נעמט ביי איר צו די סחורה בעת דער יאַזדע און איצט אויפן באַזאַר — וואָלט זי געווען גאַנץ צופרידן.

די שרעק מיטן האַרץ־קלאַפּעניש פאַרגיסט זי מיט אַ פלעשל וואָדקאַ, פאַרציט דעם האַרציקן ניגון „זאַפריגאַיטיע כלאָפּצי קאָני"... און דער גאַנצער פּערעאולאָק[3] ווייסט שוין, אַז שאַשקאָוואַ איז צופרידן. עך, איז דאָס אַ געזאַנג, עס רייסט ממש דאָס האַרץ: זינגען מיט די אַקאַציע־ביימער, האַווקען צו די הינט און עס באַגלייטן זי אין כאָר די שאַקאַלן אין די אַרומיקע היילן.

* * *

דאָס גליק קאָן איר נישט פאַרגינען דער שכן אירער איוואַן אַלעקסעיעוויטש מוכין, אַ געוועזענער באַן־אַרבעטער, וועמען אַ לאָקאָמאָטיוו האָט אָראָפּגעשניטן אַ פוס און היינט זיצט ער אינדערהיים אין זיין קיביטקע אויף געהאַקטע צרות. קינדער האָט ער, נאָר קיין נחת פון זיי איז

[2] קאָנדוקטאָרשע.
[3] געסל.

נישטאָ, אַז עסן אין שטוב האָבן זיי קדחת. מוכין האַנדלט צו אויפן מאַרק, ער פאַרקויפט מאַכאָרקע אויפן גלאָז, נאָר פון זיינע פאַרדינסטן האָבן זיי נישט וואָס צו קייען. פון עלטסטן באַריאַ ביזן אַכטיעריקן פאָמאַ האָט ער בלויז צרות. מע שלאָנדערט זיך אַרום איבער די באַזאַרן, מען גנבעט פון אונטער די הענט אַוועק. באַריאַ איז שוין ביי זיינע פופצן יאָר אויף אומ־זיסטער קעסט, אַן אייגנווויגער אין די אַרומיקע תפיסות. אַרויס אויף דער פריי, אַ שטיקל צייט געהוליעט, און ווייטער אין תפיסה. די איין און איינציקע טאָכטער, אַ שיקסל פון זיבצן יאָר, קומט אַלע ווילע אָנגעטאָן מיט פאַרשידענע שמאָכטעס, ווערט פאַרפאַלן אויף עטלעכע חדשים פון דער היים, באַווייזט זיך ווידער ווי אַ גאַסט און ווערט נעלם.

און אַז דער טאַטע, מוכין, מוסרט און שטראָפט — פאַרט געבליבן אַביסל געוויסן פון יענע גוטע יאָרן — ענטפערט זי אָפּ פאַרסטקע.

— דו, פאַפּאַשינקאַ, העלפן קענסטו נישט, איז שטער כאָטש נישט זיך אַליין אַן עצה צו טאָן.

פאַרגראָבט ער די אויגן זיינע, דער אַלטער מוכין, טיף אין דער היל־צערנער קוליע, שפייט אויס פון צווישן די צוויי פאָדערשטע ציין, מאַכט אַ שטילע פאָמאַטערי און שווייגט. וואָס קאָן ער איר זאָגן. שווערע צייטן, העלפן קאָן ער דאָך טאַקע נישט — שווייגט ער.

דער אַלטער שכנטע זיינער, שאַשקאָוועו, קאָן ער לחלוטין נישט פאַרגינען, פאַרוואָס זי איינינקע אַליין, אַן אַלטע, זשיפיעט נאָך יאַקאָש און מאַכט נאָך אַ כוסה און ער זאָל זיך נישט קאָנען פאַרגינען דעם לוק־סוס אויסצוטרינקען אַ גלעזל, מאַכן אַמאָל אַ שנאַפּס, אַז צוויי הונדערט גראַם בראָנפן קאָסט צען רובל, איז ווו נעמט מען דערויף? און זי, שאַש־קאָווא, זשליאָקעט אויס אַ גאַנצע פלאַש אויף איין מאָל.

מוכין קאָן זיך טאַקע נישט העלפן, אָבער דערפאַר ווי נאָר דער קליי־נער פאָמאַ דערזעט, אַז די שכנטע פאָרט אַוועק, גנבעט ער זיך אַריין אין איר קיביטקע, שלעפּט אַרויס וואָס נאָר פאַר אַ שמאַטע עס קומט אים אונטער דער האַנט און פאַרקויפט עס פאַר וויפל עס לאָזט זיך און לענט זיך אונטער ס׳האַרץ. אַז שאַשקאָוואַ קומט צוריק פון דער רייזע און דער־זעט דעם בראָך, לויפט זי אין דער מיליץ. שרייט און פאָדערט און עס

הייבט זיך אָן אַ געקריגערײַ צווישן די שכנים, דאָס גאַנצע געסל גייט דאָן אויף רעדלעך.

זשליאָקעט זי נאָך מער די אַלטע, שילט מיט טויטע קללות, אירע שכנים און דראָט זיי, אַז זיי וועלן פאַרפוילט ווערן אין די תפיסות.

שאַשקאָוואַ שילט און ליאַרעמט און מוכין לאָזט אַראָפּ די אויגן אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע און שווייגט.

* * *

שאַשקאָוועס שכן, דער שוסטער קוטשעריאַוויך, איז שוין באמת אַ זקן. טייל שכנים זאָגן, אַז ער איז שוין קרוב אַ הונדערטער. ער אַליין זאָגט, אַז אַלט איז ער געוואָרן ערשט נאָך דער רעוואָלוציע. ביז דער רעוואָלוציע האָט ער זיך נאָך געפילט ווי אַ יונגערמאַנטשיק. נאָר אַ דאַנק די נייע פּאָראָנדקעס איז די עלטער אויף אים אַרויפגעקראָכן, אַזוי ווי איצט די פּאָגאָנעס [4] אויף די זעלנער — איבער נאַכט... נאָר ער האַלט זיך פעסט. אַ הויכער, אַ שטייפער מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד ביז צו די קני, זיצט ער נאָך אויפן שוסטער־בענקעלע און לאַטעט אַלטע שקראַ־בעס. דערפון ציט ער חיונה. אויף מאַכאָרקע פעלט אים נישט. פון צײַט צו צײַט כאַפּט ער זיך אַריין אויפן באַזאַר, טרינקט אויס אַ צוויי הונ־דערט גראַם וואָדקאַ און איז צופרידן, וואָס אויף יענער וועלט וועט ער כאָטש קומען אַ זאַטער. — נישט גוט, טענהט ער אַריין אין די קליענטן, צו קומען אויף יענער וועלט אַ הונגעריקער. דער צאַר באַטיושקאַ וועט אים אויסלאַכן און ער וועט זיין געדעכט. אַ רעוואָלוציע — וועט ער זאָגן — דו אַלטער דוראַק, האָט זיך דיר פאַרגלוסט. קעגן מיר האָסטו געשטור־רעמט, מיך יונגערהייט פאַרטריבן אין דער ערד און דאָ אַהער קומסטו מיט אַ ליידיקן מאָגן, וואָסי, ווייניק האָב איך געקאָרמעט דעם נאַראָד [5]?

שעמט ער זיך פאַר דער באַגעגעניש מיטן צאַר אויף יענער וועלט און אַרבעט נאָך אויף זיינע עלטערע יאָרן, שטאָפּט אָן דעם מאָגן, אים, דעם אַלטן דוראַק, דעם רוסישן צאַר, אויף צו להכעיס.

---

[4] שליפעס.

[5] דאָס פאָלק.

ער קאָן נישט פאַרטראָגן, דער אַלטיטשקער, די קריגערייען צווישן זיינע שכנים. אַ מאָדנער קריג און אַלץ פאַרן עסן. ביי לייטן קעמפט מען פאַר אידייען און דאָ גאָר, ברודערקע, אין אַזאַ נאָך־רעוואָלוציאָנערן לעבן, קעמפט מען בלויז פאַרן פרעס. מען פאַרגינט נישט איינער דעם צווייטן דעם ביסן פון מויל. שיינע צייטן, אַז אַ מאַכאָרקע־פאַפּיראָס און אַ שטיקל ברויט און אַ שטשי־זופּ איז גאָר אַן אידייע...

מוסרט ער די שכנים און וואָרנט: געדענקט, זינדיקט נישט, עס קאָן נאָך זיין ערגער. אויב היינט קאָן נישט קיין אַרבעטער זיך קויפן קיין הערינג, ווייל ער דאַרף אויף אים אַרבעטן אַ גאַנצן האַלבן חודש, וועט מען נאָך מיט דער צייט די הערינג מיט דער וואָדקאַ אָוועקפירן אין דער וועלט אַריין אויף אויסשטעלונגען, איר וועט עס דאָ פאַר קיין שום געלט נישט באַקומען, אַפילו פאַר חזירימלעך [6]. דער עיקר אין לעבן דאַרף מען קאָנען אויסהאַלטן, זיך צוגעווינען. מיט אַ צרה, אַז מען שלאָפט זיך דורך איין נאַכט ווערט זי אויס צרה. מען דאַרף זיך נישט קריגן, מען דאַרף נישט לויפן זוכן קיין יושר אין דער מיליץ, זיי זענען דען בעסער, און זיי אין דען בעסער?

ער קלאַפּט די פּלעקלעך אין די זוילן צום טאַקט פון שאַשקאָוועס „זאַפריגאַיטיע כלאָפּצי קאָני" אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון די קריגע־רייען פון זיין שכן מוכין...

[6] צאַרישע 5־רובלדיקע גאָלד־מטבעות.

# אַ חלום וועגן עסן

יאַנקל גראָס שלעפֿט קוים די פֿיס. די זון פֿאַרעט און פֿרייעט זיין וואַטע־שפּענצער. אַ שווייס באַשלאָגט זיין בלאַס אויסגעצערט פּנים. אונטערן לעפּעלע נאָגט און צופּט. ער וואָלט איצט אַ פֿערד מיט די פּאָדקאָוועס איינגעשלונגען...

שוין אַ שיינע פּאָר יאָר, ווי ער וואַנדערט איבער וועגן אַ לאַנג שוין אויסגעוואָרצלטער פֿון דער היים. שוין אָפּגעוווינט זיך פֿון אַ גוט געלעגער, פֿאַרגעסן דעם טעם פֿון אַ היימיש לעפֿל געקעכטס און פֿאַרלוירן דעם מענטשלעכן פּרצוף זיינעם... ער געדענקט שוין נישט אַפֿילו ווען ער האָט געהאַט ווי אַ מענטש אויסגעזען... ער איז מקנא דעם ערשטן בעסטן היימלאָזן הונט, וואָס הונגערט טאַקע צוגלייך מיט אים, נאָר האָט אָבער אַ לייטישערן געלעגער פֿאַר אים. עסן ווי עסן, נאָר זיך גוט אויסשלאָפֿן, איז יאַנקל גראָס חלום. פֿאַר אַ גוט, ווייך און וואַרעם געלעגער וואָלט ער אַלץ אין דער וועלט אַוועקגעגעבן.

* * *

דער קאָלכאָז, ווו יאַנקל גראָס וווינט, איז נישט ווייט פֿון דער שטאָט. וווינט ער צווישן די אוזבעקן איינער אַליין, אַן איינראָפּעער צווישן אַזיאַטן, ער האָט שוין כמעט זיין לשון פֿאַרגעסן און כאַפּט בלויז אויף די קלאַנגען פֿון דער אוזבעקישער שפּראַך, וואָס גרילצט אים מאָנאָטאָן אין די אויערן. נו, און די אוזבעקן? זיי באַציען זיך צו אים גוט־ברודערלעך, כאָטש צו עסן אַמאָל אַ פּלאָוו, לאַדן זיי אים נישט איין. לאָזן אים נישט אַריין אין זייער קיביטקע אַפֿילו. אַז זיי כאַפּן אים אַמאָל אויף די קאָלכאָזנע פֿעלדער צוגנבענדיק אַן אָפּגעטרייסלטן עפּל, אָדער אוריוק פֿון אַ בוים, זענען זיי גרייט אים צו שלאָגן מכּות־רצח. נאָר זיי מעגן שלעפֿן פֿולע קוישן ווייַנטרויבן אויפֿן שטאָטישן באַזאַר און פֿאַרקויפֿן און אָבשטאָפּן זייערע קאַסטנס מיט נאָך האָב־און־גוטס, וואָס זיי האַנדלען איין

## ב. טערקעל

ביי די פוילישע ביעזשענצעס[1], וואָס האָבן נאָך עפּעס וואָס אויסבאַהאַלטן אויף אַ שוואַרצן טאָג.

יאַנקל גראָס, האָט שוין נישט, חוץ זיין דלות, וואָס צום פאַרקויפן. אַז דאָ איז אַפילו נישט קיין אַרטיקל די נשמה צום פאַרקויפן, ווער דאַרף דען דאָ נשמות? דאָ איז וויכטיק אַ שטאַרקער גוף און אייזערנע ידים און אַביסל מאַרך ווי צו קאָנען דרייען דעם טאָג־געשעפט. ווייטער, וואָס מיר מענטש. נו, און אַז גראָס איז אַמאָל געווען אַ מענטש, מיט אַ געשטעל, מיט מוח, מיט אַן אָנזען, פאַר געוועזענע צאָלט מען נישט... האָסטו, ביסטו און אַז נישט... זעט ער טאַקע אַזוי אויס, יאַנקל גראָס, אַז אַ שענערן פון אים לייגט מען אַריין אין קאַסטן...

* * *

וואָלט אַלץ געווען, אַ כפּרה דאָס געוועזענע. יאָ אָנגעטאָן ווי אַ מענטש, צי נישט, דאָס שפּילט נישט קיין שום ראָלע אין דער היינטיקער צייט. מיט דעם ענין מענטשלעך אויסזען קאָן מען נאָך יאַקאָש אויסקומען, נאָר מיטן מאָגן גייט עס נישט אַזוי לייכט. ער, אַז ער הייבט אָן צו מאָנען דאָס זייניקע, ווערסטו ממש אויס מענטש, קוקסט שוין אויף גאָרנישט און טראַכסט שוין וועגן גאָרנישט. דער גאַנצער מוח, די אויגן, אַלע חושים זענען אַריינגעטאָן מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן גאַנצן לייב און לעבן נאָר אין איין זאַך: עסן. זוכסט און נישטערסט אין אַלע לעכער, אין אַלע מיסטקאַסטנס וואָס פריער פאַר דיר האָבן דאָרט געראָיעט און גענישטערט היימלאָזע, הונגעריקע הינט. אַ צעפוילטער פּאָמידאָר, אָדער אַ צעפּיצלט מייער אויפן באַזאַר, איז אויך אַ יקר המציאות.

און אַז ער האָט שוין געאַרבעט אויף אַ זאַוואָד, יאַנקל גראָס, איז וואָס? פאַר זיין גאַנץ חודשדיק פאַרדינסט פון 150 רובל קאָן ער בלויז קויפן צוויי קילאָ ברויט אויפן באַזאַר און די איבעריקע אַכט און צוואַנציק טעג פון חודש? וואָס עסט מען דאַן?

איז ער איינמאָל אַזוי געגאַנגען אין דער גאַס, קוים געשלעפּט די

---

[1] פּליטים.

פּיס, געזוכט מיט הונגעריקע אויגן עפּעס אַ מציאה, געוואָרט אויף אַ נס. ביז עס איז אים אָנטקעגנגעקומען זיין חבר בערל רובינשטיין, אַ שול־חבר נאָך פון דער היים. יענער, אַז ער האָט באַטראַכט דעם פּאַרשוין, האָט אים גלייך אָן קונצן אַזוי פּשוט אַ זאָג געטאָן:

— יאַנקל, וואָס שלייעסטו זיך אַרום איבער די גאַסן, גיי אַהיים, לייג זיך און שטאַרב.

— איך וואָלט גערן אַהיימגעגאַנגען און זיך געלייגט און געשטאָרבן — האָט אים יאַנקל גלייכגילטיק אָפּגעענטפערט — נאָר עפּעס שטאַרבט זיך נישט, עפּעס גייט ביי מיר דאָס געשעפט אויך נישט פויגלדיק, אָי, זעסטו — באַקומט יאַנקל קוראַזש, און זיינע אַריינגעזונקענע אויגן אין שאַרבן באַקומען אַזעלכע מאָדנע פייערלעך — ווען איך קאָן באמת, וואָלט עס נישט געווען קיין נאַרישקייט, נאָר גיי שטאַרב אַז עס שטאַרבט זיך נישט. משמעות, אַז דער מלאך־המוות זוכט דווקא פעטע, אויסגעפּאַשע־טע פּאַרשוינען, אַז אַ גאַש־בראַט, בערל, ווילן די ווערים אויך נישט. ביי־נער האָט קיינער נישט ליב, מעגסטו ווי שטאַרק די וועלט וועלן אויס־גלייכן, מעגן די גרויסע פירער און פאַרזאָרגער פון דער וועלט, הייזעריק ווערן שרייענדיק, אַז זיי וועלן אויסגלייכן די וועלט וועט עס נישט גיין, פלייש איז טאַקע פלייש און ביינער באַדאַרף קיינער נישט...

* * *

ער איז טאַקע נישט געשטאָרבן יאַנקל גראָס, אָבער מאַטערן זיך האָט ער זיך ווייטער שטאַרק געמאַטערט. געהונגערט גאָר וואָזשנע און יאַקאָש געשלעפּט די מידע פּיס, געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות, פאַר־דינט ווייניק, אַפילו אויף קיין קאַשע אויך נישט צומאָל, און געווען צו־פרידן. ווער קאָן זיך צו אים גלייכן. ער האָט גאָרנישט און פאַרלירט גאָרנישט.

ליגט ער אויסגעצויגן אין אַ פּרעכטיקער שפּעט־זומערדיקער נאַכט אויפן קאַלכאָזנעם פעלד, די פּערסיקעס שמעקן ווונדערלעך, אַז עס רייסט ממש די נאָזלעכער. די פייגעלעך זינגען מתיקותדיק. די גרילן און זשוקעס אינעם פאַרשפּהטן גראָז שפּילן אויף די נערוון און זיין מאָגן

שפּילט אויך צו אַ מאַרש. די שאַקאַלן דאָרט אין די היילן וואַרפן זיך וואַרשיינלעך אויף אַ נבלה און מאַכן דערביי גערוואַלדיקע יעלות. אָז זיי צעשפּאַלטן דעם הימל מיט זייער נאַכט־געוואָי און ערגעץ דאָרט פון דער ווייטנס האָט זיך חוצפּהדיק צערעוועט אַן אייזל. אים צוהילף האָבן זיך צעוויינט די היימלאָזע הינט.

יאָ, אַט אַזוי ווי אין דער נאַטור, אַזוי אויף דער נשמה, אַט אַזאַ האַרמאָניע האָט ער, גראָס, ליב.

ליגט ער און חלומט וועגן אַמאָל, זיינע געדאַנקען האָבן זיך באַ־העפט מיט זיין היים, דאָרט אין פּוילן, אַט זיצט ער דאָרט מיט זיין משפּחה, אַלע עסן און טרינקען און לאָזן זיך ווױלגיין. דער טיש איז אויס־געשטעלט מיט כלערליי פּאַטראַוועס און די ריחות פון דעם עסן שלאָגן אים צו דער נאָז. ער איז זיך אַזוי מחיה. אים איז וואויל. ער שטרעקט אויס די האַנט און וויל עפּעס נעמען. נאָר דאָס עסן רוקט זיך פון אים אָפּ. ער איז הונגעריק, אַזש ס׳ווערט אים פינצטער אין די אויגן. ווען ער עפנט זיי צוריק אויף איז דער טיש מיט די גוטע מאכלים פאַרשוואונדן. ער איז איינער אַליין. דער מאָגן אַרבעט מעשים, צופּט, מאָנט, רייסט, שלעפּט און עס קראַמפּט אים פון אַלע זייטן.

— עסן וויל איך — צופּט אים דער מאָגן, — איך האַלט נישט אויס!

— באַרואיק זיך — טרייסט אים יאַנקל — דו וועסט שוין יאָקאָש דורכקומען און איבערלעבן די מלחמה. זעסטו, נאָכדעם וועסט זיך שוין אָפּנעמען פאַר אַלע צייטן. וועסט זען, עס וועט דיר נאָך גוט זיין... וועסט נאָך וויסן פון אַ לעבן...

און ווידער חלומען זיך אים, יאַנקל גראָסן, זיסע חלומות: פולע טישן מיט כל טוב, און ער עסט, עסט און עסט אָן אויפהער, טעג און נעכט פון עסן, עסן און עסן...

# אין אַ פינצטערער נאַכט

יצחק מערמעלשטיין האָט געאַרבעט אויפן כלאָפּ־זאַוואָד. געווינט האָט ער אין פּושקין־קאָלכאָז אין אַ ליימיקער קיביטקע ווייט אויפן שליאַך וואָס פירט צום סטאַלין־קאָלכאָז. די קיביטקע איז געשטאַנען אַ פּאַראייבזאַמטע אויפן וועג אָפּגעזונדערט פון די אַרומיקע קאָלכאָזנע הייזקעס. קיין יידן זענען דאָרט נישט געווען. נאָך גוט וואָס די דאָזיקע קיביטקעס ווערן געבויט אָן פענצטער, האָט כאָטש נישט דער ווינט אויף זיי קיין שליטה. אָבער דורך דער צעכראָסטעטער טיר־עפענונג ווייעט אַריין דער ווינט אומגעשטערט. ווער וועט אים דען שטערן, די גוט־פאַרזיכערטע טיר?

אויפן ליימיקן דיל ליגן צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן, איינגעוויקלט אין אַלטע לאַכעס ס׳זאָל זיי זיין וואַרעמער,ביידע קינדערלעך מערמעלשטיינס, לעבן זיי ליגט די מאַמע און דריקט זיי צו זיך. כאָטש גוט וואָס ס׳איז פאַראַן אין וועמען זיך צו וואַרעמען. זיי ליגן הונגעריקע און חלומען פון אַ שטיקל ברויט. שוין דריי טעג ווי דער לאַריאָק פון קאָלכאָז האָט נישט אַרויסגעגעבן די ברויט־נאָרמע, מחמת דער ברויט־זאַוואָד האָט נישט צוגעשיקט אין קאָלכאָז פאַר די עוואַקואירטע זייער פּאָרציע.

— דעם טאַטן איז גוט — טענהט איין פרוי מערמעלשטיין צו אירע קינדערלעך — ער כאַפּט נאָך איבער מיט אַ זופּ און מיר האָבן דאָס אויך נישט. מיר קאָנען דאָך אַלע נישט גיין אויפן זאַוואָד מיט אים מיטעסן.

די קינדער ליגן פאַרחלשטע, מיט אויסגעסטאַרטשעטע אייגעלעך און הערן זיך צו צום געוואָי פון די שאַקאַלן אין די היילן און צום געפייף פון ווינט אין די אויסגעהוילטע ביימער־צווייגן.

* * *

יצחק מערמעלשטיין האָט געענדיקט זיין נאַכט־שיכט אין דער פאַ־

בריק און שפּאַנט ווי אַ זקן אויפן וועג צו זיך אין קאַלכאַז, זיך אויסרוען ביזן צווייטן שיכט. ער שלעפּט קוים די פיס, הונגעריק איז ער ווי אַ וואָלף. מיט דער שיטערער זופּקע אויפן זאַוואָד קאָן מען זיך זאַט נישט אָנעסן.

און פון וואָס טראַכט אַ הונגעריקער? ער גייט דעם קאָפּ אַרונטער־געלאָזט צו דער ערד אַזוי ווי אַ שקאַפּע, אַזוי איז באַקוועמער. דער ווינט שמייסט נישט אַזוי שטאַרק אין פנים, און צו־וואָס קוקן הויך, אין הימל פליען אויך נישט קיין געבראָטענע טייבעלעך? שוין בעסער אַזוי. טראַכטן פון אַמאָל, צו וואָס? מאַלע וואָס עס איז געווען אַמאָל. אויב עס קאָן שוין בעסער נישט ווערן, איז אַ שאָד די גאַנצע מי און האָרעוואַניע און די האָפענונג אויף בעסערע יאָרן.

פון זיין שוואַכן ברוסטקאַסטן רייסט זיך אַרויס אַ שווערער זיפץ, ווי דאָס האַרץ וואָלט געוואָלט אַ שפּרונג טאָן אין דער לופט און אַנטלויפן פון דער זינדיקער און שלעכטער וועלט.

— וואָס זיפצט איר אַזוי, דיעדושקאַ? — האָט אים אַ פרעג געטאָן אַ פרוי מיט אַ קוישל אין דער האַנט, וואָס איז געגאַנגען איינגעהילט אין אַ גרויסן שאַל, דורך וועלכן מען האָט נאָר אָנגעזען איר שפּיץ־נאָז.

מערמעלשטיין האָט אַ וואָנד־געטאָן צו דער פרוי זיינע בליקן:

— אַז עס איז שווער אויפן האַרצן, זיפצט זיך, וואָס דען — שרייען זאָל איך, אַז צו דעם פאַרמאָג איך שוין נישט קיין כוחות. נו, און אַז איך וועל שרייען וועט עס דען העלפן? דאָ זענען נישט פאַראַן קיינע אינסטאַנצן וואָס נעמען אויף געשרייען און וואָס ווילן העלפן דעם פאַר־צווייפלטן.

שווייגן זיי ביידע. די איינגעהילטע פרוי אינעם שאַל און דער שווער־שלעפּנדיקער מיט די פיס מערמעלשטיין.

די נאַכט איז אַ ווילדע, אַ צעשריגענע און פּראָטעסטירנדיקע. דער ווינט לאָזט זיך אַרום אין גאַלאָפּ איבער ביימער־שטאַמען, רייסט אַראָפּ פאַרטריקנטע צווייגלעך פון אַלטע ביימער, בייגט יונגע ביימלעך אין אַלע זייטן ווי צו אַ תפילה, אַז דער גאָט פון די ביימער זאָל זיך איבער זיי מרחם זיין און נעמען אין שוץ קעגן בייזן ווינט.

די ביימער איז נאָך ווויל, זיי זוכן נאָך שוץ, זיי פּראָטעסטירן מיט געוואָי... און די צוויי איינזאַמע מענטשן אויפן וועג? צו וועמען זאָלן זיי ווענדן זייער געבעט? און די קינדער זיינע, מערמעלשטיינס אין דער קי־ביטקע אויפן הוילן ליימענעם דיל, אין דער קעלט און אינעם שוידער, וואָס זאָלן זיי נעבעך טאָן?

אַז אויפן האַרצן איז שווער, האָט זיך מערמעלשטיין אַראָפּגערעדט פונעם האַרצן פאַר דער ווילד־פרעמדער, אין שאַל איינגעהילטער פרוי. ער רעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. ער דערציילט פון זיין לעבן, פון זיינע שוועריקייטן. ער אַרבעט שווער און ביטער אויפן זאַוואָד. קיין כוח איז נישטאָ און דער עיקר ס'איז נישטאָ וואָס צום עסן. מיט איין זופּ אַ טאָג קאָן מען זאַט נישט זיין. און די קינדער מיט דער פרוי אינדערהיים, זיי איז נאָך ערגער.

גייט די פרוי אַ שטילע, אַ רואיקע און הערט זיך איין, וואָס דער פרעמדער מענטש רעדט צו איר און זי זיפצט שווער אָפּ.

— אָט גיי איך איצט פון דער אָטשערעד, געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט, בכדי צו באַקומען די נאָרמע ברויט און איך בין צופרידן. מיין מאַן וועט באַלד, אָט אַזוי ווי ער וועט קומען פון דער אַרבעט, וועט ער האָבן כאַטש מיט וואָס איבערצורייבן די ציין. — און זי שפּאַנט האַסטיקער, קוים וואָס מערמעלשטיין דעריאָגט זי מיט זיינע מידע צעווייטיקטע פיס.

* * *

אויפן שיידוועג האָבן זיי אָפּגערוט אַ ווייל. דער וועג צום פּושקין־קאָלכאָז שלענגלט זיך קעגנאיבער. נאָך אַ קילאָמעטער וועג דאַרף נאָך מערמעלשטיין דורכמאַכן. די פרוי בלייבט שטיין ביים וועג, זי דאַרף זיך פאַרנעמען אויף לינקס צום סטאַלין־קאָלכאָז. זי עפנט גיך אויף איר האַנט־קיישל, גיט אַ האַסטיקן צופּ אָפּ אַ שטיקל פון איר נאָרמע ברויט, שטופּט עס האַסטיק אַריין מערמעלשטיינען אין האַנט און מיט שנעלע טריט האָפּסלט זי אַוועק איבערן צעבלאָטיקטן וועג.

מערמעלשטיין שטייט ווי צעחושט. דאָס שטיקל ברויט בריט אים אין דער האַנט און אָט פילט ער ווי אַ שטראָם הייסע, זודיקע טרערן צעוואַ־

רעמען אים דעם גוף. בריענדיקע טרערן, געזאַלצענע רינען אים אַריין אין מויל און הויך אויפן קול האָט ער אויסגעשריגן זיין פּראָטעסט און ווייטיק.

ער האַלט דאָס שטיקל ברויט שטאַרק פאַרקלעמט אין זיין פויסט. ער האָט מורא טאָמער וועט דער צעבייזערטער ווינט אים אַרויסרייסן פון האַנט דאָס שטיקל גאָלד, גרויס ווי אַ כזית. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן גענומען אַ נדבה. ער שטייט אַ רעזיגנירטער און ווייסט נישט וואָס צו טאָן: לויפן נאָכשרייען דער גוטער פרוי און איר אָוועקגעבן דאָס שטיקל ברויט, וואָס זי האָט זיכער אָפּגעריסן פון אירע קינדערס מויל, צי גאָר עס אַליין אויפעסן און איינשטילן די קורטשן אין די קישקעס?

ער גיט אַ שמעק דערצו, ציט טיף אַריין דעם אָטעם און פאַר זיינע אויגן טויכט אויף דאָס בילד: אין קיביטקע ליגן די קינדערלעך און דאָס ווייב פאַרשמאַכטע און הונגעריקע. ער וועט זיי ראַטעווען דאָס לעבן מיט אָט די פּאָר ביסנס און ער פאַרקלעמט שטאַרקער דאָס שטיקל ברויט אין זיין פויסט און שטעלט האַסטיקערע טריט.

דאָס ברויט בריט אים אין דער האַנט. ער איז אויסגעשעפּט ביז לעצט. אָ, ווען ער קאָן איצט אַ כאַפּ טאָן דאָס שטיקל ברויט און איינשלינגען, ווי גוט וואָלט אים געווען. און ער הייבט ווידער אויף די פאַר־מאַכטע פויסט מיטן שטיקל ברויט צום מויל.

און ווידער דערזעט ער פאַר זיינע אויגן די הונגעריקע קינדערלעך זיינע, וואָס ליגן אין ווינקל פון דער קיביטקע אויף דער ערד. קלאַמערט ער נאָך מער זיין פויסט און פאַרגיכערט די טריט, ווי טויזנטער שדים וואָלטן אים געיאָגט, לויפט ער דעם ווינט אַנטקעגן — גיכער, גיכער אַהיים.

ער ווערט מיד, שטעלט זיך אַוועק אָפּכאַפּן דעם אָטעם. די סלינע קומט אים אין מויל. אָט נאָך אַ ווייל, נאָך אַ ווייל, וועט ער פאַלן. דאָס שטיקל ברויט בריט אים. קאָן נישט אויסהאַלטן. ער צופּט אָפּ אַ ביסן ברויט און לייגט עס אַריין אין מויל. באַלד פאַרדריסט עס אים אויף זיך אַליין, אויף זיין יצר־הרע. ער קלאַמערט איין נאָך שטאַרקער דאָס ברויט און לאָזט זיך אין ווילדן גאַלאָפּ אַהיים, גיכער, גיכער.

קוים באַוויזן אָפּצולויפן אַ שטיקל וועג, בלייבט ער ווידער שטיין.

גיט שווער אַ פּאַל אויפן ליימיק צעווייקטן באָדן אַ באַגאָסענער מיט שווייס. דאָס האַרץ איז נישט צו פאַרהאַלטן, אָט שפּר־נגט עס אַרויס. און דאָס ברויט אין הויפן בריט און צופּט פון אים שטיקער. ער האָט נישט קיין כוח זיך אויפצוהייבן. מיט די לעצטע כוחות רוקט ער צו די פויסט צום מויל און רייסט מיט די ציין. קייט און גריזשעט, צערייבט דאָס שטיקל ברויט. נישטאָ, אויס ברויט...

* * *

יצחק מערמעלשטיין האָט זיך צערעוועט ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה. זיין געוואַי האָט זיך צונויפגעגאָסן אין כאָר מיטן געוואַי פון די שאַקאַלן אין די אַרומיקע היילן. פון ערגעצוו האָבן זיך צעסקריפּעט מיט גלעזער־נער בראַזגעריי די אייזלען און דער ווינט האָט זיך מיט געברום און ירגזון צעווילדעוועט איבערן פוסטן פעלד.

שלאַבעריק מיט די לעצטע כוחות האָט זיך יצחק מערמעלשטיין קוים דערשלעפּט אַהיים. אַ פּאַל געטאָן אין די זאַכן אויפן ליימיקן דיל פון זיין קיביטקע און אַריינגעהעשעט זיין וויטיק, זיך אָנכאַפּנדיק מיט די הענט פאַרן קאָפּ, צו פאַרשטעלן די אויערן, נישט צו הערן דאָס שווערע אָטעמען פון זיינע בני־בית.

אַ צייט לאַנג האָט יצחק מערמעלשטיין נישט געקאָנט קוקן זיין פרוי מיט די קינדער גלייך אין די אויגן. ער האָט זיך געשעמט וואָס ער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם שווערן נסיון.

לאַנגע יאָרן האָט אים געפּייניקט דאָס געוויסן פאַר נישט קאָנען איבערהאַלטן, נישט קאָנען אויסהאַלטן, פאַרן וועלן ראַטעווען בלויז זיך, זיין אייגענע פעל.

# אַ פריש געבאַקענער...

שלום שטיינמאַן איז עולה לגדולה געוואָרן. אַ שיינע פּאָר יאָר האָט ער זיך אָנגעמאָרדעוועט, געאַרבעט אויפן כלאָפּ־זאַוואָד ווי אַ פּשוטער אַרבעטער. געמאַכט די נאָרמע, אַריבערגעיאָגט און געוואָרן אַ שלאָגלער, אַ סטאַכאַנאָוויעץ און ביי דעם אַלעם — געשטאָרבן צען מאָל אַ טאָג פון הונגער. ביז גאָט האָט געהאָלפן און ער האָט באַקומען אַ שטעלע פון אַ געהילף־בוכהאַלטער אין אַן אַרטעל פון גאָרפּראָמקאָמבינאַט [1].

דער נאַטשאַלניק פון דאָזיקן אַרטעל אַנאַטאָלי צימערמאַן, אַ פּוילי־שער יונגערמאַן, איז אַריינגעפאַלן אין אומחן ביי דער העכערער נאַטשאַל־סטווע, ער האָט ווייניק געגעבן. זיין רוסיש־יידיש ווייבל פון ראָסטאָוו, אַננאַ סאַמועלאָוונאַ, וואָס דער מאַן אירער איז אַוועק אויפן פראָנט און זיך נישט צוריקגעקערט, האָט אים געפירט ביי דער נאָז. וויפל געלט ער האָט פאַרמאָגט איז איר אַלץ ווייניק געווען. וויפל טייערע פינגערלעך, זייגערלעך, גוטע פרויען־וועש און מאַנטלען וואָס די פּליטים האָבן פון זיך אויספאַרקויפט פון די שיריים פון זייער האָב־און־גוטס נאָך פון פוילן, איז אַלץ פאַרשלונגען געוואָרן אין אירע פול־אָנגעפּאַקטע וואַליזעס, וואָס זי האָט געהאַלטן באַהאַלטן בחדרי חדרים.

דער הויפּט־דירעקטאָר גובסקי האָט זיך געבייזערט אין דער אָנוועזנ־הייט פון שלום שטיינמאַן:

— אַזאַ פּאָדליעץ, אַזאַ מערזאַוויעץ, די גאַנצע וועלט וואָלט ער איינגעשלונגען...

ביז איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג, האָט אַנאַטאָלי צימערמאַן באַקו־מען אַ פּריקאַז [2], אַז ער ווערט אַראָפּגענומען פון זיין אַמט, ער ווערט אויס נאַטשאַלניק. אויף זיין אָרט ווערט באַשטימט דער געהילף־בוכהאַל־טער שלום שטיינמאַן.

[1] שטאַטישער אינדוסטריעלער קאָמבינאַט.

[2] באַפעל.

## ב. טערקעל

— ווי אַזוי קאָן איך ווערן נאַטשאַלניק — האָט זיך שטיינמאַן געווערט אויף מאָרגן אינדערפרי אין דער אופראַווּלעניע[3], ווו ער איז געוואָרן אַרויסגערופן צום דירעקטאָר גובסקי. — ווי קום איך צו זיין אַ נאַטשאַלניק, אַז איך קאָן נישט די אַרבעט, איך ווייס צומאָל נישט מיט וואָס מען עסט עס.

— בודיעש![4] — האָט זיך גובסקי געבייזערט. — ביי אונדז קאָנען אַלע מענטשן ווערן דאָס וואָס די מאַכט באַשטימט זיי. קיין אוממעגלעכקייטן זענען ביי אונדז נישט פאַראַן, פאָניאַטנאָ?

עס האָט נישט געהאָלפן דאָס אויסטענהן זיך. שלום שטיינמאַן האָט איבערגענומען פון אַנאַטאָלי צימערמאַן דעם גרויסן פול־געפּאַקטן סקלאַד מיט הויזן, גימנאַסטיאָרקעס, ליילעכער, קאָלדרעס און וועש. אונטערגעשריבן אַן אַקט, און דאַוואַי: ער איז געוואָרן נאַטשאַלניק, אַ ברירה האָט ער דען געהאַט. אויפן זאַוואָד האָט ער געהונגערט. ער איז געגאַנגען באָרוועס און נאַקעט און דאָ וועט ער כאָטש אַרבעטן ווייניקער, בעסער גיין אָנגעטאָן און דער עיקר ער וועט זיין אַ נאַטשאַלניק. אַ באַלעבאָס אויף אַזויפיל אַרבעטער, ער וועט האָבן צו זיין דיספּאָזיציע אַן אויטאָמאָביל, אַ געשפּאַן אין צוויי פערד און — פּריוויקניעש, מען וועט זיך צוגעוווינען.

ווי זאָגט דאָרט דאָס ווערטל: דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. אויך שלום שטיינמאַן האָט געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון אַ גרינג לעבן אויף אַ שטיקל צייט, אַפּעסן צו דער זעט, און וואָס ווייטער וועט זיין, לוינט זיך נישט צו טראַכטן...

דער אָרטעל איז גרויס. ס׳אַרבעטן אַ מענגע אַרבעטער. די מאַשינען גייען אויף דער פולער פאַרע. די אַרבעטער און אַרבעטערינס פאַרציען אַ ניגונדל און קוקן ממזריש צו צום נייעם באַלעבאָס, צו שטיינמאַנען, וואָס איז נישט לאַנג געווען אַן אַרבעטער אַ גלייכער מיט זיי און שוין איז ער זייער כאַזאַיען[5].

---

[3] פאַרוואַלטונג פון קאָמבינאַט.
[4] וועסט זיין.
[5] באַלעבאָס.

# צ ח י ש ן   ש אַ ק אַ ל ן

און שלום שטיינמאַן האָט זיך גלייך אַריינגעפּאַסט אין זיין נייער ראָל.

* * *

אַ נאַטשאַלניק איז טאַקע אַ גאַנץ גוטע פּאָזיציע אין לעבן, אָבער מען דאַרף עס אויך קאָנען זיין.

דער אַרטעל דאַרף אויספילן זיין חודש־פּלאַן אויף אַ פערטל מיליאָן רובל. כדי אויסצופילן דעם דאָזיקן פּלאַן, דאַרף דער אַרטעל אַרבעטן נאָרמאַל, פאַרן נישט אויספילן דעם פּלאַן דראָעט מיט גרויסע קאָנסעקווענצן. מען קען משפטן נישט מער און נישט ווייניקער ווי פאַר סאַבאָטאַזש. איז ניע שוטקי בראַט[6]...

שלום שטיינמאַן האָט באַלד אויף דער צווייטער וואָך נאָכן איבערנעמען זיין אַמט זיך אַנגעשטויסן אויף אַ קאָלאָסאַלער שוועריקייט. די אַרבעט וואָס איז געלעגן פון פריער האָט זיך געענדיקט. די מאַשינען זענען אַנטשוויגן געוואָרן און די אַרבעטער זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע נעזער. די רעגירונג גיט דאָך נישט קיין רוישטאָפן פאַר דער אַרטיקער אינדוסטריע און דער נאַטשאַלניק אַליין מוז מיטן נאָז צעאַקערן די ערד און באַקומען אַרבעט. אַנדערש גייט עס נישט.

דער אַלטער קיעווער עוואַקואירטער ייד גריגאָרי זאַכאַריעוויטש באַרשאַפּ, וועמענס זון איז געווען אַ פּולקאָווניק און איז געווען אויפן פראָנט, און דערפאַר זיך געהאַלטן גרעסער און וויכטיקער פון אַלע אַרבעטער, איז אַרומגעגאַנגען דערצאָרנט און בייז מער פון אַלעמען.

— סאַלאָמאָן אָסיפּאָוויטש — האָט ער זיך אָפּגערופן מיט שוים אויף די ליפּן צו שטיינמאַנען — אַנאַטאָלי צימערמאַן האָט געוווסט ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט אונדז און איר פאַרשטייט גאָרנישט. ער האָט באַקומען אַרבעט פון אונטער דער ערד און מיר זענען ליידיק נישט געשטאַנען. איר וועט וואַרטן ביז וואַנען גובסקי וועט אייך געבן אַרבעט, וועט איר באַקומען אַ גרויע באָרד, גייט און זוכט: דאָ זענען פאַראַן געוּנוג מילי־

---

[6] נישט קיין געלעכטער.

טערישע פֿאָלקן, זיי דאַרפֿן האָבן אַן אַרטעל וואָס זאָל פֿאַר זיי נייען, אויס־פֿאַרריכטן קליידער, וועש, שיך. גייט זוכט וועט איר געפֿינען.

שלום שטיינמאַן האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו די רייד פֿון אַלטן באַרשאַפּ און האָט געשוויגן. ער איז אין משך פֿון די צוויי וואָכן, וואָס ער אַרבעט דאָ ווי אַ נאַטשאַלניק, דערגאַנגען דעם סוד פֿאַרוואָס דער אַלטער באַרשאַפּ איז אַזוי בייז אויף אים.

צו יעדער צענדליק גימנאַסטיאָרקעס אָדער הויזן צו פֿאַרריכטן האָט אַנאַטאָלי צימערמאַן צוגעוואָרפֿן יעדן אַרבעטער צו איין איבעריק שטיקל און פֿאַר דעם האָט דער אַרבעטער באַקומען אויפֿן באַזאַר אַ פּאָר הונ־דערט רובל. פֿאַר באַרשאַפּן האָט צימערמאַן מורא געהאַט, האָט ער אים צוגעוואָרפֿן מער. אָבער שטיינמאַן איז דאָך נאָך געווען אַ גרינער, איז ביי אים אַלץ געגאַנגען לויט דער ליניע, זאַקאָן איז זאַקאָן [7]...

* * *

דער נאַטשאַלניק פֿון אַרטעל פֿון גאָרפּראָמקאָמבינאַט שלום שטיינ־מאַן, האָט זיך געמאָלדן אין דער עוואַקואירטער כאַרקאָווער טאַנקאָווער אוטשילישטשע צום נאַטשאַלניק פֿון „אָוועס" [8]:

— איך וויל אַרבעט פֿאַר מיין אַרטעל — האָט שלום שטיינמאַן גע־טענהט צום נאַטשאַלניק פֿון אָוועס, דעם קאַפּיטאַן אַמאַיעוו.

אַמאַיעוו, אַ הויכער פֿעסט־געבויטער יונג, מיט בלוט־פֿאַרלאָפֿענע אויגן אין אויסגעפּרעסענעם פּנים, האָט אים באַטראַכט פֿון אויבן ביז אַראָפּ און מיט אַ שלעפֿעריק קול פֿון פֿוילקייט זיך צעגענעצט:

— לאַדנאָ, פּאָלוטשיש [9].

אַ צופֿרידענער איז שטיינמאַן אַוועק צו זיך אין אַרטעל. באַרשאַפּ האָט אים דורכגעדרונגען מיט די אויגן:

— נו, וואָס?

— מאָרגן וועט זיין אַרבעט לרוב, — האָט שטיינמאַן געענטפֿערט.

---

7 געזעץ איז געזעץ.

8 דער וואָס פֿאַרנעמט זיך מיטן מונדירן די אַרמיי.

9 גוט, וועסט באַקומען.

— אָבער איר דאַרפט אויך האַנדלען שכלדיק, טאָן אַזוי ווי אַנאַטאָ־לי האָט געטאָן. אַליין עסן און זען אַז אַ צווייטער זאָל האָבן כאָטש די שיריים — האָט באַרשאַפּ געמרוקעט ווי אַ בייזער, ווי ער וואָלט געווען גערעדט צו זיך אַליין.

* * *

צומאָרגנס איז צוגעפאָרן צום אַרטעל אַ גרויסער משא־אויטאָ אָנגע־פילט מיט הויזנס און גימנאַסטיאָרקעס. די אַרבעטער האָבן שנעל אַראָפּ־געגרוזעוועט פון דער מאַשין און די סחורה געטראָגן אין די סקלאַדעס.

דער לייטענאַנט שילאָוו, וואָס איז געקומען מיט דעם קאַמיאָן סחורה, האָט געגעבן שטיינמאַנען אונטערצושרייבן די פאַקטורע, אַז ער האָט באַ־קומען די סחורה און זיך אַרומקוקנדיק אויף אַלע זייטן צי קיינער הערט נישט אונטער, אים אַריינגערוימט אין אויער:

— אַמאַיעוו ווינטשט זיך אַ העלפט פון דער סחורה „אָפּצווישן“...

שטיינמאַן האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, נישט פאַרשטייענדיק דעם באַדייט דערפון. ער האָט אונטערגעשריבן די פאַקטורע, אַז ער האָט באַקומען די צאָל סחורה. ווען שילאָוו איז אַרויס, איז צו אים צוגעקומען זיין צושניידער מאָטעלע ריפינסקי און אים געזאָגט:

— איך קויף אָפּ ביי אייך די סחורה.

פאַר שטיינמאַנען איז עס אַלץ געווען ניי, שפּאָגל־ניי. ווען ער האָט געאַרבעט אויפן זאַוואָד האָט ער געוווסט, אַז אַן אַרבעטער גנבעט צו אַ שטיקל ברויט, אַ שטיקל לייוונט. ווער עס האָט געוואָלט עסן, האָט ריזי־קירט אַביסל. אָבער פאַרקויפן אַזויפיל סחורה מיט איין מאָל, ווי איז עס מעגלעך?

מאָטעלע ריפינסקי האָט אים דערקלערט:

— גאַנץ פּשוט. איר האָט אונטערגעשריבן אַ פאַקטורע, אַז איר האָט באַקומען צען טויזנט שטיק. אַ העלפט דערפון וועט מען פאַרריכטן, די איבעריקע קויף איך אָפּ פאַר אַ האַלבן מיליאָן רובל, געלט גלייך אויפן טיש, ריבקי פּיש... אַ העלפט גיט איר אַוועק אַמאַיעוון און די צווייטע העלפט פאַר אייך און זיי שרייבן אייך אונטער אַ פאַקטורע, אַז איר האָט צוגעשטעלט אינגאַנצן.

ריפינסקי האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געפּאָרעט אין סקלאַד. סאָרטירט די בעסערע סחורה פאַר זיך. צוגעוואָרפן די אַרבעטער מיט איין פּאָר הויזן אָדער גימנאַסטיאָרקע מער. דער אַרטעל האָט באַקומען דעם פריערדיקן אויסזען און אַלץ איז געגאַנגען כשורה.

אין אָוונט האָט מאָטעלע ריפינסקי אויסגעצאָלט שטיינמאַנען דעם אָפּגערעדטן פּרייז. צומאָרגנס גאַנץ פרי איז שטיינמאַן אָוועקגעפאָרן צו אַמאַיעוון און אים איבערגעגעבן די זשמעניע געלט. זיי זענען ביידע אַריין אין דער קאַנטינע, געמאַכט אַ גוטן שנאַפּס, זיך דערלאַנגט גוט־ברודעריש די הענט און זיך צעגאַנגען.

שלום שטיינמאַן האָט עס קוים צעקייעט. ווי איז דאָס מעגלעך? מער דערמיט וועט ער זיך שוין נישט פאַרנעמען. איינמאָל קאָן געשען אַ נס. היינט איז דער דאָזיקער נס געשען. איצט וועט ער מיטן געלט קאָנען אָפּלעבן אַ שטיקל צייט און נישט זיין אויסגעשטעלט אויף הונגער און נויט.

* * *

עס זענען אַריבער בלויז דריי וואָכן. די אַרבעט האָט זיך ווידער אָפּ־געשטעלט. שילאָוו האָט אָפּגענומען די רעשט סחורה, אונטערגעשריבן די פאַקטורע, אַז ער האָט באַקומען אינגאַנצן און איז אָוועק. די מאַשינען זענען צוריק שטום געוואָרן, באַרשאָפ גייט שוין ווידער אַרום אַ בייזער און אָנגעכמורעטער:

— נו, טאָוואַרישטש, נאַטשאַלניק, וואָס שוויגט איר? מיר שטייען שוין ווידער ליידיק. גייט צו אייער אַמאַיעוון און ברענגט אַרבעט.

נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה — דעם פּלאַן מוז מען אויספירן. די אַרבעטער יאָגן זיך נישט אַזוי שטאַרק צו האָבן אַרבעט און באַקומען די פּאָר רובל פון דער קאַנטאָר, זיי גייט אין האָבן אַרבעט בכדי צו קריגן נאָך אַ פּאָר הויזן, נאָך אַ גימנאַסטיאָרקע און אַז מען אַרבעט קאָן מען צוגנבענען אַ קלעצל פּאָדעם אויך — איז שטיינמאַן אָוועק צו זיין אַלטן באַ־קאַנטן אַמאַיעוו, וועמען ער האָט געטראָפן זיצן אַ באַזויפענעם אין דער קאַנטינע.

— טאָװאַרישטש קאַפּיטאַן, איך שטײ שױן װידער לײדיק, האָסט עפּעס אַרבעט?

— װאָס הײסט נישטאָ? בודיעט. ס'װעט קלעקן פֿאַר דיר אויף יאָרן — האָט אַמאַיעװ אים װױליונגעריש געקלאַפּט איבער דער פּלײצע — פֿאָר אַהײם, מאָרגן װעט שילאָװ קומען.

שטײנמאַן האָט זיך אַ צופֿרידענער אױפֿגעהױבן פֿון אָרט.

— פּאָדאָזשדי [10], — האָט אַמאַיעװ אים צוריקגערופֿן — זעץ זיך, װעלן מיר עפּעס אױסטרינקען. אַזאַ הײסער טאָג הײנט.

באַלד האָט דער קעלנער אַװעקגעשטעלט אױפֿן טיש אַ גוטן װײסן װײן און װאָדקאָ מיט צובײס.

— נו, נאַ זדאָראָװיע, דרוג [11] — האָט אַמאַיעװ אױפֿגעהױבן זײן גלאָז און מיט אײן צי אַ זשליאָקע געטאָן — זאָלסט מאַכן די זעלבע קונץ װי מיט דרײ װאָכן צוריק. איך װיל באַקומען אַ גרעסערע סומע, טי מעניאַ אָבמאַנול [12].

— איך װעל נישט מער — האָט זיך שטײנמאַן אָנגעהױבן צו בעטן — מער װיל איך עס נישט מאַכן. איך האָב מורא, טאָװאַרישטש קאַפּיטאַן.

אַמאַיעװ האָט זיך צעלאַכט מיט אַ װילדן געלעכטער, װי טױזנטער שדים װאָלטן זיך פֿונאַנדערגעהוליעט אין זײן האַלדז.

— אידי, דוראַק. גײ איך װעל שױן געפֿינען אַנדערע יאָלדן, ניע כאָטשעש, ניע נאַדאַ [13].

ער האָט זיך אױפֿגעהױבן פֿון טיש און פֿאַרלאָזט די קאַנטינע. שטײנמאַן האָט אַלײן געמוזט באַצאָלן דעם חשבון און אַװעק אַ כעסיקער און רעזיגנירטער. מער װיל איך נישט, איך האָב עס גענוג — האָט אים דעם גאַנצן װעג פֿאַרפֿאָלגט דער געדאַנק.

10 װאַרט.
11 צום געזונט, פֿרײנד.
12 דו האָסט מיך אָפּגענאַרט.
13 דו װילסט נישט, דאַרף מען נישט.

## ב. טערקעל

* * *

אַמאַיעוו האָט געפונען אַנדערע יאָלדן און קרבנות. זיינע קאַמיאָנען מיט סחורה זענען צוגעפירט געוואָרן צו אַנדערע אַרטעלן און שטיינמאַנס אַרטעל איז געשטאַנען ליידיק.

אָבער נישט אויף לאַנג.

כדי צו זיין אַ נאַטשאַלניק און וועלן אויספירן דעם מלוכה־פּלאַן און נישט געמשפּט ווערן פאַר סאַבאָטאַזש, האָט שלום שטיינמאַן געמוזט שלום מאַכן מיטן גורל. נישט נאָר אַמאַיעוו, נאָר אויך אַנדערע גרעסערע קליענטן האָבן צוגעשטעלט סחורה פאַר זיין אַרטעל וואָס איז געגאַנגען מיט דער גאַנצער פּאַרע.

שלום שטיינמאַן האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה, גערעכט איז געווען גובסקי:

— געדענקסט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט דאַן, ווען דו האָסט זיך איינגעשטעלט מיט ציין און נעגל נישט וועלנדיק ווערן קיין נאַטשאַלניק. בודיעש, וועסט זיין און ביסט געוואָרן אַ לייט. ניטשעוואָ, ביסט נישט קיין ערגערער נאַטשאַלניק פון אונדזערע, וואָס פּראַקטיצירן שוין צענדליקער יאָרן.

גובסקי מיט שטיינמאַנען האָבן אויפגעהויבן די כוסות און פאַרזשלאָקעט די איינגעשטעלטע גוט־ברודערשאַפט צווישן ביידע געשעפטסלייט אינעם גרויסן אַרטעל פון גאָרפּראָמקאָמבינאַט...

# אַן ערלעכער...

איוואַן איוואַנאָוויטש קירייעוו איז געווען אַ שם־דבר אין סאַמאַר־קאַנד. ער האָט זיך אויסגעצייכנט בלויז מיט איין זאַך: ער איז געווען אַ עכט אָרנטלעכער מענטש און אַ ביז גאָר ערלעכער פּאַרטיי־מאַן. געגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, מיט אַ צעדריוולטן מיליטערישן שינעל, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן פון יענע צייטן ווען ער האָט געקעמפט קעגן די ווייסע, מיט אַ פּאָר אויסגעדרייטע שטיוול, אין וועלכע דער געלצעווייקטער ליימיקער באָדן האָט דאָרט געפונען זיין נעסט. ווען אויף די גאַסן איז געווען טרוקן, זענען זיינע שטיוול נאָך געווען נאַס און ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט רעכט אויסטריקענען זיינע פּאַרטיאַנקעס [1].

אָבער ערלעך איז ער געווען. צי אויך זאַט? אויף דעם איז שווער צו ענטפערן. ווער דען נאָך אויסער די דירעקטאָרן און נאַטשאַלניקעס זענען געווען זאַט? אַן אַרבעטער האָט זיך באַגנוגנט מיט דער פּאַיקע ברויט, וואָס ער האָט באַקומען אויף די קאַרטלעך. אויב אַן אַרבעטער איז געווען צופרידן איז ער, איוואַן איוואַנאָוויטש, געווען איבער גליקלעך. קיין גלייכן צו אים אויף דער וועלט איז נישט געווען בנמצא.

ווי זאָגט דאָרט יענע חברה: „ערלעך לעבן איז שווערלעך לעבן". אָבער נאָר פאַר יענע ליידיקגייער איז עס אַזאַ מין זאָג. פאַר קירייעוון אָבער איז עס נישט קיין פּראָבלעם. עס איז טאַקע שווער און ביטער צו זיין ערלעך, אָבער ער באַגנוגנט זיך דערמיט אויך. אויב ער האָט שוין אויסגעהאַלטן אַזוי לאַנג און שלעפּט נאָך יאַקאָש זיינע צעדרייטע שטיוואַלעס איבער די סאַמאַרקאַנדער גאַסן, ווערט צעפּרייעט אין די גרויסע היצן אונטער דער שווערקייט פון זיין שינעל און זשיפּיעט נאָך אַלץ — וועט ער, דער וואָס אין קרעמל, אים נישט לאָזן גיין צום גרונט. נישקשה פאַראַן דאָרט אַן אויג וואָס וואַכט און אַ מוח וואָס טראַכט, און זאָרגט

---

[1] שמאַטעס אויף די פיס אַנשטאָט שקאַרפּעטן.

פאַר אַלע אונטערטאַנען, וועט ער, קירייעוו, בלייבן אַן אויסגעמיטענער, וואָס?

* * *

ס׳זאָל אַזוי נישט טרעפן ווי עס טרעפט זיך. די זון האָט אויך אַ שיין געטאָן פאַר קירייעוון. מען האָט זיך דאָרט ערגעץ אין די הויכע פענצטער דערמאָנט אין זיין צעדריוולטן שינעל און צעדרייטע שטיוול. איבער אַלץ און אַלעמען האָט דאָמינירט זיין ערלעכקייט, בפרט ווען אין זיין קאַר־טאָטעקע איז געווען פאַרצייכנט שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער איז נאָך פריש און ריין, ווויל און גוט, אַז זיין פוס האָט אין משך פון אַזויפיל יאָרן, זינט דעם גליקלעכן טאָג, ווען דער אַרבעטער איז באַפרייט געוואָרן, נאָך נישט אָפּגעשטאַט קיין וויזיט אין קיין טורמע און איז צומאָל נישט דערגאַנגען ערגעצוו דאָרט אין אַ לאַגער אויסצורוען זיינע מידע בינער, — איז אַרויס אַ פּריקאַז, אַז „איוואַן איוואַנאָוויטש קירייעוו ווערט באַ־שטימט פאַר דירעקטאָר פון „גאָרפּראָמקאָמבינאַט״, אָנהייבנדיק פון 25סטן פעברואַר 1943״.

אַ פּריקאַז יאַק פּריקאַז. עס איז ווויל און גוט, אַז ערגעצוו איז פאַראַן אַ האַנט וואָס פאַרצייכנט און שרייבט אונטער. נאָר מען דאַרף קאָנען אויספירן דעם פּריקאַז און דער עיקר מען דאַרף זיך צוגעוווינען צו דער אַרבעט. איוואַן איוואַנאָוויטש מוז לויטן פּריקאַז צוטרעטן צו זיין אַרבעט און ווערן באַלעבאָס איבער העכער טויזנט אַרבעטער און פירן אַ געשעפט ווי עס פאָדערט די גאַנצע פאַרקנוילטע און פאַרוויקלטע אויספּלאַנירטעווירטשאַפט.

ערלעך איז ער, שוין צו ערלעך. היינטיקע צייטן געפינען אַזאַ מין טשודאַק איז שווער. אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין דער סאַמע טיפער און געדיכטער בלאָטע קאָן זיך פאַרוואַלגערן אַ ברילּיאַנט. איז טאַקע ער, דער פּאַרטיי־מאַן, טאָוואַרישטש איוואַן איוואַנאָוויטש קירייעוו, דער דאָ־זיקער ברילּיאַנט.

* * *

אַ גערויש ביי דער אַרבעט. די מאַשינען לויפן אין גאַלאָפּ אויף דער

גאַנצער פּאַרע. דער עולם אַרבעטער איז עמאָציאָנירט. מען וואַרט אויפֿן גייעם דירעקטאָר, וואָס דאַרף היינט לויטן פּריקאַז קומען איבערנעמען די פֿאַבריק.

יעפים יאַקאָוולעוויטש ראָזענבערג, דער זאַווסקלאַד[2], איז פֿאַרשמייעט. עס איז שווער צו אים צו ריידן אַ וואָרט. ער נישטערט אין אַלע ווינקעלעך, אין אַלע פֿאַרבאָרגענע ערטער, ווו ער האָט געהאַט ליגן די טריפּהנע זאַכן און געזוכט צו פֿאַרווישן אַלע שפּורן. דער דירעקטאָר פֿון „אַבלמעספּראָם" [3], סערגיי מיכאַילאָוויטש זאַקליוטשניקאָוו, האָט אים טעלעפֿאָניש צוויסן געטאָן, אַז ער זאָל זיין זייער פֿאָרזיכטיק מיט זיין נייעם אויבערהאַר, מחמת ער איז אַ זייער ערלעכער און מיט דער ערלעכקייט אַליין, זאָל ער זיך נישט וואַגן צו שפּילן. דאָס איז אַזאַ מין אַרטיקל וואָס ברענט ערגער, טויזנט־פֿאַכיק שטאַרקער ווי פֿייער.

אויף יעפים יאַקאָוולעוויטשן ציטערט די הויט. ער, דער שטאַרקער חברה־מאַן, וואָס קאָן אויסגעצייכנט אַלע דריידלעך און קונצן, ער וואָס איז שוין אַרויס אַ געשטאַרקטער און דערמוטיקטער פֿון אַלע פֿייערן — אויך ער האָט זיך אויף טויט דערשראָקן.

— מיין טאַטע פֿלעגט צו מיר שטענדיק זאָגן — רופֿט זיך אָפּ יעפים יאַקאָוולעוויטש צו דער צושניידערין מאַריאַ סערגייעוונאַ שטוטשקאָוואַ — אַז פֿון ערלעכע לייט זאָלסטו אַנטלויפֿן. דאָרט ווו מען רעקלאַמירט די ערלעכקייט און מען ציטערט פֿאַר איר אימת־מוות, טאָרן אַפֿילו קיין לאַמעד־וואָווניקעס נישט שטיין.

און ער האָט געציטערט אויף אַן אמת, ווי אַ פֿיש אין וואַסער.

* * *

און אַז קירייעוו איז אַריין אין פֿאַבריק איז געוואָרן שטיל ווי אין אַן אויער. מען האָט געקאָנט ממש הערן ווי אַ הונגעריקע פֿליג האָט זיך צוגערוקט צו העלענאַ וולאַסאָוואַס האַנט־קוישל זוכנדיק עפּעס מיט וואָס צו דערכאַפּן דאָס שוואַכע הערצל.

---

[2] לייטער פֿון סקלאַד.

[3] וואָיעוואָדישע אַרטיקע אינדוסטריע.

## ב. טערקעל

קירייעוו האָט דורכגעשפּרייזט דעם גרויסן ריזיקן פאַבריק־האָל מיט זיינע צעדרייטע שטיוואַלעס, וואָס האָבן זיך צעסקריפּעט מיט אַ געוואָי אויף זייער באַלעבאָס׳ ערלעכקייט. מיט בייז־פאַרזשמורעטע אויגן האָט ער אַרומגענומען דעם גאַנצן אַרבעטער־עולם. זיך באַגריסט מיט יעפים יאַקאָוולעוויטשן. אונטער די צודרינגלעכע בליקן פון די אַרבעטער זענען ביידע, דער זאַווסקלאַד און דער נייער דירעקטאָר, אַריין אין קאַבינעט. פון דאָרט אין גרויסן סקלאַד, ווו עס זענען געלעגן אָנגעהויפט חמרים קליידער, הויזן, פּופּייקעס, גימנאַסטיאָרקעס, שטיוול, שיך און נאָך אַזעלכע טייערע זאַכן, וואָס מען באַקומט עס נישט אַפילו אין די מאַגאַזינען אויף קיין קאַרטלעך.

יעפים יאַקאָוולעוויטש האָט באַטראַכט זיין נייעם באַלעבאָס מיט זיין מאָדנעם אָפּגעלאָזענעם, עפּעס נישט מעגלעכן אָנטועכץ פון אַ דירעקטאָר. ער האָט פלוצים פאַרלוירן זיין גאַנצע מורא. ווי זיין טבע צו וועלן ריזירן און געווינען, האָט ער גלייך אַ זאָג געטאָן צו קירייעוון:

— טאָוואַרישטש דירעקטאָר, טו אויס דיין שינעל און קלויב זיך דאָ אויס אַ נייעם. איך האָב געגנוג, צו דער צאָל וועט נישט פעלן.

קירייעוו האָט אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר אויגן און אַרויסגעזייט פון צווישן די ציין אַ כעסיקער:

— ניע כאַטשו! [4].

יעפים יאַקאָוולעוויטש האָט זיך נישט פאַרלוירן און געפּרוווט ווייטער זיין מזל: — וואָס דאַרפסטו טאָוואַרישטש דירעקטאָר גיין מיט אַזאַ פּאָר אויסגעדרייטע שטיוול. ביי מיר, זעסטו דאָך, זענען פאַראַן אַזויפיל. נעם קלויב זיך אויס אַ פּאָר גאַנצע שטיוול. מיר וועט דאָך נישט פעלן צו דער צאָל, דיינע אַלטע שטיוול לאָזטו דאָך דאָ איבער.

— ניע בודו! [5] — האָט קירייעוו שוין דאָס מאָל אַרויסגעוואָרטשעט אַביסעלע רואיקער און ער האָט אַלץ נישט געקאָנט אַוועקרייסן זיינע אויגן פון די קופּעס אָנגעוואָרפענע שטיוול.

---

[4] איך וויל נישט.

[5] איך וועל נישט.

— לאָמיר אַריינגיין אין דער פיוונושקע אויסטרינקען — איז יעפּים צוגעשטאַנען צודרינגלעך צו קירייעוון.

— ניע פּאַידו [6].

און ער איז טאַקע נישט געגאַנגען. אָבער זינט דעם טאָג אָן, האָט ער אָנגעהויבן היטן יעפּים יאַקאָוולעוויטשן און אים קיין איין טריט נישט געלאָזט מאַכן אַליין. ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון דער פאַבריק אויף קיין רגע. קאָנטראָלירט און געבּישטערט מיט די אויגן. ער האָט אַריינגעדרונגען אין יעדן אָרט און ווינקל. יעפּימען איז וואָס אַמאָל געוואָרן שווערער צו אַרבעטן.

די העכערע באַאַמטע, די נאָך העכערע דירעקטאָרן פון קירייעוון און איבער קירייעוון, וואָס האָבן נישט באַקומען זייער חלק פון דער שטענדיקער עקאָנאָמיע, האָבן זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו יעפּימען, אַז ער איז קאַליע געוואָרן.

— ער נעמט נישט, כאָטש גיב אים אַ מכה. מען קאָן אים נישט אָפּחורשן. לא די וואָס ער נעמט אַליין נישט, היט ער מיינע פּוסטריט. מען דאַרף זוכן אַן עצה... און געפונען: אַ נייעם פּריקאַז:

„איוואַן איוואַנאָוויטש קירייעוו ווערט אַראָפּגענומען פון זיין אַמט אַלס דירעקטאָר, אָנהייבנדיק פון 20סטן אַפּריל 1943".

און קירייעוו איז פאַרבליבן די ערלעכקייט אַליין.

אַלע — די נאַטשאַלניקעס, בריגאַדירן, צושניידער, די העכערע נאַטשאַלסטוואָ און אַפילו די אַרבעטער האָבן פריי אָפּגעאָטעמט.

* * *

דער שינעל אויסגעריבן. די שטיוול צעדרייט, מיטן אויסגעדאַרטן פּנים ווי ביי אַן אַסקעט, האָט די ערלעכקייט שפּאַצירט איבער די סאַמאַרקאַנדער גאַסן אַ הונגעריקער, אַ פאַרצווייפלטער. ביז זיינע שטיוול האָבן זיך איינמאָל אָפּגעשטעלט ביי יעפּימס ביוראָ. נישט קאָנענדיק לענגער אויסהאַלטן, איז ער אַריין אינעווייניק:

[6] איך וועל נישט גיין.

### ב. טערקעל

— טאָוואַרישטש יעפים יאַקאָוולעוויטש, מען קאָן ביי דיר עפּעס באַקומען אַרבעט?

— פּאָזשאַלויסטאַ [7], פּאַרוואָס נישט? ביי מיר איז איצט פריי דער פּאָסטן פון נאַטשאַלניק פון אַרבאַ־קוזניעצקי צעך [8]. קאָנסט אים איבער־נעמען בתנאי, זאָלסט מיר געבן אַ פּראָצענט פון די זדיעלקעס [9].

די ערלעכקייט האָט זיך איבערגעבעטן.

ער איז געוואָרן אַ גוטער נאַטשאַלניק, אָט אַזוי ווי אַלע — נישט ערגער און נישט בעסער.

זיינע שטיוול האָבן שוין געשפּרייזט גלייכע און אויסגערייניקטע. זיין נייער שינעל האָט זיך געבאָמבלט אַרום די שיין געפּוצטע גאַרמאָשקע שטיוועלעך, וואָס האָבן צוזאַמען האַרמאָנירט מיט אויסגעלייטערטן צו־פרידענעם פּנים.

---

[7] ביטע זייער.

[8] צעך ווו ס׳ווערן אויסגעאַרבעט וועגענער אויף צווי רעדער.

[9] פון די לינקע געשעפטלעך.

# דער אינוואַליד

סערגיי טימאָפּייעוויטש קאַווילין, דער גלאַוובוך [1] פון גאָרפּראָמקאָמ־בינאַט [2], איז שוין צוריקגעקומען פון פראָנט. ער האָט פאַרלוירן די לינקע האַנט אין קאַמף מיט די נאַצישע האָרדעס. דערצו איז ער נאָך קאָנטוזשירט אויך.

אָבער דאָס גוטמוטיקע, פריילעכע און זאָרגלאָזע שמייכעלע פון זיין שטענדיק פאַרשיכורטן פּנים איז פאַרשוווּנדן. די אויגן זענען פאַרוואָ־סערט. ער איז געוואָרן אַ ווילער יונג. ער האָט אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַר נאַטשאַלסטוואָ און איז געוואָרן אַ רשע־מרושע, אַן אַנטיסעמיט.

— זשידי! יאַ איך אוביו! בודו רעזאַט! [3] — הייבט ער אויף די איינ־ציק פאַרבליבענע האַנט און דראָט מיט איר אין דער לופטן.

ער וועט הרגענען און ממיתן יעדן ייד, ניע שוטקי, בראַט! מיט אים איז זיך נישט צו שפּילן.

נאָר איין גוטע מעלה האָט ער, סערגיי טימאָפּייעוויטש קאַווילין, ער האָט ליב אַ כוסה און עס אַרט אים גאָרנישט אויב עס גיט זי אים אַ ייד.

— וואָדקאַ — זאָגט ער, — איז אינטערנאַציאָנאַל. עס איז די שפּראַך פון אַלע גויטלײדנדיקע און באַזויפטע מענטשן פון גאָר דער וועלט. פאַרקערט, אַ שנעפּסל איז דווקא גוט צו מאַכן מיט אַ ייד. אַ ייד טרינקט ווייניקער, ווערט גיכער שיכור, בלייבט פאַר אים, פאַר קאַווילינען מער. ער פאַרזשלאָקעט זיינע פאַר יאָרעלעך מיט דוויעסטע גראַם וואָד־קאַ [4], גיט אַ שמעק אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, גייט אָפּ עטלעכע טריט און פאַלט אַריין אין רינשטאָק, ליגט אָפּ ווי אַ חזיר אַ צען־פופצן מינוט, הייבט זיך צוריק אויף און:

[1] הויפּט־בוכהאַלטער.

[2] שטאָטישער אינדוסטריע־קאָמבינאַט.

[3] יידן! איך וועל זיי דערהרגענען! איך וועל שעכטן!

[4] 200 גראַם בראָנפן.

## ב. טערקעל

— דאַוואַי פּאַידאָם יעשטשאָ ראַז [5].

עס איז אים גוט אויף דער נשמה. ער פאַרגעסט פון די אַלע חזירייען פונעם פראָנט. הערט נישט דעם אויפרייס פון די שראַפּנעלן, ער דאַרף נישט מאַנעווּרירן מיט זיין מאַשין־ביקס. ער פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און זוכט נאָר אַן אויסרייד ווי אַזוי צו פאַרטשעפּען אַ יעווּרעי. היינט נאָכן קומען פון פראָנט, האָט ער נישט קיין מורא צו שרייען הויך אויפן קול: זשיד. ער האָט נישט קיין מורא פאַרן געזעץ, וואָס זאָגט הויך, אַז פאַר אַנטיסעמיטיזם משפּט מען.

— אייגנטלעך — טענהט קאַווילין — וואָס האָב איך מורא פאַרן געזעץ? יעווּרעי איז נישט די זעלבע זאַך ווי זשיד און אַ זשיד איז עפּעס אַנדערש פון אַ יעווּרעי. וואָס קאָן מען מיר טאָן? האַ? אַרויפזעצן אַ נייע האַנט?, האַ, שוטקי בראַט...

— וואָס ביסטו אין כעס אויף די יעווּרעיעס, טאָוואַרישטש קאַווילין? קום, לאָמיר כאַפּן אַ כוסה.

— דאַוואַי, — איז קאַווילין צופרידן — אַ טשטאָ קאַסאַיעטסיאַ יעווּרעיעוו [6], אָהאָ, אָהאָ, וועגן דעם דאַרף מען רעדן ווען מען איז בגי־לופנדיק. עפּעס אַזוי גלאַט גייט עס נישט אַריין אין קאָפּ. פּאָניאַטנאָ?

דער אייגנטימער פון רעסטאָראַן האָט אָנגעגאָסן אַ טיי־גלאָז זעקס און ניינציקער, צוגעגעבן אַ קליין שטיקל שוואַרץ ברויט. קאַווילין האָט מיט בראַוווּר אויפגעהויבן די רעכטע האַנט און דער אַרבל פון דער לינקער האַנט האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. ער האָט פאַרריסן די אויגן צום סופּיט, מיט איין אָטעם אַריינגעצויגן די ביטערע שטאַרקע משקה, שנעל אַ כאַפּ געטאָן דאָס שטיקל ברויט, אַ שמעק געטאָן, אויסגעשפּיגן אויפן דיל, און זיך אַ שאָקל געטאָן אויף די פּיס.

— דאַוואַי, פּאַידיאָם! [7].

וואַקלדיק האָט ער זיך געפּלאָנטערט אַראָפּגייענדיק פון די שטיגעלעך פון רעסטאָראַן, אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און זיך אויסגעצויגן אין

---

5 לאָמיר גיין נאָכאַמאָל.

6 וואָס שייך יידן.

7 לאָמיר גיין.

דער גאַנצער גרויס אינעם אַריק, זיך קאָנוווּלסיוו געטרייסלט און געשריגן:

— עך, זשידי, יאַ וואַס אוביו! — ער האָט זיך שלאַבעריק אויפגעהויבן און זיך פאַרנומען צום אַנטקעגנאיבערדיקן באַזאַר. מיט רוגזה זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די הענדלער, פאַרקויפער און סתם באַזוכער פון באַזאַר און זיך געטשעפּעט צו יעדן איינעם:

— טי זשיד, יאַ וואָיעוואַל [8]. איך האָב געקעמפט אין דער אָטשעסטווענער וואָינאַ [9]. איך האָב געשלאָגן די דייטשן, זיי האָבן מיר טאַקע אַרויסגעדרייט אַ האַנט, אָבער נישקשה מיט דער איינציקער האַנט, — האָט ער זיך צעפאָכעט — וועל איך אייך אַלע אויסהרגענען.

אַ מיליציאָנער איז צוגעגאַנגען מיט פאַמעלעכע טריט:

— גראַזשדאַנין [10], באַרואיק זיך, מאַך נישט קיין סקאַנדאַלן, איך וועל אייך אָפּפירן אין דער מיליץ.

קאַווילין האָט אויסגעשטרעקט זיין ברוסט קעגן דעם מיליציאָנער, אים דורכגעשפּיזט מיט זיינע פאַרשיכורטע אויגן און אויסגעשריגן:

— מערזאַוויעץ, וועמען סטראַשעסטו מיט מיליץ? איך האָב געקעמפט קעגן שונא. אַ האַנט פאַרלוירן, קאָנטוזשירט געוואָרן פון אַ שראַפּנעל און דו זיצסט אין הינטערלאַנד און סטראַשעסט מיך, אַ באַיעץ, אַ קעמפער! — און זיך פאַרמאָסטן מיט דער רעכטער האַנט אויפן מיליציאָנער.

דער מיליציאַנט האָט אים אַ שלעפּ געטאָן פאַרן אויסגעליידיקטן אַרבל און מיט רוגזה אויסגעשריגן:

— דאַוואַי, אין מיליץ!

קאַווילין האָט זיך אויגנבליקלעך אַרויסגעריסן פון דעם מיליציאָנערס הענט און אַ צישע געטאָן:

— סוקין־סין! מערזאַוויעץ! וועמען? מיך, סערגיי טימאָפעיעוויטש קאַווילין וועסטו שלעפּן אין דער מיליץ? דו זשידאָווסקי פּאַכאַלעק!

עס איז געוואָרן אַ געזעמל. דער מיליציאָנער האָט אים נאָכגעלאָזט.

---

[8] איך האָב געקעמפט.

[9] פאָטערלענדישער מלחמה.

[10] בירגער.

## ב. טערקעל

קאָווילין האָט זיך אויפגעשטעלט אַן אויסגעניכטערטער און געוואָרפן אין דער לופט אַריין:

— איך בין אַן אוקראַינער! מיין ראַדאַק איז דער ערשטער סעקרע־טאַר פון דער אוקראַינישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ניקיטאַ כרושטשאָוו. ער האָט אַליין אין קיעוו צו אונדז גערעדט ווען איך בין אַרויס פון שפּי־טאָל, אַז די יעווריעס זענען פאַררעטער, טויגעניכטסן. ער האָט אַרויס־געגעבן דעם פּריקאַז, זיי נישט אַריינצולאָזן צוריק אין באַפרייטן קיעוו. ער, ניקיטאַ מעג אַלץ, און איך טאָר נישט, האַ?

ער האָט אָנגעהויבן לויפן ווי אַ באַנומענער איבערן באַזאַר, פאָכנ־דיק מיט זיין איינער האַנט אויף רעכטס און לינקס.

— זשידי! איך וועל אייך דורסן! אויסראָטן ביז איינעם.

אים צוהילף זענען אונטערגעקומען עטלעכע אינוואַלידן פון די אַרו־מיקע שפּיטעלער מיט קוליעס אין די הענט, וואָס דרייען זיך אַרום אי־בער די באַזאַרן. פאָכנדיק מיט די קוליעס האָבן זיי אָנגעהויבן צו לויפן היפּנדיק אויף די באַנדאַזשירטע איינציקע פיס מיט ווילדן געליאַרעם:

— מערזאָווצי! מיר האָבן געקעמפט און איר אַלע זענט געזעסן אין הינטערלאַנד, געזשלאָקעט וואָדקאַ, געפרעסן שאַשליק און געשלאָפן מיט אונדזערע ווייבער... מיר וועלן אייך...

אויסגעליידיקט האָט זיך דער באַזאַר. אַלע געשטעלן זענען איבער־געקערט געוואָרן. די אַריקן האָבן געפּלייצט מיט אויסגעגאָסענע כיילד פון אוזבעקישע פּאַרקויפערינס. דער קאַטיק[11] פון די גרויסע טעפּ, האָט זיך ווי אַ ווייסע בלאָטע צעלייגט אונטער די פיס. וויינטרויבן, אוגערקעס, פּאָמידאָרן, און כל המיני פּירות זענען פּאַגראָמירטע געלעגן אויפן ברוק. פּוסט איז געבליבן דער באַזאַר. אַלץ איז זיך צעלאָפן פאַר דער מורא פון די צעיושעטע אינוואַלידישע קוליעס.

דער איינציקער מיליציאַנט האָט זיך פּחדנותדיק פאַרשטעקט הינטער אַ פּאַרקאַן, מ׳זאָל אים נישט אַרויסזען.

קאָווילין האָט נאָך אַלץ קאָמאַנדעוועט. ער האָט זיך אויפגעזעצט

[11] זויערמילך.

שווער פֿרייכנדיק אויף אַ טיש, אויף וועלכן עס זענען געבליבן שיריים פֿון פֿרוכטן און אַרום אים — די אינוואַלידן מיט די קוליעס.

— מיר האָבן זיי אָנגעלערנט, האַ? — איז ער געווען צופֿרידן; — זיי זענען זיך ווי שטשורעס צעפֿלויגן אין די נאָרעס. דאַוואַי כלאָפּצי, ווי־פּיאָם! [12] לאָמיר אויסטרינקען פֿאַר אונדזער זיג.

זיי האָבן אַלע אַריינמאַרשירט אין קעגנאיבערדיקן רעסטאָראַן. דער אייגנטימער איז געשטאַנען אין ווינקל אין איין שרעק.

— דאַוואַי! — האָט קאַווילין, מעשה אָנפֿירער אַרויסגעהעשעט — דאַוואַי, פּאָ דוויעסטיע גראַם [13]. לאָמיר טרינקען פֿאַר דער פּאָבּיעדאַ! [14].

דער רעסטאָראַטאָר האָט זיי אָנגעגאָסן צו גלעזער זעקס און ניינצי־קער. די באַנדע אינוואַלידן האָט איבערגעקערט די פֿולע טיי־גלעזער אין דער קעל אַריין, זיך גוט אָנגעטרונקען, האַרמידערט, זיך געקושט אין די ליפּן. קאַווילין האָט אַראָפּגעשפּרייזט די דריי טרעפּלעך פֿון רעסטאָראַן. זיך אַ וואַקל געטאָן אין אַריק און געבליבן ליגן מיט פּאַריסענע אויגן צום העל־בלאָען אוזבעקישן הימל און געוואָרטשעט אַ מידער:

— עך, זשידי, יעווריעי; סוקיני־סיני, מערזאַווצי!...

* * *

דער באַזאַר האָט נאָכן אינוואַלידן־פּאָגראָם באַקומען זיין נאָרמאַלן אויסזען. צוריק האָבן ווידער אָנגעהויבן שטראָמען מענטשן צום טעגלעכן האַנדל־וואַנדל...

[12] קומט, לאָמיר אויסטרינקען.
[13] גיב צו 200 גראַם.
[14] לאָמיר טרינקען פֿאַרן נצחון.

# נאַטשאַלניק קים

דער גאַנצער קים איז אַלט געווען אַ יאָר אַכט און צוואַנציק. אַ גע־ריבענער און פּיפּיקער קאַרייעץ. עלעגאַנט אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן שוואַרצן לעדער־מאַנטל וואָס האָט אים געגרייכט ביז די קנאָפּל פון זיינע שייך־געפּוצטע שטיוועלעך, מיט אַן אוזבעקישער קיפּיטייקע אויף זיין גלאַט־ראַזירטן קאָפּ. מיט די אַרויסטאַרטשענדיקע קין־ביינער און בלאַסע באַקן האָט ער גיכער געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַן אַטאַמאַן פון אַ רויבער־באַנ־דע, איידער אַ נאַטשאַלניק פון גאַרפּראָמקאָמבינאַט.

ער האָט געהאַט אַ יונגע שיינע פרוי, אַ מאָסקווערין. זי איז געגאַנ־גען עלעגאַנט אָנגעטאָן, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. מען האָט גלייך דערשמעקט, אַז דער חברה־מאַן איז אַ גרויסער פאַרברויכער און זיין אַפּעטיט — אַ וועלפישער.

די העכערע באַאַמטע פון דער אופראַוולעניע[1] האָבן זיך מיט אים דערפרייט. ער איז ביי זיי נישט געווען קיין פּנים חדשות. ער איז שוין מיט עטלעכע יאָר צוריק — נישט געקוקט אויף זיין יונגן עלטער — גע־ווען דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג. נאָר פאַר אַ ליגנקער זדיעלקע[2], וואָס איז אויפגעדעקט געוואָרן דורך דער גאָסקאָנטראָלע[3], איז ער אַריינ־געפאַלן אין תפיסה. נישט לאַנג האָט מען אים באַפרייט, נאָך אַ רעוויזיע פון פּראָצעס. ער האָט געהאַט ברייטע פּלייצעס דאָרט ווו מען דאַרף און מען האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון תפיסה.

דער נאַטשאַלניק שטיינמאַן, פון אַרטעל ביים וואָקזאַל, האָט באַלד דערפילט, אַז מיט דעם חברה־מאַן דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק. נישט לאָזן זיך צופיל אַריינשלעפּן, וואָרעם אין זיין ווילדן גאַלאָפּ קאָן ער אַלעמען מיט זיך פאַרשלעפּן אָן שום רחמנות.

---

[1] פאַרוואַלטונג פון קאָמבינאַט.

[2] געשעפטל.

[3] מלוכה־קאָנטראָל.

שטיינמאַן האָט אין יענע טעג, ווען קים איז געוואָרן זיין נייער באַ־לעבאָס, באַקומען צוויי וואַגאָנען פּאַראַשוטן. די סחורה האָט מען גע־דאַרפט צעטרענען און אויפנייען פון זיי וועש און קליידער פאַרן אַבל־טאָרגאָדיעל[4]. די וואַגאָנען זענען געשטאַנען אויף דער באַן־סטאַנציע אויף אויסצולאָדענען. מען האָט געוואַרט אויף אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויפן אָרט מאַכן אַן אַקט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג.

קים האָט אָפּגעשטאַט דעם ערשטן באַזוך ביי שטיינמאַנען אין קאַנ־טאָר.

מיט אַ לייכט גענגעלע איז ער אויסגעשטיגן פון דער דראָזשקע און אַריינגעשפּאַצירט אינעווייניק.

— וויפל מענטשן אַרבעטן ביי דיר, — האָט ער גלייך אויף „דו", זיך געווענדט צו שטיינמאַנען.

שטיינמאַן האָט אים געענטפערט.

— און וויפל נאַדאָמניקעס[5] אַרבעטן ביי דיר?

— אַן ערך פערציק — האָט שטיינמאַן געענטפערט.

— ניע לזיאַ, בודיעם סודיט[6]. מע טאָר נישט באַשעפטיקן קיין אַר־בעטער אינדערהיים, אין אַרטעל דאַרפן זיי אַרבעטן.

— און וויאַזוי מאַכסטו רעמאָנט?

— איך דינג אַרבעטער און באַצאָל. איך קאָן דאָך נישט לאָזן דעם דאַך נישט געשמירט. אַלע יאָר אין האַרבסט מוז מען שמירן דעם ליימע־נעם דאַך מיט סאַמאַן[7] און ליים, און אויב נישט — רינט אַרייַן און די סחורה פוילט און מען קאָן מיך דערפאַר משפטן, האָט דער הויפט־בוכ־האַלטער קאַווילין מיר דערלויבט צו נעמען דאָס געלט פון די זאַקאַזן[8] און באַצאָלן די אַרבעטער.

---

4 וואָיעוואָדישע האַנדלס־אָפּטיילונג.

5 היים־אַרבעטער.

6 מען טאָר נישט, מיר וועלן משפטן.

7 צעריבענעם שטרוי.

8 פון די באַשטעלונגען.

— ניע לזיאַ, בודיעם סודיט, פּאַנימאַיעש? — האָט ער מעשה בייער באַלעבאָס געוואָלט אַ סטראַשע טאָן שטיינמאַנען.

שטיינמאַן האָט זיך פּאַר אים עפּעס נישט געשראָקן. דאָס זאָגט ער גלאַט אַזוי, כדי צו זאָגן עפּעס. קיין גרויס צוטרוי האָט ער צו זיך און צו זיין גאַנצער פּיזאַנאָמיע נישט אַרויסגערופן.

ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ ווילן יונג, אַ בלאַטן, פון דער אונטערוועלט.

שטיינמאַן האָט זיך נישט דערוועגט אים פּאָרצולייגן צו מאַכן אַ כוסה, ווי עס איז געווען דער מינהג, „אָפּצונעצן" אַ נייעם דירעקטאָר.

קים איז אַליין אַריין אין אַרטעל, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע ווינקע־לעך, אַ נישטער געטאָן מיט זיינע קליינע אייגעלעך, אַריין צום זייגער־מאַכער פון אַרטעל, באַטאַפּט אַלע זייגערלעך און איז צוריק אַריין צו שטיינמאַנען.

— קום, לאָמיר אַרויסגיין צו דער סטאַנציע אַ בליק געבן אויף די וואַגאָנען מיט די פּאַראַשוטן — האָט ער פּאָרגעלייגט.

זיי זענען ביידע אַרויס אויף דער באַן־סטאַנציע. די גרוזטשיקעס [9] האָבן זיך געפּאָרעט ביי די וואַגאָנען. די קאָמיסיע איז שוין געווען אויפן אָרט און יעדן פּאַראַשוט באַזונדער באַטראַכט, באַטאַפּט מיט זשעדנע גי־ריקע פינגער און פאַרשריבן.

איין זעקל האָבן זיי געפונען אָנגעשטאָפּט מיט שמאַטעס, דער זיי־דענער פּאַראַשוט איז נישט געווען. פון אייניקע פּאַראַשוטן זענען געווען אַרומגעשניטן די שטריק. פון אַנדערע האָבן געפעלט שטיקער, וואָס ער־געץ אויפן וועג, אָדער פאַרן אָנלאָדן אין די וואַגאָנען זענען זיי אָפּגע־שניטן און אַרומגעצופּט געוואָרן. די קאָמיסיע האָט געמאַכט אַקטן.

שטיינמאַן האָט אַרומשפּאַצירט מיט קימען הין און צוריק ביי די וואַגאָנען:

— סלושאַי, שטיינמאַן. איך דאַרף האָבן אַביסל מאַטעריאַל אויף

[9] טרעגער.

ליילעכער, אויף ציכן און העמדער און אַ ווייסן זיידענעם קאָסטיום פון פּאַראַשוטן־זייד — האָט קים אים אָפן און תכליתדיק געזאָגט.

— ניע לזיאַ, טאָוואַרישטש דירעקטאָר, בודיעם סודיט! — האָט שטיינמאַן קאַלט אַרויסגעזייט פון צווישן די ציין.

קים האָט זיך צו אים אויסגעדרייט, אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ מיט די קרומע קליינע אויגן זיינע און גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע.

— עך, דוראַק, טי דוראַק[10] — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט אויפן קול. — טי כיטרי יעווריי, גאָלאָווא ניע ראַבאָטאַיעט, טשטאָ לי? [11] — און ער האָט זיך קאָנוולסיוו געוואָרפן פון געלעכטער.

— דאַוואַי וויפּיאָם[12] — האָט ער איינשטילנדיק דאָס ספּאַזמאַטישע געלעכטער זיך אָפּגערופן צו שטיינמאַנען, ווען זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם וואָקזאַל־רעסטאָראַן.

זיי זענען ביידע אַריין אינעווייניק. ווי נאָר דער גריך, דער לייטער פון וואָקזאַל־בופעט האָט דערזען שטיינמאַנען אין דער באַגלייטונג פון קימען — האָט ער זיך פאַרוווּנדערט, זיך גענומען אַזש קראַצן אין דער פּאַטיליצע.

דער גריך האָט זיך צוגעשאַרט צו קימען און זיך מיט אים גוט־ברודעריש אַרומגענומען, זיך צעקושט. ווי עס ווייזט אויס זענען זיי געווען אַלטע גוטע באַקאַנטע. ער האָט שטיינמאַנען מיט קימען אַריינגעפירט אין זייטיקן צימער. באַלד איז דער טיש סערווירט געוואָרן מיט כל־טוב.

קים האָט זיך גענומען צו דער אכילה מיט אייפער און ברען. דער טיש איז ביסלעכווייז ליידיק געוואָרן. דער גריך האָט נישט געזשאַלעוועט. ער האָט גוט געקענט זיינע קליענטן.

— וועסט מיר באַזאָרגן אַ ווייסן קאָסטיום פון פּאַראַשוטן־זייד — האָט דער גריך זיך אָפּגערופן צו שטיינמאַנען — איך האָב געזען דאָרט איז פאַראַן גוטע זייד, אויף אַ קאָסטיום איז דאָס אויסגעצייכנט.

---

10 יאָלד.

11 דו ביסט אַ כיטרער ייד און דער קאָפּ ארבעט נישט.

12 לאָמיר אויסטרינקען.

## ב. טערקעל

— אַ ברירה וועל איך האָבן — האָט אים שטיינמאַן געענטפערט, — אַזוי לייכט וועל איך איצט נישט אָפּשניידן פון געשעפט. די זייד וועט אַלעמען אַרויסנעמען די אויגן.

ווען דער גריך איז אַרויס אַריינטראָגן פרישע פלעשער ביר, האָט זיך קים אָפּגערופן צו שטיינמאַנען:

— עס איז אַ טייער געשעפט. די פּאַראַשוטן וועלן אַריינטראָגן היפּש פרנסה, נאָר מיט קאָפּ, וועט אַלץ גוט זיין — האָט ער זיך פּאַסמאַקעוועט מיטן שוואַרצן קאַוויאָר.

שטיינמאַן האָט אים אָנגעקוקט. ער איז געזעסן, געפּרעסן און געזשלאָקעט, פּונקט ווי ער וואָלט יאָרן נאָכאַנאַנד נישט געגעסן.

— קאַווילין, דער גלאָובוך, האָט מיר דערציילט, אַז דו ביסט אַן אייגענער — האָט קים זיך אָפּגערופן — דו פאַרשטייסט אַן עסק. זיי האַלטן אַלע פון דיר אין דער אופּראַוולעניע.

שטיינמאַן האָט אים נישט געענטפערט. ער איז געזעסן אַ פאַרזונקענער אין מחשבות אין אַ האַלב־שיכורלעכן צושטאַנד. ווי ער האָט נישט געוואָלט טרינקען, האָט ער פאָרט געמוזט מיטהאַלטן מיט קימען.

שטיינמאַנען איז שווער געוואָרן אויפן האַרצן. איצט ווען די ישועה איז שוין נאָענט, מען האַלט שוין ביים אַרויספאָרן פון דאַנען, מוז ער קעגן זיין ווילן זיך אַריינבאָדן אין אַזאַ גרויס און שווער געשעפט. אויף זיין לעבן איז ער נישט געווען קיין שניידער און ער האָט נישט קיין אַנונג אין דער דאָזיקער מלאכה... און דאָ איצט אַזאַ גרויסע באַשטעלונג אויף צענדליקער טויזנטער מעטער מאַנופאַקטור... און ער וועט מוזן שטעלן זיין קאָפּ פאַר אַלעמען און דער עיקר אָנזעטיקן אַזאַ קים, ער וואָלט אַלץ איינגעשלונגען. ער דאַרף ריזיקירן מיט זיין קאָפּ, כדי אַלע זאָלן זויפן און פרעסן, זיך אָנטאָן און לאָזן וווילגיין. נאָר דאַוואַי און דאַוואַי און דאַן ווען עס מאַכט זיך עפּעס, איז נישטאָ ווער ס'זאָל פאַר דיר טראַכטן. אָט אַזוי ווי מיט קאַגראַמאַנאָוון, דעם פריערדיקן נאַטשאַלניק, פאַר וועלכן זיינע אייגענע גוטע ברידער טוען נישט קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער אים צו ראַטעווען.

קים האָט אַרויסגעריסן שטיינמאַנען פון זיינע שווערע געדאַנקען און צורוקנדיק אים אַ פול גלאָז בראָנפן, אַ גע'שריי געטאָן אַ באַזויפענער:

— טרינק און האַלט זיך! עפּעס ביסטו מיר נישט מיט אַלעמען. מע דאַרף נישט טראַכטן, מע דאַרף לעבן כל־זמן מע קאָן. שפּעטער וועסטו נישט קאָנען, דער גורל פון אַן אונד׳זעריקן איז אַ געחתמעטער: אָדער טויט, אָדער פוילן ערגעץ אין אַ לאַגער, אין בעסטן פאַל אין אַ תפיסה.

— איך בין שוין אַן אויסגעפּרווטער — האָט קים פאַרגעזעצט — מיט צוויי חדשים צוריק בין איך אַרויס פון תפיסה קוים מיטן לעבן. גו־טע ברידער האָבן מיך פאַר די אויערן אַרויסגעשלעפּט. עס איז דאָרט גע־ווען ביטער. דאָס לעבן איז אַזוי שיין. ביסט פריי, געניס פון אַלעם און נאָכדעם בראַטאַק קאָן ווערן שפּעט. געדענק וואָס איך זאָג דיר. דו ביסט נאָך ביי אונדז אַ גרינער. מען דאַרף שלעפּן פון לעבן וואָס נאָר עס לאָזט זיך, און ווייטער איז פּוסטיאַקי בראַט, פאַנימאַיעש?

שטיינמאַן האָט אים דורכדרינגלעך אָנגעקוקט און טיף אין האַרצן אים באַדויערט. אַזאַ יונגער חברה־מאַן און איז שוין דורך און דורך פאַר־דאָרבן, פאַר אים עקזיסטירט בלויז איין זאַך: לעבן אַ גוטן טאָג אויף דער פריי, ווייל סיי ווי פירט זיין וועג צוריק אין תפיסה.

שטיינמאַנען איז שווער געוואָרן אויפן האַרצן. ווי לאַנג וועל איך מיטטאַנצן דעם דאָזיקן טאַנץ? מען דאַרף זיך ראַטעווען, און וואָס פריער איז בעסער.

— קום, לאָמיר גיין — האָט זיך שטיינמאַן אָנגערופן — איך האָב היינט אַ סך אַרבעט.

קים האָט זיך אויפגעהויבן, שטאַרק וואַקלענדיק אויף די פיס. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו שטיינמאַנען:

— דאַוואַי נאַ ראַסכאָדי[13]. גיב עטלעכע טויזנטער. איך דאַרף ניי־טיק האָבן.

שטיינמאַן האָט שטענדיק געהאַלטן מיט זיך עטלעכע טויזנט רובל. ער האָט געוווּסט, ווי ס׳זאָל זיך נישט מאַכן קאָנען זיי קומען צונויץ. ער

---

[13] גיב אויף הוצאות.

## ב. טערקעל

האָט אַריינגעשטעקט די הענט אין די גאַליפע־הויזן, אַרויסגענומען אַ זשמעניע טשערוואָנצעס און אַריינגעשטופּט קימען אין קעשענע.

קים האָט קוים באַוויזן זיך צו דערשלעפּן צו דער דראָזשקע. דעם אָנטרייבער האָט ער צוגעוואָרפן שיריים פון זאַטן טיש, אַ פּאָר פּיראָזשקעס און אַ האַלב פלעשל וואָדקאַ, און באַפוילן:

— נאָווי גאָראָד[14]!

דער אָנטרייבער האָט אָנגעקוקט מיט דאַנקבאַרע אויגן זיין פּאַסאַזשיר און אַ פריילעכער אַ צמאָקע געטאָן מיט די ליפּן צו די פערד...

[14] ניי־שטאָט.

# אַ בוכאַרער ייִד

איבראַהים מאַכמודאָוו, זעט אויס ווי אַלע אוזבעקן, אַזוי און נישט אַנדערש. ער טראָגט אַ פאַרשידן־קאָליריקע קיפּיטייקע אויפן קאָפּ מיט אַ לאַנג געבלומטן קאַפטאַן ביז צו די פּיאַטעס, צעכראַסטעט די פּאָלעס און אַרומגענומען די דריי־פּערטלדיקע הויזן מיט אַ שטריק. און זיין פאַר־ברוינט שוואַרץ־קויטיק האַרץ פאַרוואַקסן מיט גרויע האָר. ער זיצט אין דער טשאַיכאַנאַ[1] מיט אַלע אוזבעקן צוגלייך, טרינקט טשאַי און רויכערט נאַסאַוואַי. ער נעמט אַרויס דעם גרינעם נאַז־טאַבאַק, נעמט אָן מיט די שפּיצן פינגער אַ זשמעניעלע און לייגט עס אַרונטער אונטער דער צונג, האַלט עס אַזוי לאַנג ביז ער שפּייט אַרויס אַ פולן מויל מיט גרינע ליי־כעץ, פּאַסמאַקעוועט זיך און טרינקט ווייטער דעם טשאַי[2].

אָבער איבראַהים מאַכמודאָוו ווייסט, אַז ער איז אַ יהודי, אַז ער טרעפט אַ מאחינודיקן און אַזאַ מין פאַרשוין דערשמעקט ער גלייך מיט זיין אָדלער־נאָז, זאָגט ער אים אָנשטאָט ווי די אוזבעקן זאָגן סאַלאַם אַלייקום, אָט אַזוי פּשוט יידישלעך און היימיש שלום, שלום עליכם, און דווקא אין העברעאיש: אתה יהודי? אני גם כן יהודי, רעדט ער אויס מיט טיפן שטאָלץ.

די רוסן האָט ער נישט ליב, אָט אַזוי ווי אַלע אוזבעקן באַצייכנט ער אַ רוס מיטן נאָמען טשוטשקאַ[3]. ער קאָן נישט פאַרליידן וואָס זיי, די רוסן, האָדעווען און עסן חזירים. די אוזבעקן האָט ער פיינט תכלית שנאה, ווייל זיי עסן פערדן־פלייש, אייזל־פלייש און טשערעפּאַכעס. ער, מאַכמודאָוו, עסט נאָר שעפּסנפלייש און נאָר געשחטן, ער מיאוסט זיך פון טרפות.

---

[1] אוזבעקיש טיי־הויז.

[2] טיי.

[3] חזיר.

## ב. טערקעל

ווינען, ווײנט ער אין דער אַלטער שטאָט, אויף מאַכאַטשקאַלאַ, אין די אומהיימלעך צעבלאָטיקטע און פּאַרקויטיקטע געסלעך נישט ווײַט פֿון רעגיסטאַן. זומער הענגט דאָרט אַ געדיכטע שטיקעניש און פֿאַרעיפּושטע לופֿט. מיליאָנען מיליאַסן פֿליגן ראָיען זיך אין די אָנגעוואָרפֿענע מיסטקופּעס און זשומען — טויב צו ווערן. אין ווינטער ווען דער הימל פֿאַרוואָלקנט זיך, אָדער עס פֿאַלט אָן איבערנאַכט אַ שניי און באַלד בײַ די ערשטע זונשטראַלן צעגייט ער זיך אין אַ בלאָטע, קאָנט איר אַ פֿוס נישט אַרײַנשטעלן אין יענעם העק פֿון דער סאַמאַרקאַנדער אַלטשטאָט.

דערפֿאַר איז בײַ מאַכמודאָוון אין דער קיביטקע ריין, מלכותדיק. דער ליימענער דיל איז פֿאַרשפּרייט מיט אַ שטרוי־ראָגאָזשע. ס'שטייען נידעריקע טישלעך און אויף די קופּערטן באַשלאָגענע מיט מעשענע רייפֿן שלאָפֿט די גאַנצע משפּחה. ווינטער הייצט ער אָן דעם סאַנדאַל, אַזאַ מין גרוב אין דער ערד אינמיטן צימער, ווו עס ווערט אַרײַנגעלייגט איבערגעברענטע קוילן און איבער דעם ווערט אַוועקגעשטעלט אַ צונויפֿגעקלאַפּט טישל ווי אַ שוסטער־וואַרשטאַט, וואָס ווערט איבערגעדעקט מיט אַ קאָלדרע און די גאַנצע בני־בית לייגן אונטער די פֿיס אונטערן טישעלע, טוליען זיך איין אין די קאָלדרעס און מען זיצט אין דער פֿינצטער, מע דערציילט זיך מעשׂיות ביז מען דרעמלט איין חלומענדיק פֿון אַלטע גוטע צײַטן, וואָס זענען געווען און מער נישטאָ.

די ריינקייט פֿון דער קיביטקע מאַכט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט געשטאַנען אין דער סאַמע אַריסטאָקראַטישער געגנט פֿון דער נאָווי־גאָראַד[4], ווו עס ווינען אַלע חשובֿע שישקעס פֿון דער מלוכה און פּאַרטייפירונג. איבראַהים מאַכמודאָוו, איז נישט אַבי סתם־ווער. ער איז אויך אַ נאַטשאַלניק אין גאָרפּראָמקאָמבינאַט און האָט פּרנסה בריווח. אָבער די העכערע נאַטשאַלסטוואָ זײַנע האָט ער פֿיינט. אַזוי זענען זיי ווילע חברה־לייט, זיי האָבן ליב אַ גוטן טרונק בראָנפֿן, זיי האָבן נישט פֿיינט דער עיקר וואָס אַלע בעלי־עבֿירהניקעס האָבן ליב. נאָר ער מאַכמודאָוו, לאָזט זיי נישט אַריבער דער שוועל פֿון זײַן קיביטקע, ער גייט מיט זיי ליבער

4 ניישטאָט.

אין דער פּיוונושקע. זיין ווייב גייט שטענדיק איינגעהילט אין אַ פֿאַראַנ־טשאַ, — אַזאַ מין וואָל וואָס אַלע אויסבעקינס טראָגן, בכדי אַ פרעמדער מאַנספּאַרשוין זאָל נישט זען זייער שיינקייט — און זעלטן ווען מאַכמוי־דאָוו לאָזט זי אַרויס פון קיביטקע. בעסער, זאָגט ער, אַז מען לאָזט די ווייבער נישט אַרויס פון שטוב, עס איז זיכער פאַר זיי און פאַר אים. אָבער אין דער גאַס קוקט דער דאָזיקער מאַכמודאָוו נאָך די פרעמדע רו־סישע אָדער יידישע פרויען וואָס גייען מיט אָפּגעדעקטע פּנימער און טראָגן אַרויס זייער שיינקייט, פאַר די אויגן פון דער וועלט און פאַר די חוצפּהדיקע זשעדנע בליקן פון די מענער.

אָבער, טאָמער ווילט איר אַ שטיקל כשר באַראַן־פלייש פון דער איי־גענער שחיטה, אָדער מצות אויף פּסח אין געהיים, אַז אַ נישט־גוט אויג זאָל עס נישט באַמערקן, באַקומט איר עס דווקא ביי אים. אין עצם האָט ער נישט מורא פאַר נאַטשאַלסטוואָ, ער האָט זיי שוין אָפּגעבלאָטירט און אי־בער אים האָבן זיי נישט קיין שליטה. אָבער דאָך איז בעסער, אַז מען איז אָפּגעהיט און אויסגעהיט שטענדיק. עס קאָן זיך אַלץ מאַכן. דער עיקר איז פאַרזיכטיקייט. האָט מאַכמודאָוו אַזאַ מין אויסגעאַרבעטן שמעקער, אַז דעם שונא און נישט־פאַרגינער דערשמעקט ער מיילן־ווייט, שוין צו־געוווינט. אַזוי פיל יאָרן, ווי ער היט זיך און זיך דאָך אויסגעהיט. אַלע זיינע שכנים זענען שוין געזעסענע און ער אַדאַנק, אַללאַ, זיצט נאָך אין זיין קיביטקע און וואַרעמט זיך אונטערן סאַגדאַל...

* * *

אָבער סוף „ערלעכער" מענטש צו תליה. פרום איז ער געווען, גע־דאַוונט יעדן טאָג, אָפּגעהיט זיך און ס'ווייב פון בייזע אויגן. וואָס־זשע האָט ער דען געטאָן? ער האָט געקוילעט אַ באַראַן און אָט איז אַ רעוויזיע, איז ער אַריינגעפאַלן. דער מיליציאָנער וואָס האָט אים געכאַפּט ביי דער האַנט, איז געווען אַ בייזער קערל, נישט געלונגען אים אָפּצושמירן מיט שהי־פּהי און מאַכמודאָוו האָט איבערגעוואַנדערט אין פּאָליציי־צירקל. טענה אַהער און טענה אַהין. דאָס ווייבל מיט דער פאַראַנטשאַ וועגדט אָן

אַלע תחבולות, זוכט פּראָטעקציעס ביי אַלטע גוטע פריינד און אַ נעכטי־קער טאָג.

גניבה איז נישט קיין גרויס פאַרברעכן. מען כאַפּט אַ צוויי־דריי יאָר און שוין. פאַר פראַוועז רעליגיעזע זאַבאַבאָנעס, און פאַרקויפן כשר פלייש „קריגט" מען עפּעס מער. מיט קיין פּאָליטיק האָט ער זיך נישט פאַרנומען. ער האָט זיך בלויז פאַרנומען מיט אַ באַראַן, איז דראָט אים נישט די סטאַטיאַ 58 פאַר קאָנטררעוואָלוציע, אָבער דריי יאָרלעך קאָן מען דאָך באַקומען.

אַלע פריינד זיינע, די וואָס האָבן מיט אים געזשלאָקעט און געהו־ליעט אויף אייגענעם חשבון און מער אויף מלוכהשן חשבון, זענען אויס־גערונען.

זיין ווייבל מיטן פאַרדעקטן פּנים טאַסקעט יעדן טאָג אין טורמע פערעדאַטשעס בכדי צו קרעפּטיקן איר מאַן, ער זאָל קאָנען אויסהאַלטן די צרות אין דער אַלט־שטאַטישער טורמע.

מאַכמודאָוו איז נישט אַזוי באַזאָרגט פון זיין זיצן אין טורמע, ווי ער האָט אימת־מוות מורא פאַר זיין בוכאַריש ווייבל, טאָמער וועט זי אויסטאָן די פאַראַנטשאַ און אויסשטעלן איר פּנים פאַר חוצפּהדיקע בליקן... שלאָפט ער נישט רואיק די נעכט און ער זעט אַלערליי מינים שרעקלעכע חלומות און פעט־אָנגעזויפטע וואַנצן, וואָס פאַרפלייצן די צעלע גיבן אים נישט קיין רו. ער קראַצט זיך פון וואַנצן־געביס און קראַצט זיך אין אַנגסט אויף זיין גורל און דער עיקר אויפן גורל פון זיין ווייב.

* * *

פאַר אַזאַ מין קליינעם פאַרברעכן זיצט מען נישט לאַנג. זיין פרוי האָט געפּועלט ביי פריינד און באַקאַנטע און מען האָט איר מאַן פאַר די אויערן אַרויסגעשלעפּט פון דער תפיסה. און פונקט ערב פסח צום ערשטן סדר נאָך פאַר זון־פאַרגאַנג איז מאַכמודאָוו געקומען אַהיים. ער האָט איינ־געלאַדן אייניקע פריינד זיינע, אָבער די פאַרטרוילעכע און ערלעכע. ביי פאַרדעקטע פענצטער און גוט צוגעשלאָסענע טיר און טויער, איז די גאַנ־

צו חברה געזעסן און געטרונקען ארבע כוסות און געגעסן אייגן־געבאַקטע מצות.

אויף נידעריק־אויסגעשטעלטע טישלעך מיט די פיס הינטער זיך, זע־נען די מענער געזעסן באַזונדער און די פרויען באַזונדער און זיך משמח געווען מיט דער באַפרייאונג פון גאַסט־געבער, וואָס איז באַפרייט גע־וואָרן פון טורמע און מען האָט זיך געווונטשן צו דערלעבן די אייגענע באַפרייאונג, נאָר אין אַנדערע, אין בעסערע באַדינגונגען.

גרויסע טראָפּנס טרערן האָבן געריזלט אויפן אויסגעדאַרטן פּנים פון מאַכמודאָוון. עפּעס האָט ער יאָ געגלויבט און נישט געגלויבט, אַז ער זיצט אין דער היים ביי זיך, אין זיין קיביטקע און געניסט פון יום־טוב־דיקע מאכלים.

מאָדנע פרעמד, מיט אוזבעקישן דיאַלעקט האָט אָפּגעקלונגען דער עבדים היינו. עפּעס אַ מאָדנער אַלט־ווייטער און גלייכצייטיק אָפּגעפרעמ־דטער קלאַנג האָט זיך אַרויסגעפילט אין אים. עס האָט געפעלט טראַ־דיציע, דאָס לויטערע געזאַנג, דער יידישער צעוויטיקטער קרעכץ מיטן גלויבן און בטחון.

זיי גלויבן נישט, די מאַכמודאָווס און זייערס גלייכן, אַז זיי וועלן אַמאָל אויסגעלייזט ווערן ווי פרייע מענטשן אויף פרייער ערד.

קלינגט ער אַזוי קאַלעמוטנע און גרילצנדיק דער הגדה־ניגון, אַזוי פרעמד אין דער אַלט־שטאָטישער קיביטקע אין דעם אוזבעקישן סאַמאַר־קאַנד, אין ווייטן מיטל־אַזיע אויף פרעמדער, שטענדיק אין פחדימדיקער ערד, אויף וועלכער דער הגדה־ניגון קאָן נישט מער שלאָגן קיין וואָרצלען אין דעם האַרטן ליימיקן באָדן...

# „קאָלכאָז אימעניאַ פּושקינאַ"[1]

— פּושקין־קאָלכאָז

אַזוי הייסט ער, דער קאָלכאָז, נאָכן גרויסן רוסישן פּאָעט.

דער קאָלכאָז, וואָס צעשניידט אין גרויסע חלקים דעם מיטוועג, וואָס פירט צו דער נאָענט־ליגנדיקער שטאָט סאַמאַרקאַנד איז באַוווינט פון אמתע קאָלכאָזניקעס, נישט קיין פּאָעטן. פאַרוואָס עפּעס האָבן זיי אויס־געוויילט דעם נאָמען פּושקין, אים צוגעטשעפּעט צו זייער קאָלכאָז, איז עס אפשר נאָר בלויז דערפאַר, ווייל פּושקין פלעגט אַמאָל אין יענע יאָרן דערציילן אַ שיינעם וויץ און די קאָלכאָזניקעס האָבן זיך אויך געוויצלט אויף זייער שטייגער, כאָטש עס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ „צענערל".

אין פּושקין־קאָלכאָז האָבן געוווינט אוזבעקן און בלויז איין ייד, יאַנקל גראָס, אַ פאַרוואָגלטער פון ערגעצווו פון אייראָפּע. פאַרן קומען אַהער פון מרחקים, האָט ער אַ סך געלייענט און פּושקינען האָט ער שוין במילא געקענט.

פּושקין, יאָק פּושקין, אָבער ווי קומט יאַנקל גראָס צום פּושקין־קאָל־כאָז, איז שוין אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

נאָכן אַרומשלעפּן זיך אַ פּאָר וואָכן ווי אַ וואַגאַבונד איבער דער שיי־נער זוניקער שטאָט סאַמאַרקאַנד אין אוזבעקיסטאַן, שלאָפנדיק הינטערן פלויט פון וואָקזאַל מיט אַ האַרטן קולאַק צוקאָפּנס אויפן האַרטן ליימיקן באָדן און נישט האָבנדיק קיין אויסוועג, ווי נישט איז מענטשלעך זיך איינצוואָרדענען, איז יאַנקל גראָס אַוועק אַ רעזיגנירטער אין ראַיאיספּאָל־קאָם[2] און געמאָלדן:

— אַהער אָדער אַהין: אָדער אַרבעט אויף אַ זאַוואָד, אָדער אין קאָל־כאָז.

---

[1] קאָלכאָז א"נ פון אַלעקסאַנדער פּושקין.

[2] ראַיאָן־פאַרוואַלטונג.

## ב. טערקעל

אַ שײנע יונגע אוזבעקין מיט פעך־שוואַרצע האָר האָט אים אַנגע־קוקט פאַרװוּנדערט, אים אָפּגעמאָסטן פון אױבן ביז אַראָפּ און באַטראַכט זײן נאָך גוטן לײטישן אנצוג פון דער הײם און נישט פאַרשטײענדיק װאָרשײנלעך זײן פראַגע, תמימותדיק געפרעגט אין אַ צעקאַליעטשעטן רוסיש:

— האַ, טשטאָ נאַדאָ?[3]

— איך װיל אײן אַ קאָלכאָז — האָט ער איבערגעחזרט, און כדי נושא־חן צו זײן אין אירע שײנע טיף־שוואַרצע אױגן, אין װעלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער טרױער פון איר װעלט, האָט יאַנקל גראָס אַרױסגעשלעפּט אַ פּעקל פאָטאָגראַפיעס, װאָס זענען נאָך געלעגן טיף פאַר־שטעקט אין אַ בוזים־קעשענע און עס אָװעקגעלײגט אױפן טיש...

די יונגע אוזבעקין, די באַאַמטע פון ראַיאיספּאָלקאָם, האָט אײנגע־שפּיזט אירע אױגן אין די פאָטאָס און זשעדנע געקוקט אױף די פרױען־קלײדער, אױף די נעט־אָנגעטוענע מענער און צופרידן געשמײכלט:

— אי, קאַק כאַראָשאָ (כאַראָשאָ)![4] זענען דאָס אױף אַן אמת מענטשן און נישט קײן געצײכנטע פּופּעס? — האָט זי געדרײט די פאָ־טאָס פון אַלע זײטן און געקוקט װי אױף בײז־װוּנדער.

אױסנוצנדיק די געלעגנהײט װאָס זי איז אַזױ פרײנטלעך צו אים, האָט ער זי געבעטן, זי זאָל אים שיקן אין אַ גוטן קאָלכאָז. זי האָט גענו־מען אַ לאַנגע ליסטע פון קאָלכאָזן, װאָס געהערן צו איר ראַיאָן, געזוכט און גענישטערט עפּעס אַ לײטישן קאָלכאָז, נישט װײט פון דער שטאָט. ס'האָט אים אַ בלאַנק געטאָן אין די אױגן דער נאָמען פון פּושקין־קאָלכאָז.

באַקומען די נאַפּראַװלעניע[5] און אָװעק אַהין...

* * *

מילאָ, װאָס איז פּושקין שולדיק דערין, װאָס אַזאַ שמוציקער פאַר־װאָרפענער קאָלכאָז טראָגט זײן נאָמען? װען ער אַלײן דאַרף שאַפן אַזעל־

[3] װאָס װילסטו.

[4] װי גוט!

[5] אָנװײזונג.

כע קאָלכאָזן װאָלט אים זיכער פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט צו שרייבן אַזעל־כע שיינע װערק װאָס ער האָט געשריבן, נאָר װי די מעשה זאָל נישט זיין, מיט אַ נאַפּראַװלעניע פון ראַיאיספּאָלקאָם נעמט מען גלייך אַריין אין קאָלכאָז...

דער בריגאַדיר, דער אוזבעק אַטשיל לאַכמאַראַדאָװ, װייסט אַפילו גישט װער ס׳איז פּושקין און עס אינטערעסירט אים נישט אויך.

— זדיעס קאָלכאָז פּושקין [6]? — האָט יאַנקל גראָס אים אַ פרעג גע־טאָן און געגעבן זיין נאַפּראַװלעניע.

דער אוזבעק האָט אַ גלעט געטאָן זיין ציגן־בערדל און אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר װאָסערדיק־תמימותדיקע קליינע אייגעלעך, אַריינגע־זעצטע טיף אין זיין פלאַטשיקן שטערן און אים אַ פרעג געטאָן:

— טשטאָ גאַדאָ, האַ, אַקאָ [7]?

— װאָס איך דאַרף? זאָל איך אַזוי װיסן פון בייז... צו װאָס האָב איך עס באַדאַרפט. — האָט ער שוין געװאָלט ענטפערן, אָט אַזוי װי ס׳איז אים געװוען אויפן האַרצן, אָנקוקנדיק בלויז דעם „ליטעראַרישן לייטער“ פון פּושקין־קאָלכאָז, נאָר אַז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז קיין אַנדערע ברירה איז שוין נישט געװוען, און געהאַלטן דאָס זיין אין קאָלכאָז פאַרן לעצטן רעטונג־ברעט, איז ער װייכער געװאָרן און באַשלאָסן צו פאַרבינדן זיין גורל מיט פּושקינען, באַדאַי אַפילו אין פּושקין־קאָלכאָז. זאָל דער קאָלכאָז טראָגן פּושקינס נאָמען און ער װעט שוין אויסטראָגן אַלע צרות אין זיין אייגענעם נאָמען...

אַטשיל לאַכמאַראַדאָװ האָט יאַנקלען צוגעטיילט אַ קיביטקע, נאָענט צום שטאַל, װו ער האָט געהאַלטן זיין קו און אייזל. מילא, די קו יאָק די קו, זי איז זיך בנעימותדיק געשטאַנען און געצופּט דעם פאַרשרפּהטן גראָז און תמימותדיק געשװיגן. װאָס גייט איר אָן דאָס גאַנצע עסק אַרום. אַ קו, זאָגט מען האָט אַ לאַנגע צונג, האָט זי אָבער אַ מעלה, װאָס דאָ איז עס מיט גאָלד צוגלייך — זי קאָן נישט רעדן, איז איר טאָקע װויל...

[6] דאָ איז דער פּושקין־קאָלכאָז?

[7] װאָס דאַרפסטו, ברודער?

אָבער דער אייזל? האָט ער ווי אויף צו להכעיס געשפּילט אויף יאַנקלס שוואַכע נערוון, פאַריסן זיין נאַרישן קאָפּ אַרויף צו דער אויסגעבלייכטער לבנה, וואָס האָט זיך אַראָפּגערוקט פון הינטער די הויכע, שניי־באַדעקטע בערג און זיך משונהדיק ווילד צעגרילצט און צערעוועט, ווי גאַנצע פאָלקן זעלנער וואָלט געזעגט פאַרזשאַווערט אייזן, און גיי טו אים עפּעס.

אויף וועמען איז ער אין כעס דער דאָזיקער אייזל? אויף זיך אַליין, צי סתם אזוי אויף דער שלעכטער נאַרישוואַטער וועלט? ווייז אַ קונץ און דערטראַכט זיך צום אייזלס מחשבה, אויף דעם וואָלט שוין פּושקין אויך נישט געווען קיין בעלן...

* * *

אין פּושקין־קאַלכאָז וואַקסט בלויז כלאָפּאָק [8]. ער ציט זיך אויס מיט ווייסע צוויטן אויף הויכע שטענגלעך און ווען מען דאַרף אים שוין אַרומצופּן, ווערט דיר נודנע און קאַלעמוטנע אויף דער נשמה. עס ווילט זיך דיר עסן. נו, גיי עס וואַטע, קלויבסטו די וואַטע און טראַכסט:

געווען אַ קלוגער בחורעץ, אָט דער פּושקין, מיט אַ מוזיקאַלישער נשמה. ער האָט אַזוי שיין געטראַכט און געחלומט וועגן גוטס פאַר דער מענטשהייט און צוגעטראַכט אַזאַ מין... קאַלכאָז.

אָבער אויף איין זאַך האָט ער זיך נישט געריכט, יאַנקל: אַז אין אָט אַזאַ אָפּגעלאָזענעם קאַלכאָז זאָלן וווינען אַזעלכע שיינע אוזבעטשקעס, מיט אַזוינע ווונדערלעך פאַרפלאָכטענע שוואַרצע צעפּ, וואָס וועלן אין שיינע באַגינענס שטיין מיט אים אין פעלד און צופּן דעם כלאָפּאָק... דאָס איז פאַר אים געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג. כאָטש איין זאַך אַ שיינע. איז מילא, איז ער שוין מוחל פּושקינען און דערמאָנט שוין זיין נאָמען צום גוטן...

* * *

אין אָוונט זיצט יאַנקל מיטן אַלטיטשקן צאַדיקאָוו, אַ שיינער שלאַנקער אוזבעק מיט אַ הדרת־פּנים פון אַ חסידישן רבין, להבדיל, צופוסנס

8 בוימוואָל.

די בערג אַרומגערינגלט מיט זיינע שעפּסן, פּונקט ווי מיט תּלמידים, צאָן קדשים. די פּערסיקעס שמעקן וווּנדערלעך, רייסן ממש די נאָזלעכער און דער מאָגן שפּילט־צו אַ מאַרש. ער קוקט אויף די נאַרישעוואַטע באַראַנעס און איז זיי מקנא. וואָס האָבן זיי? פאַרשרפּהט גראָז, אַ געל צעטריקנט בלעטל און דאָך עסן זיי און זענען צופרידן...

און ער, דער אַלטיטשקער בויט־ברודער, זיצט פאַרלייגט די פיס הינטער זיך, נעמט אַרויס פון לאַנגן וואַטענעם כאַלאַט אַ קעסטעלע נאַסאַוואַי [9], נעמט עס אָן מיט די צווי פינגער און וואַרפט עס קונציק אַריין אין מויל, שפּייט אויס מיט אַ גרין שפּייעכץ און רופט זיך אָן, אָנווייזנדיק מיטן לאַנגן שפּיציקן פינגער צו די אַרומיקע בערג, וואָס קייטלען זיך ביז צו די וואָלקנס אַרומנעמענדיק ווי מיט אַ צוים דעם גאַנצן קאָלכאָז:

— סמאָטרי, טאָוואַרישטש [10]! דו זעסט די הויכע בערג, דאָרט האָבן אַמאָל געוווינט מיינע ברידער, די אוזבעקן. זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט גיין אין די קאָלכאָזן אַריין. וואָס די „טשוטשקעס" [11] האָבן זיי געוואָלט אָנוואַרפן. זיי האָבן העלדיש געקעמפט די באַסמאַטשעס [12], מיט געווער אין דער האַנט. ביז דער מאַרשאַל בודיאָני איז געקומען און זיי באַזיגט... אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער ווען רוסן זענען אַריינגעדרונגען אין די בערג, זענען זיי אַריין אין אַ קיביטקע פון אַן אונדזעריקן, וואָס האָט זיך שוין אונטערגעגעבן און באַמערקט צו זייער דערשטוינונג אויף דער וואַנט הענגען צוויי בילדער: איינס פון צאַר באַטיושקאַ און איינס פון סטאַלינען...

האָט ער זיך פאַרוווּנדערט דער רוסישער אָפיציר און געפרעגט:

— ווער פון זיי ביידן געפעלט דיר בעסער?

האָט דער אוזבעק געענטפערט, אָנווייזנדיק מיטן האַנט אויפן בילד פון צאַר:

---

9 גרינער טאַבאַק.

10 קוק, חבר.

11 „חזירים", אַזוי רופן די אוזבעקן אָן די רוסן.

12 **אויפשטענדלער.**

## ב. טערקעל

— עטאַ באַלשאַי דוראַק[13]. איך האָב געהאַט אַזױפּיל באַראַנעס און קעמלען, האָט ער אַפּילו קײן חשבון נישט געפירט. ער האָט אַפּילו פון גאַרנישט נישט געװוסט און װי נאַר ע ר איז געקומען, — האָט ער אָנגעװיזן אױפן פּאָרטרעט פון סטאַלינען — א־אַ! בראַט, אָן אומני[14]: ער האָט באַלד איבערגעצײלט מײנע באַראַנעס און קעמלען און זײ אַרײַנגעטריבן אין קאָלכאָז...

דער אַלטער צאַדיקאָװ האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט אין דער דופּטיקײט פון דער נאַכט. עס איז געװאָרן אומהײמלעך.

— נישט גוט — האָט ער שטיל געװאָרטשעט — ניעט, ניע כאַראַשנאַ[15]...

דער אײזל האָט זיך אױפגעריסן פון שלאָף און זיך צערעװעט מיט אַזאַ אימהדיקײט, װי עס װאָלטן זיך צעבראַזגעט טױזנטער פלעשער...

— ניעט, ניע כאַראַשנאַ, טאָװאַרישטשי[16] — האָט דער אַלטיטשקער געמורמלט...

* * *

יאַנקל גראַס האָט אָנגעשפּיזט זײנע בליקן צום טיפן אױסגעשטערנטן הימל. זיך אײנגעגעסן מיט די אױגן אין אַ גרױסן לײכטנדיקן שטערן און זיך איבערגעטראַגן װײט מיט די געדאַנקען אַהײם...

פּושקין! טײערער פּושקין, װער װאָלט געגלײבט, אַז יאַנקל גראַס װעט פאַרבינדן זײן גורל מיט דיר אַזש אין אַזאַ װײטקײט, אינעם גרױסן אָרעמען קאַבצענעװאַטן כלאָפּקאָװן קאָלכאָז, װאָס טראָגט דײן נאָמען, צװישן די צװײ גרױסע סטאַלין און קאַגאַנאָװיטש־קאָלכאָזן אין װײטן אוזבעקיסטאַן...

---

13 דער איז אַ גרױסער נאַר.

14 ער איז אַ קלוגער.

15 נײן, נישט גוט.

16 נײן, נישט גוט, חברים.

# אַבדול ראַכמאַנאָוו

דער ראַיס [1] פון קאָלכאָז, אַבדול ראַכמאַנאָוו, אַ הויכער פעסט־געַ־בויטער אוזבעק, מיט גלאַט־אויסראַזירטע פולכנע אויסגעפרעסענע באַקן, איז צוגעפאָרן אויף זיין צוויי־רעדערדיקן געשפאַן, אויסגעשטיגן און אויפגעלייגטער און זעלבסטצופרידן מיט אַן אונטערטענצלדיקן טריטעלע אַריין אינעם סקלאַד. זיך אַרומגעקוקט מיט זיינע שפּיציקע כיטרע אייגעלעך אויף די אַרומשטייענדיקע קאָלכאָזניקעס, איינגעהילטע אין צעריסן־פאַרשמאָדערטע פאַרשידן־קאָלירקיע כאַלאַטן; אויף די אוזבעטשקעס מיט די פּאַראַנטשאַ [2] פאַרדעקטע פּנימער. ברייט, מעשה תקיף, זיך צוגעזעצט אויפן טיש, אויסגעריבן זיך די אויגן און אַ פרעג געטאָן גלאַט אַזוי דעם סקלאַדאָווטשיק [3]:

— טשטאָ סלישנאָ, טאָוואַרישטש קאַגראַמאַנאָוו?

קאַגראַמאַנאָוו, אַן אָנגעפרעסענער טאַטאַר, האָט זיך געפּאָרעט אַרום אַ פול־אָנגעלייגטער ערד־שיסל מיט פריש־שמעקעוודיקער פּוטער, אָקערשט געבראַכטע פון דער מילך־פאַרם. ער האָט גיריק באַטראַכט די שיסל פון אַלע זייטן און אַזוי כּלאחר־יד אַרויסגעצישעט דורך זיינע שיטער־צעוואַקסענע ציין:

— ניטשעוואָ, ראַיס, אַלץ אין בעסטן אָרדענונג.

דער צופרידענער ראַיס האָט זיך נישט געקימערט, וואָס אַרום אים שטייען הונגעריקע, נישט־אויסגעשלאָפענע קאָלכאָזניקעס. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער שיסל און מיט אַלע פינגער זיך איינגעגראָבן אין דער פּוטער, אַריינגעוואָרפן אַ פולע זשמעניע און ווי אַ קאָטער זיך באַלעקט מיט דער פולער פעטער צונג.

---

[1] פאָרזיצער.

[2] טיולן מיט וואָס די אוזבעקיגס פאַרדעקן זייערע פּנימער.

[3] לייטער פון סקלאַד.

## ב. טערקעל

די אוזבעקן אַרום האָבן זשעדנע געשלונגען מיט די אויגן, אויסגע־מאָסטן מיט זייערע בליקן דעם ראַיס פון אויבן ביז אַראָפּ און געמורמלט צווישן זיך אין דער שטיל:

— אָט אַ זולל וסובאניק...

אַן אָפּגעריסענער יונגער אוזבעק, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דער סצענע, איז געוואָרן דרייסטער און צוגעגאַנגען צו דער קופּע זשמיך[4], וואָס איז געלעגן אָנגעהויפט אין אַ ווינקל פון סקלאַד, גענומען אַ גרויס שטיק מיט שימל־באַדעקטן גרינעם האַרטן זשמיך און אָנגעהויבן זשעד־נע צו גריזשען.

דער ראַיס האָט אים אָנגעקוקט מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן. מיט זיין פאַרפעצטער האַנט פון דער אָנגעזויפּענער פוטער, האָט ער אויס־געשמירט די כאַלעוועס פון זיינע עלעגאַנטע גאַרמאַשקע־שטיוועלעך און אַ באַנומענער אָנגעהויבן שרייען:

— גיך! לייג אַוועק! אַליין גאָר נעמען מלוכהש אייגנטום, בודיעם סודיט!

דער יונגער הונגעריקער אוזבעק, האָט גיך, גיך אָפּגעצופּט מיט זיי־נע געזונטע ציינער שטיקער פון האַרטן זשמיך און עקשנותדיק געשוויגן...

פון גרויס צאָרן איז דער ראַיס צוגעלאָפן צום בחור, מיט כוח אַ ריס געטאָן דעם זשמיך און מיטן פוס עס אַ שליידער געטאָן אינעם ווינקל פון סקלאַד. אָנגעכאַפּט דעם אוזבעק פאַרן קאָלנער און אים אַראָפּגעשליידערט פון אַלע טרעפּלעך אין דער געדיכטער ליימיקער בלאָטע אַריין...

* * *

ס'האָט זיך אָנגערוקט דער פרילינג אין קאָלכאָז. ס'האָבן זיך פאַר־מירט בריגאַדעס צו דער אַרבעט; אַ טייל איז אַוועק רייניקן דעם גרויסן אַריק[5], אַ צווייטע בריגאַדע איז אַוועק אויסגלייכן די גרודעס ערד, כדי צו פלאַנצן דעם כלאָפּאָק, און אַ דריטע בריגאַדע אויפצודעקן די וואָרצ־

---

4 מאַקוכע צו קאָרמענען בהמות.
5 קאַנאַל צו באַוואַסערן די פעלדער.

לען פון די ווייַנטרויבן, וואָס זענען אַ גאַנצן ווינטער געווען פאַרשאָטן מיט ערד.

פרויען און מענער, יונג און אַלט האָבן מיט זייערע הילצערנע טרע־פּעס געטאָפּטשעט אין דער ליימיקער בלאָטע, צו די אַרומיקע פעלדער.

די זון האָט זיך דורכגעשלייכט דורך די פאַרוואָסערטע וואָלקנס מיט אַזאַ געברי, אַז ס׳האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן צו פאַרען די מלבושים.

אויף ביידע זייטן וועג האָבן זיך קאָלכאָזניקעס צעשפּרייט צו דער אַרבעט.

מיטן שווערן קיטמען[6] האָט ראַכמאַטאָוו אויפגעדעקט די פאַרבאַר־גענע צווייגן פון די ווייַנטרויבן, נישט קוקנדיק אַפילו ווו זיי ליגן. אַ סך וואָרצלען האָט ער מיטן קיטמען צעפּיצלט, אַז ס׳איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויף זיי... ווי אָפּגעשניטענע לעבעדיקע מענטשלעכע אברים האָבן זיי זיך געוואַלגערט אין דער געדיכטער ליימיקער בלאָטע.

— וואָס טוסטו, ראַכמאַטאָוו? — האָט אים אַבאַיעוו געמוסרט.

— מיר איז אַלצאיינס. נישטאָ קיין חשק צו דער אַרבעט. זעסט דאָך ווי אַן אונדזעריקן לעבט זיך.

— מע וועט דיך דאָך משפּטן ראַכמאַטאָוו. זיי וועלן זיך מיט דיר נישט צאַצקען, די הינטישע ביינער...

— האָסט געזען היינט דעם זולל־וסובאניק, ער פרעסט זשמעניעס פּוטער און מיר זעען עס אויף די אויגן נישט אָן. אונדזערע קינדער לאָזט מען אַפילו נישט עסן דעם זשמיך, וואָס מען גיט די בהמות. מיר וועלן דאָ סיי־ווי־סיי פּגרן פאַר הונגער און דו האָסט זיך אַפילו נישט פאַר וועמען צו קלאָגן... ער, דער ראַיס, איז שטאַרקער פון אונדז אַלעמען, ער שמירט דאָרט ווו מען דאַרף און ער איז שטענדיק דער שטאַרקער און דער גערעכטער...

דער אַלטער באַרכמאַדינאָוו האָט געשטופּט אַן איין־רעדלדיקע טאַ־טשקע אָנגעשאָטן מיט גרודעס ערד, אַ פאַרגאָסענער מיט שווייס פון דער צעפאַרעטער זון. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעהעשעט:

[6] רידלען.

## ב. טערקעל

— שווער, אַקאַ [7], זייער שווער. נישטאָ קיין כוח צו אַרבעטן.

אַלע דריי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער נאַסער ערד, וואָס האָט זיך געפּאַרעט אַקעגן דער זון, אַרויסגענומען שקאַטולקעלעך נאָסאָוואַי [8], אַ זופּ געטאָן און געקוקט שווייגנדיק אין דער ווייטקייט.

דער אַלטער באַרכמאַדינאָוו האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און אַ זאָג געטאָן:

— מיר איז שוין אַלצאיינס, איך וועל שוין ביזן באַקומען די טרודאָ דניעי [9] נישט דערלעבן. מיך שרעקט שוין אַפילו די תּפיסה אויך נישט. נאָר עס ווערט דאָך ערגער פון יאָר צו יאָר. מיר אַרבעטן שווער און ביטער און דער וואָס זיצט ביי דער שיסל גנבעט און זויפט, האָט טרוקן אין די פּיס, אַ גוטן סאַנדאַל [10], עסט אַ גוטן פּלאָוו [11] און מיר, ביז וואַנען מיר וועלן באַקומען פאַר די טרודאַ דניעי דאַרפן וואַרטן ביז האַרבסט און ביז דאַן, זדאָכני [12]!...

* * *

בליק־שנעל האָט זיך צעטראָגן איבער די פעלדער די ידיעה, אַז היינט וועט מען פאַרטיילן אַ גוטן מיטיק פון געקאָכטן ווייץ מיט פערדן־פלייש.

די קאָלכאָזניקעס האָבן עס קאָמענטירט פאַרשידן. נישט געוווסט דעם באַשייד פון דער שמחה. אַ פּראָסטער מיטוואָך: נישט סטאַלינס געבוירנטאָג איז היינט, נישט היינט האָט מען געמאַכט די רעוואָלוציע און דוכט זיך קיין שום נס איז נישט געשען אינעם קאָלכאָז.

אמת איז, אַז ווען מען הייבט אָן אין פרילינג צו אַרבעטן אויף די פעלדער, ווערט געקאָכט אַ קאָלעקטיווער מיטיק, אָבער פאַרפרעגלט מיט כלאָפּקאָוון בוימל. נאָר פלייש? דאָס איז נישט קיין געוויינלעכע נייעס,

---

7 ברודער (אין אוזבעקיש).

8 טאַבאַק.

9 אַרבעטס־טעג.

10 אַן אויסגעהוילט לאָך אין דיל פון דער קיביטקע צו דערוואַרעמען זיך.

11 נאַציאָנאַלער אוזבעקישער מאכל.

12 פּגר.

נישט אַנדערש, אַז היינט איז עפּעס געשען אַ וויכטיקע זאַך לכבוד וואָס ס׳וועט זיין אַ גרויסער פּראַזדניק[13].

צוועלף אַזייגער. די היץ איז אומדערטרעגלעך. די קאַלכאָזניקעס האָבן ווי ווער ס׳האָט געקאָנט זיך אויסבאַהאַלטן אין שאָטן פון אַ בוים, כדי נישט באַמערקט צו ווערן פונעם בריגאַדיר, און געוואָלט אויסוואַרטן דעם מאָמענט פון מיטיק.

דער גלאָק פון קאָלכאָז־אופראַוולעניע, האָט זיך טעמפּ און גרילציק צעקלונגען. פון אַלע זייטן האָבן בריגאַדעסווייז געשטראָמט די קאָלכאָז־ניקעס און זיך פאַרזאַמלט אַרום די גרויסע קעסלען, פון וואַנען ס׳האָט זיך געריסן די פּאַרע פון אַ שמעקעוודיקער זופּ. די קוכערס האָבן אַלע ווייל־אָפּגעדעקט די גרויסע דעקן פון די קעסלען און מיט לאַנגע לעפל געמישט ס׳עסן, ס׳זאָל נישט צופאַלן צום דנאָ.

די קאָלכאָזניקעס, באַוואָפנט מיט הילצערנע לעפל, בלעכענע שיס־לען, האָבן מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן געוואַרט אויפן גליקלעכן מאָ־מענט.

און אָט האָט מען אָנגעהויבן טיילן: אַ שיסל געדיכטע ווייץ־זופּ און שטיקלעך פערד־פלייש, ממש פלייש...

די קאָלכאָזניקעס האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום די ווענט פון דער אופראַוולעניע, פאַרשאָטנט פון אַלטע אַקאַציע־ביימער. ווער ס׳האָט גע־האָט אַ שטיקל קוקורוזע־לעפּיאָשקע[14] אָדער פון גערשטן האָט צוגעביסן, זיך אַריינגעטאָן אין דער אכילה און געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דאָס טשמאָקען פון די ליפּן, דאָס צופרידענע סמאַרען מיט די נעזער...

— וואָס זאָגט איר צום פּראַזדניק? — האָט זיך אַבאַיעוו אָפּגערופן צו זיינע שכנים.

— יענעמס אומגליק איז אונדזער גליק... — האָט זיך אָפּגערופן באַרכמאַדינאָוו, — דעם ראַיס אויסגעכאָליעט פערדל האָט זיך פון וויל־

[13] יום־טוב.

[14] אַ געבאַקן ברויט־פּלעצל.

## ב. טערקעל

טאָג פאַרגלוסט צו מאַכן אַ שפאַציר צו דער באַן־ליניע און אַ פאַרבייפאַרנדיקער צוג האָט אים אַ גלעט געטאָן איבער דער מאָרדע. אַזוי שלימזלדיק, אַז ער האָט אָפּגעריסן אַ שטיק און פון רחמנות־וועגן צום פערד, האָט מען אים געשאָסן, ווייל אָן אַ מאָרדע, מעג עס זיין אַ פערד, קאָן מען נישט לעבן. ווי דער שטייגער, האָט מען צונויפגעשטעלט אַן אַקט, אייגענע מענטשן האָבן זיך אונטערגעחתמעט און אָן דער רעוואָלוציע, אָן אַ געבוירנטאָג פאַר אונדזערע גדולים און אָן אַ יום־טוב אַפילו, עסן מיר היינט פלייש...

ווי עס זאָל נישט זיין, אַ וויכטיקע געשעעניש איז עס. דאָס טרעפט אַמאָל אין אַ נאָווינע. זענען טאַקע אַלע געווען צופרידן...

* * *

דער ראַיס, ווי נישט אים מיינט מען עס לגמרי, איז אַרויס פון דער אופּראַוולעניע, האַלב־שיכור פון טרינקען קאַגאָר[15], מיט פאַרפעצטע ליפּן, זיך גדלותדיק אַרומגעקוקט אויף די קאָלכאָזניקעס וואָס זענען געזעסן אַרום, מיט די פיס הינטער זיך און מיט אַ באַסאָווער שטימע אויסגערופן:

— אַנוקאַ, רעביאַטאַ, געהאַט אַ גוטן מיטיק? איר זענט זאַט? היינט דאַרפט איר גוט אַרבעטן און אויספילן דעם גאָסודאַרסטוויעני פלאַן[16]. אַ דאַנק אונדזער גרויסן סטאַלין דערפאַר...

די קאָלכאָזניקעס האָבן זיך האַסטיק אויפגעריסן פון די ערטער און אין איין קול ווי אַן איינשטודירטער כאָר אויסגעשריגן:

—הוראַ! הוראַ! זאָל לעבן אונזער גרויסער, קלוגער פירער!...

* * *

די זון האָט זיך ווי אַ שטיק פאַרשרפהט קויל אַראָפגעזעצט הינטער די אַקאַציעס. אַ שטיל ווינטל האָט זיך צעשפילט אין די צווייגן און צעטרייסלט די בלעטער.

---

15 רויטער ווין.

16 מלוכה־פלאַן.

אין די ליימיקע קיביטקעס זענען געזעסן אויבעקן און געטרונקען גרינעם טיי און געשאָלטן אין טאַטנס טאַטן אַריין...

— אָט אַ מערזאַוויעץ דער ראַיס, טוט אָפּ די גרעסטע שווייַנערייען מיט סטאַלינס נאָמען אויף די ליפּן, נוצט אונדז אויס אויפן געמיינסטן אופן. אַ פּאַסקודנע וועלט, נישטאָ ביי וועמען צו מאָנען יושר. איינער נישט בעסער פון צווייטן...

די שאַקאַלן האָבן זיך צעוואָיעט אין דער אַרומיקער שטילקייט. ווי זיי וואָלטן באַוויינט די טויטע פון צמענטער. די אייזלען אין די קאָלכאָזנע שטאַלן האָבן גרילציק זיך צערעוועט שפּאַלטנדיק די הימלען מיט זייער אומהיימלעך געשריי...

באַרכמאַדינאָוו האָט מיט דער האַנט אַ פיר געטאָן איבערן שטערן און נאָכדעם צולייגנדיק די האַנט צום האַרץ האָט אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט געפּרעפּלט: אַללאַ, אַללאַ... העלף אונדז!...

## אַ קאָמאַנדיראָווקע אויף אַרבעט

יאַנקל האָט זיך אויפגעריסן פון שלאָף אַן אָפּגעבריטעער פון די אויפ־גייענדיקע שטראַלן פון דער זון, וואָס האָט זיך ווי אַן אויסגעצוואָגענע בת־מלכה אָפּערגעקייקלט פון הינטער די בערג.

— נא, סקאָצל קומט, שוין ווידער די זון, ווער באַדאַרף זי? וואָס שפּילט זי מיר אויף מיינע צעלאָמעטע נערוון. — נאָך איידער ער האָט ברייט צעעפנט זיינע אויגן אויף גאָטס וועלט, האָט אים הויך אַ הילך געטאָן אין די אויערן.

— סאַלאָם אַלייקום! אַקאַ [1].

— אַלייקום סאַלאָם, באַבאַי [2] צאַדיקאָוו — האָט יאַנקל אַ שמייכל געטאָן מיט אַן אָנגעזאָלצן געמיט צום אַלטן קאָלכאָזנעם פּאַסטעך, וואָס היט די סטאַדע באַראַנעס.

— ווי האָט זיך דיר, אַקאַ, געשלאָפן — האָט דער אַלטינקער אָפּגעמאָסטן יאַנקלען מיט אַ פאַרשערישן בליק.

— נישט שלעכט, באַבאַי — האָט יאַנקל, אויסציענדיק די ביינער אָפּגעענטפערט, — הלוואי וואָלט כסדר געווען גאָכט. ביינאַכט זענען אַלע גלייך, צי דער וואָס שלאָפט אויף דער ערד אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, צי דער וואָס שלאָפט אין אַ ווייך און וואַרעם בעט, אין שלאָף פילט מען נישט און מיר זעסטו איז זיכער נישט קיין נפקא־מינה. די ערד איז האַרט און מיינע ביינער זענען אויך האַרט, האַרט מיט האַרט קאָנען הויזן צו־זאַמען. ערגער איז ווען מען לייגט אַוועק פלייש אויף דער האַרטער ערד, דאָס איז שוין נישט גוט. עס דריקט און קוועטשט פון אַלע זייטן.

דעם אַלטן צאַדיקאָווס אַ שמייכל האָט זיך פאַרלוירן צווישן זיינע אָן־ציינערדיקע יאַסלעס.

---

[1] ברודער (אין אוזבעקיש).

[2] אַן אַלטער מאַן (אין אוזבעקיש).

— דאַוואַי זאַקורים[3]! — האָט יאַנקל אַ פוילן געגעץ געטאָן און פאַרלייגט די פיס הינטער זיך, אויפן אוזבעקישן שטייגער, אַזוי ווי דער אַלטער צאַדיקאָוו.

דער פאַסטעך האָט אַרויסגעשלעפּט פון זיין הויזן־קעשענע אַ צע־קנייטשטע „טאַשקענטסקאַיאַ פּראַוודאַ" [4]), אָפּגעריסן אַ שטיק צייטונג און צוגעוואָרפן יאַנקלען. אויך פאַר זיך האָט דער פאַסטעך גענומען אַ שטיקל און אָנגעשאָטן מאַכאָרקע, גענומען זיין צינדערל פון וואַטע, און האַקנ־דיק אַ שטיין אין אַ שטיין האָט אַ פונק זיך אַריינגעריסן אין וואַטע און ביידע האָבן פאַררויכערט.

יאַנקל גראָס האָט זיך פאַרהוסט.

— וואָס, עס שמעקט דיר נישט, אַקאַ? — האָט דער אַלטער אַ פרעג געטאָן, אַרויסלאָזנדיק אַ קנויל שוואַרצן רויך.

— פאַרקערט, ס'איז געשמאַק — האָט יאַנקל אַ שטאַרקן צי געטאָן, אַז דער פאַפּיראָס האָט זיך אינגאַנצן אָנגעצונדן אַרום די ראַנדן — פאַר־קערט, איך האָב עס ליב. אויפן האַרצן איז ביטער, אויף דער נשמה ביטער און אין האַלדז איז אַוודאי ביטער, טאָ וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין די ביטערקייט פון פאַפּיראָס. פאַרקערט, ס'מאַכט שטימונג, ס'איז האַרמאָ־ניע און איך — קלאַפּט זיך גראָס ווויליוונגעריש מיטן פויסט אין האַרצן,

— איך האָב ליב האַרמאָניע, פאָניעמאַיעש באַבאַי? אַז צרות, זאָלן זיי זיין פון אַלע זייטן. איך האָב נישט ליב קיין דיסהאַרמאָניע. ביטער איז טאַקע ביטער און זיס איז זיס. היינט איז ביטער, פאַרפאַלן. מען דאַרף קאָנען איבערהאַלטן. ווי האָט יענער געזאָגט: „טיערפּי קאָזאַק אַטאַמאַ־נאָם בודיעש" [5], און ביז איך וועל ווערן אַן אַטאַמאַן — האָט ער זיך צע־לאַכט — אָ, אָ, ביז דאַן...

* * *

די זון־שטראַלן האָבן אויסגעטרונקען די לעצטע טראָפּנס גלאַנציק־

---

[3] לאָמיר פאַררויכערן.

[4] נאָמען פון דער טאַשקענטער צייטונג.

[5] לייד, קאָזאַק, וועסט נאָך אַן אַטאַמאַן ווערן.

שימערירנדיקן טוי. די צעשרפּהטע זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן גאַנצן קאָלכאָז מיט אַזאַ סמאַלענדיקן אָטעם ווי זי וואָלט זיך פאַרנומען צו פאַרברענען מענטש און קיביטקע, פעלד און בוים, בהמה און וואָרעם.

אוזבעקן און אוזבעקטשקעס, יונג און אַלט האָבן זיך גרופּנווייז געזאַמלט אויפן הויף פון דער קאָלכאָז־אופּראַוולעניע [6].

יאַנקל גראָס איז אויך צוגעקומען אַהין און זיך געטראָפן מיט בערל רובינשטיין פון סטאַלין־קאָלכאָז, וואָס איז שוין געשטאַנען מיט זיין קיטמען [7] אויף דער פּלייצע גרייט צו גיין אויסרייניקן דעם אַריק [8], וואָס האָט דורכגעשניטן דעם קאָלכאָז, כדי צו דערמעגלעכן אַ בעסערע באַוואָסערונג.

— ס׳קאָצל קומט, וואָס מאַכסטו יאַנקל?

— מען מאַכט, מען מאַכט זיך נישט וויסן און מען איז צופרידן.

— אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, יאַנקל, מען זאָל אַרויספאָרן אויף קאָמאַנדיראָווקע [9] קיין קאַטאַ־קורגאַן [10] אויף דער וואָדאָכראַנילישטשע, קודם וועט זיין ווו צו שלאָפן און מ׳ע וועט באַקומען 800 גראַם ברויט אַ טאָג.

— אַ שאלה, צי איך וויל? פאַר 800 גראַם ברויט וואָלט איך אַפילו אין פייער מיט באַרוועסע פיס געלאָפן און שלאָפן אין אַ קיביטקעלע איז אויך אַ געשעפט. אַנוקאַ, לאָמיר אַ פּרווו טאָן מזל.

יאַנקל איז צוגעלאָפן צום בריגאַדיר, וואָס האָט ווערבירט די קאָלכאָזניקעס קיין קאַטאַ־קורגאַן און אים פאָרגעלייגט:

— טאָוואַרישטש בריגאַדיר, איך וויל אויך פאָרן אויף אַרבעט אין קאַטאַ־קורגאַן.

דער בריגאַדיר האָט אים אָפּגעמאָסטן פון אונטן ביז אַרויף און אַ זאָג געטאָן:

— אדרבא, קענסט פאָרן. נאָר וועסט דאַרפן געבן אַ פּלייצע.

---

6 קאָלכאָז־פאַרוואַלטונג.

7 אַ רידל.

8 וואַסער־קאַנאַל.

9 געשיקט ווערן לויט אַ באַשטימונג.

10 נאָמען פון אַ שטאָט 40 קילאָמעטער פון קאָלכאָז.

— אַבי נאָר עס וועט זיין וואָס אַריינצולייגן אין מאָגן שפּילט נישט קיין ראָלע צו געבן אַ פּלייצע. אַז עס וועט זיין פּריילעך אין מאָגן, וועט שוין די פּלייצע ווערן אַ נאַש־בראַט.

* * *

די זון איז נאָך געלעגן אַ פאַרשלאָפענע הינטער די קיביטקעס און שוין האָבן זיך די אַרבאַקעזשן [11] געפּאָרעט ביי די פערד, אָנגעלאָדן פּראָדוקטן און זיך געקליבן אין וועג אַריין.

ביי דער אופּראַוולעניע האָבן זיך צונויפגעקליבן די קאָלכאָזניקעס פון די דריי שכנותדיקע קאָלכאָזן: פון פּושקין־קאָלכאָז, פון קאָלכאָז קאַגאַנאָוויטש און פון סטאַלין־קאָלכאָז. 3 אַרבאַס [12] האָבן ווי אַן אָבאָז איינער הינטערן אַנדערן זיך אַרויסגעלאָזט אין לאַנגן וועג אַריין.

יאַנקל איז געזעסן פאַרזונקען אין מחשבות, איינגענורעט אין זיין צעריסענעם וואַטע־שפּענצער, מיט אָנגעשפּיצטע אויגן אין די מרחקים.

— פון וואָס טראַכסטו דיעדושקאַ [13]? — האָט אים אַרויסגעריסן פון זיין פאַרטראַכטקייט דער אוזבעק ראַכמאַטאָוו.

יאַנקל האָט ברייט און האַרציק אַ שמייכל געטאָן. — דיעדושקאַ? האַ, כ׳לעבן, ס׳קליידט מיר צו מיין פּנים און גאַנצן געמיט, ביי מיינע 25 יערעלעך צו זיין אַ דיעדושקאַ, זאָג מיר אַקאַ, זע איך טאַקע אויס ווי אַ דיעדושקאַ?

— אַ קאַק־זשעי [14], אַן אמתער זיידע, מיט אַלע פּיטשעווקעס, יעיבאָגו — איז ראַכמאַטאָוו באַשטאַנען אויף זיינס.

— קאָן זיין ביסט גערעכט, ראַכמאַטאָוו, שוין אַ שיינע פּאָר יאָר נישט אַריינגעקוקט אין קיין שפּיגל, האָב איך שטענדיק געמיינט, אַז איך בין יונג און צום סוף... אַלץ די יאָרן. מע ווערט עלטער, ווערט מען טאַקע קליגער. עס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן אַזוי גיך צו באַקומען אַזאַ

11 פורמאַנעס.
12 צוויי־רעדערדיקע וואָגנס.
13 אַלטיטשקער.
14 ווי אַזוי זשע.

## ב. טערקעל

חשובן טיטל ווי דיעדושקאַ. אַפּנים, אַז עס האָט מיר נישט געהאָלפן דאָס וואָס איך דריי מיינע מאַכאָרקע־ציגאַרעטן אין צייטונג־פּאַפּיר, קולטור־רעלער און קליגער דערפון בין איך נישט געוואָרן, די רויך־קולטור איז מיר אין קאָפּ נישט געקראָכן, נאָר מיר בלויז געפּרעסן די לונגען.

ראַכמאַטאָוו האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

די אַרבאַ האָט זיך צעטרייסלט איבער די פּאַרטריקנטע ליים־גרודעס און ביי גראָסן האָבן זיך די אויסגעהונגערטע און צום פּרעס־גיריקע קישקעס צעוויגט אינעם טאַקט פון פערדישע טלאָען...

רחבותדיק און ברייט מיט זיין גאַנצן מרה־שחורהדיקן פּייזאַזש האָט זיך אַנטפּלעקט דער גאָלאָדני־סטעפּ[15]...

[15] הונגעריקער סטעפּ.

# מע גלײַכט אויס די ערד...

ווי אַ מוראַשניק זעט אויס דאָס גרויסע פעלד. אויף ווי ווייט דאָס אויג קאָן דערגרייכן שווי־בלט עס און גריבלט פון אַן אומגעהויערער מאַסע מענטשן באַלאָדנט מיט רידלען, לאָמען און איינגעשפּאַנט אין טאַטשקעס.

מען בויט אַ וואָדאָכראַנילישטשע [1]. אַ גרויסער שטח ערד ווערט אויסגעגלייכט און צוגעגרייט איינצוזאַמלען אַ סך וואַסער בכדי צו באַוואַסערן די אַריקן [2]

*   *   *

שלעפּט זיך יאַנקל מיט זיין נאַפּאַרניק [3], דעם אַלטן אוזבעק ראַכמאַטאָוו, ביידע פירן טאַטשקעס און פרייכן אונטער די שטראַלן פון דער ברענענדיקער זון. דער שוויים רינט אים, יאַנקלען, מיט שמוציקע שטראָמען איבערן פאַרוואַקסענעם שטעכיקן בערדל. אונטערן וואַטע־שפּענצער ראָיעט עס און שוויבלט, עס צופּט און בייסט און לאָזט אים נישט ווייל באַקומען דעם ריח פון דער פריש־צעגראָבענער ערד און דעם מילדן גלי פון די זונשטראַלן.

— זעסט — זאָגט יאַנקל צו ראַכמאַטאָוון — אַ קלוגע וועלט. די ערד קאָן מען נאָך יאַקאָש אויסגלייכן, בערג ווערן פאַרוואַנדלט אין פלאַכלאַנד, גרודעס גלייכן זיך אויס, טאָלן פאַרשווינדן און די מענטשן וועסטו שוין קיינמאָל נישט אויסגלייכן. האָט ווער אַ הויקער — האַלט ער זיך מ׳ט אים. אַ לאַנגע נאָז אויף אַ שיין פּנים וועט שוין פאַרמיאוסן זיין אייגנטימער, גייסטו קרום און לאָם — וועסטו שוין אַזוי גיין. האָסט אַ קרומען שכל — וועסטו שוין אַזוי בלייבן און אָנטאָן צרות דיינע מיט־מענטשן, פאַרשאַפן אומכבוד דער מענטשלעכקייט. מע קאָן עס נישט

---

[1] וואַסער־קאַנאַל.

[2] וואַסער־קאַנאַלן.

[3] מיטהעלפער צו דער אַרבעט.

אויסגלייכן. דאָ ביי אונדז אין לאַנד זיצן רעגירונג־מענער, דיפּלאָמאַטן און פּאַרטיי־פירער. זיי האָבן זיך דווקא פאַרלייגט אויסצוגלייכן די וועלט. אָבער נישט פון אָרט, עס גייט נישט.

— מען קאָן, — רופט זיך אָן ראַכמאַטאָוו — וועסט זען מע וועט אויסגלייכן די וועלט. אונדזערע, אַז זיי נעמען זיך אונטער, מוזן זיי דער־גרייכן. מען וועט מאַכן נאָך אַ פּיאַטילעטקע[4] און נאָך איינע און אַז מען דאַרף — אַפילו צען. מען וועט אויסגלייכן, אָט פּונקט אַזוי ווי דאָס פעלד.

— מ׳האָט שוין געזען, געזען, — האָט זיך יאַנקל צוגעזעצט אויף אַ בערגל פּריש אָנגעשאָטן זאַמד — אַזאַ מעשה האָט מען געמאַכט אין סדום, נאָך גאָר אַמאָל. נו, האָט מען אויסגעגלייכט? דעם יעניקן וואָס האָט גע־האַט לאַנגע פיס... האָט מען זיי אים טאַקע אָפּגעהאַקט און די מיט קור־צע פיס האָט מען זיי די פיס אויסגעצויגן, צוזאַמען מיט דער נשמה. נו, וואָס פאַר אַ נאָמען האָבן איבערגעלאָזט די וועלט־אויסגלייכער פון סדום? עס איז מיר פּשוט אַ חרפּה פאַרן מין מענטש, אַז מע דערמאָנט זיך וועגן דעם.

* * *

די פאַנפאַרן האָבן דורכגעריסן דעם חלל און דער גאַנצער מוראַש־ניק האָט זיך אַ וויג געטאָן. אין איין אויגנבליק האָט זיך דאָס גאַנצע פעלד אָפּגערייניקט. אַלץ איז געלאָפן אין די קיביטקעס פון זייערע ברי־גאַדעס אויף מיטאָג.

דער שענסטער מאָמענט פון מענטשנס לעבן: אָנשטאָפּן דעם מאָגן — איז יאַנקל צופרידן. אָט אַזוי ווי די בהמות: אָנגעשלעפּט זיך אַ גאַנצן טאָג, שיער נישט אויסגעשפּיגן די נשמה און מיט די לעצטע כוחות זיך דערשלאָגן צום שטאַל, צום צעבער און צו דער קאָריטע. מיט וואָס זענען מיר בעסער און שענער און קליגער פון דער בהמה? אַנוקאַ ראַכמאַטאָוו, זיך אויסגעגלייכט? האַ? צוגלייך מיט דער בהמה: אַרבעטן, עסן און שלאָפן.

* * *

[4] פינף־יאָר־פּלאַן.

## צווישן שאַקאַלן

דער ריח פון פריש־געקאָכטן אַטאַלאַ[5], האָט זיך צעטראָגן איבער דער קיביטקע. די גאַנצע בריגאַדע איז געזעסן אַרײַנגעטון מיט לײַב און לעבן אין דער אכילה. יאַנקל האָט אַרײַנגעבראַכט אַ פולע שיסל מיט רויע ציבעלעס און מיט איין מאָל פאַרשלונגען זײַנע 800 גראַם ברויט. די פּנימער זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט רויטקייט און צופרידנקייט. אַלע וועלט־פּראָבלעמען, פּערזענלעכע דאגות און שמערצן האָבן געפונען זייער לייזונג אין דער פאַרעדיקער זופּ.

דער בריגאַדיר קאַגראַמאַנאָוו, האָט זיך נאָכן עסן פויל אויסגעצויגן אויף זײַן באַקוועמער ווײַכער נאַרע, אויסגעשפּרייט מיט ראַגאָזשעס און פאַרדרייט אַ מאַכאָרקע פּאַפּיראָס. די זאַטע אוזבעקן האָבן זיצנדיק מיט די פיס הינטער זיך געטרונקען גרינעם טיי פון איין „פּיאַלע" [6] און מיט העפלעכקייט זיך אײַנגעטיילט דערמיט איינער דעם צווייטן. אַלטע אוזבעקן האָבן זיך אָנגעלענט אויף זייערע זיצפּלעצער, אונטערגעבעט צוקאָפּנס מיט זייערע אַלטע לאַכעס און זיך דערציילט די אַלטע געשיכטע וועגן מעכטיקן „טאַמערלאַן" [7], וועמענס קבר עס געפינט זיך אין דער אַלטער שטאָט סאַמאַרקאַנד.

יאַנקל איז געזעסן אָט אַזוי ווי אַלע אוזבעקן אַ צופרידענער און באַרואיקטער, אַ זאַטער און גליקלעכער...

דער קאָמאַנדיר קאַגראַמאַנאָוו, האָט אַרומגערעדט וועגן די אַרבעט־פּלענער און פאָרגעשלאָגן מע זאָל מאַכן אַ וועט־געיעג מיט אַ צווייטער בריגאַדע:

— מיר דאַרפן באַווײַזן, אַז מיר זענען גוטע און פלייסיקע אַרבעטער — האָט קאַגראַמאַנאָווס צופרידן און זאַט קול דורכגעבויערט די זאַטקייט פונעם עולם. מיר דאַרפן וואָס מער אַרבעטן און אַרויסווײַזן אונדזער הילף־ און קרבנות־גרייטקייט... .

די שטימונג ביים עולם איז געבראָכן געוואָרן. ראַכמאַטאָוו האָט שטיל אַ בורטשע געטון און זיך אויסגעצויגן אויפן דיל מיט פאַרגלאָצטע אויגן

5 אוזבעקישער מאכל.
6 טיי־שיסעלע.
7 אוזבעקישער מושל.

## ב. טערקעל

צום סופיט· יאַנקל האָט זיך אומגעקערט מיט אַ זייט צו ראַכמאַטאָוון און שטיל אים איינגערוימט: — אַליין כאַליעט ער אַ גאַנצן טאָג אויף דער ווייכער נאַרע זיינער, טוט נישט אַריין קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער, און וויפל מיר זאָלן נישט אַרבעטן איז אים ווייניק.

— סוקין סין! — האָט ראַכמאַטאָוו אַ העשע געטאָן. — ער איז יע־נער פויגל. ער האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. ער ווייס ווי זיך איינצו־אָרדענען אין לעבן. שטיין איבער יענעם מיט דער בייטש איז לייכטער, ווי אַליין געשלאָגן צו ווערן. אָט „פּראָקליאַטי“ [8] — האָט ראַכמאַטאָוו אויסגעשפּיגן דעם גרינעם טאַבאַק פון זיין „נאַסאָוואַי“ [9].

* * *

אַ שטאַרק כראָפּען האָט זיך צעטראָגן איבער דער פויל צעוואַרעמטער קיביטקע פול אָנגעפּרייעט מיט מענטשן־לייב און שווייס. אַ געדיכטער טומאַן פון אָנגערויכערטער מאַכאָרקע האָט איינגעהילט די לופט און זיך אַריינגעריסן טיף אין די לונגען מיט ביטערקייט. דאָס „קאָניעצל“ [10] אויף דער קיך האָט זיך געלאָשן און גרויסע אימהדיקע שאָטנס האָבן געציטערט אויף די ווענט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן צו שלעפּן די לאַנגע נאַכט מיט אַ באַפאַל פון אַלע מינים וואַנצן, וואָס זענען געקומען פאָדערן און מאָנען און מיט געוואַלד אויסזויגן די גוט פאַרדייעטע אַטאַלאַ און דאָס ביסל פרישע בלוט, וואָס די הייסע זופּ האָט צעוואַרעמט.

אָנגעלייגטע, קאָפּ אויף קאָפּ, הענט און פיס איינגעפלאָכטענע ווי אַ קראַנץ האָט די גאַנצע בריגאַדע אויסגעזונגען איר נאַכטיקן שלאָף, נאָך דער מידקייט פון שווערן טאָג...

* * *

דער רבונו של עולם אין הימל האָט זיך נאָך זיכער איבערגעדרייט

8 פאַרשאָלטענער.
9 נאָז־טאַבאַק.
10 אַ שטיקל ברענענדיק העלצל.

אויף דער אַנדערער זייט, זיך אַריינגעלאָזט אין זיסן פאַרשיכורנדיקן דרעמל, און שוין האָבן זיך פאַנפאַרן אַריינגעריסן אין דער פרימאָרגן־בלייכקייט פון דער נאַכט מיט זייער געוואָי, וועקנדיק צו דער אַרבעט.

מידע, אויסגעפּייניקטע פון דער נאַכטיקער וואַנצן־אַטאַקע, פאַרשי־כּורטע פון גוטע חלומות האָבן זיך איינציקווייז די קאָלכאָזניקעס אַרויס־געריסן פון זייער שלאָף, אויסגעצויגן הענט און פיס און וואַקלדיקע זיך אויסגעשטעלט אין דער ריי אַרויסצומאַרשירן אויפן אַרבעט־פּלאַץ. דער בריגאַדיר אין זיך ווייטער געלעגן אויף זיין נאַרע און נאָכן לעצטע אָפּ־הילך פון די שלאַבעדיקע טריט, האָט ער איבערגעצויגן זיין קאָלדע איבערן קאָפּ און ווייטער געשלאָפן.

נאָך גוט טונקל איז אויף די אַרומיקע פעלדער. די זון שלאָגט זיך נאָך מיט דער דעה, צי זי זאָל מזכה זיין אַזאַ מין וועלטל מיט ליכט און וואַרעמקייט. די באַראַנעס, קי און קעלבלעך האָבן זיך אין ווילדן גאַלאָפּ געלאָזט באַרג־אַראָפּ צום פּאַשע־פעלד און זייערע נאָכיאָגנדיקע שאָטנס האָבן נאָך שוואַרצער געמאַכט די ערב־טאָגיקע שוואַרצקייט.

ראַכמאַטאָוו מיטן קיטמען אויף דער פּלייצע האָט געשפּאַנט פאַראויס, הינטער אים זיין נאַפּאַרניק יאַנקל גראס.

— געדעכט דיעדושקאַ — האָט ראַכמאַטאָוו זיך אָפּגערופן דער ערש־טער — ביסט געדעכט. מען קאָן טאַקע די וועלט נישט אויסגלייכן. אייב־מאָל קרום איז קרום. דער בריגאַדיר קאַגראַמאַנאָוו דאַרף ליגן אויסגע־צויגן רחבותדיק אויף זיין נאַרע, אַ יונג מיט ביינער, אויסגעפּאַשעט פון נישט אַרבעטן און פון אַראָפּגנבענען פון אונדזער ברויט־נאָרמע, פון וואָס ער ווערט לענגער און ברייטער און פעטער, און אונדז אַלטוואַרג, ווען מיר דאַרפן האָבן אַביסל רו — טרייבט ער אַרויס אויפן פעלד צו דער אַרבעט. נישטאָ קיין יושר. אַזאַ מין וועלטל קאָן מען טאַקע נישט אויסגלייכן. גע־רעכט, דיעדושקאַ, ביסט געדעכט. אַפילו דער טאַטער וועט שוין אויך בע־סער נישט מאַכן...

* * *

די זון האָט באַוויליקט צו ברענגען ליכט און וואַרעמקייט און האָט זיך

ב. טערקעל

אַ פֿאַרשייטע, ווי וועלנדיק אויסשפּאָטן פֿון מענטש, אָנגעהויבן שיטן מיט פּייער־סנאָפּעס און זודיק ברענענדיק איינגעהילט דאָס גאַנצע אַרבעט־פֿעלד פֿון דער קאַטאַ־קורגאַנער „וואָדאָכראַנילישטשע".

מענטש, אַרבעטער, האָרעפּאַשניק און פּראָלעטאַריער האָבן געבויגע־נערהייט, איינגעשפּאַנטע אין טאַטשקעס, געבויט אַ וואָסער־ווערק פֿאַר דער פּאָרויס־שפּאַנענדיקער מענטשהייט...

# אין אַ פאַרבלאָנדזשעטן פּוילישן וואַגאָן

יאַנקל מיט בערלען זענען געלעגן אויף די שטרויענע ראָגאָזשעס אין דער קיביטקע און נישט געקאָנט איינשלאָפן.

— וואָס טויג מיר די גאַנצע מעשׂה — רופט זיך אָן יאַנקל — מיטן מאַרקסיזם, וויטאַליטעט, צוויי טריט פאָרויס, איין טריט צוריק לויטן לע־ניניזם, אַז בסך־הכל האַלטן מיר מיט גאַנצע טויזנט יאָר צוריק און עס העלפט נישט קיין שום פּאָליטיק מיט קיינע פילאָזאָפיעס.

— אַי, יאַנקל, צו וואָס טויג דיר די גאַנצע פילאָזאָפיע — האָט בערל רובינשטיין אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און זיך איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט צו יאַנקלען — וואַרף אַוועק די פוילע געשעפטן מיטן טראַכטן און זיך אַריינטראַכטן. נישט דו, נישט איך, און נישט אַלע אַרום אונדז וועלן קאָנען עפּעס ענדערן. גלאָט זיך ברעכן דעם מוח? גיי נאָר, לאָז זיך אַרויס פון די פוילע עסקים.

— איך וויים, זאָגן אַז דו ביסט אומגערעכט איז מיר שווער, — האָט זיך יאַנקל אַריינגעפּלאָכטן מיט די פינגער אין זיין פאַרוואָקסענעם האַריקן קאָפּ, ווי ער וואָלט דאַרט עפּעס געוואָלט אַנטאַפּן און געפינען — אָבער עס טראַכט זיך פאָרט און עפּעס אַ מאָדנע זאַך, וואָס מער אַ מענטש איז הונגעריק, מעג ער זיין אַפילו אַ קאַלכאָזניק, אָט אַזוי ווי איך און דו — אַלץ מער טראַכט זיך. אויף צו להכעיס קריכן אין קאָפּ אַריין מחשבותן. דו ווייסט בערל, איך האָב אַן איינדרוק, אַז אַלע דערפינדער און גאונים האָבן נאָר געקאָנט שאַפן עפּעס גרויס, אָט טאָקע דאַן, ווען זיי זענען גע־ווען הונגעריק. זאָטע מענטשן טראַכטן נישט, אַ נעכטיקער טאָג. ווערסט מיר נישט איינרעדן, איך בין אין דעם פּרט אַן עקשן און טו מיר עפּעס...

בערל רובינשטיין האָט זיך פאַרטראַכט.

— זעסט — האָט יאַנקל גראָס באַטראַכט זיין חבר — איך בין פאָרט גערעכט. אָט האָסטו זיך פאַרטראַכט און דו פילסט עס אַפילו נישט. נו, אדרבא, זיי זיך מודה וועגן וואָס למשל טראַכסטו?

## ב. טערקעל

— הלמאַי זאָל איך זאָגן, ביסט גערעכט יאַנקל — האָט בערל רו־בינשטיין זיך אָנגערופן — דאָס טראַכטן מאַכט פון אונדז אַ תל. אַ בהמה טראַכט נישט און לעבט אַפילו בעסער פאַר אונדז. אַנוקאַ, פּרווו זיך אומ־פאַרזיכטיק אומגיין מיט אַ פערד ביי דער אַרבעט, אָדער פאַרשאַף אים עפּעס אַ פיזישע עוולה און פּרווו אים נישט געבן זיין אָרעם עסן צו דער צייט, וועט מען דיך פאַרמשפּטן. אַזאַ געזעץ איז דאָ פאַראַן. און אַ מענטש אַפילו אַ קאָלכאָזניק קאָנסטו אָנטאָן געבערענטע צרות און לייד, אים פאַר־פייניקן ביי דער אַרבעט און אים לאָזן זיך גאַנץ לייטיש אויסהונגערן, וועט אַפילו קיין פויגל נישט אַ פּיפּס טון.

— האַ, זעסט שוין — האָט זיך יאַנקל טריאומפירנדיק אָפּגערופן — וועסט די וועלט מיט אירע צוויי־פיסיקע באַשעפענישן נישט איבערמאַכן. זיי זענען באַשאַפן געוואָרן צו טראַכטן און פון זייערע אַלע טראַכטענישן איז נאָך די וועלט נישט געהאָלפן געוואָרן. פאַרקערט, פון די אַלע גוטע און לייטישע אויסטראַכטענישן, ווי זיי מיינען, האָבן זיי דווקא די מענטשן וואָס קאָנען ווייניקער טראַכטן פאַרשקלאַפט און אָנגעטון געבערענטע צרות.

אין דער קיביטקע איז געוואָרן שטיל, דער עולם האָט זיך איינגעגנו־רעט אין זייערע לאַכעס און מידע איינגעשלאָפן.

* * *

היינט איז יום־טוב. מען גייט נישט אַרויס צו דער אַרבעט. נישט הלילה ווייל עס איז אַ מלוכהשע פייערונג, נאָר דאָרטן אויבן אין הימל האָט מ'ען זיך מרחם געווען אויף די קאָלכאָזניקעס, עס איז דאָרט פול גע־וואָרן דער כוס פון אַרבעטער־שווייס און די וואָלקנס האָבן זיך אויפגע־שפּאָלטן און געגאָסן ווי פון צעבערס.

דער הימל האָט געוויינט מיט ביטערע שווייסיקע טרערן. די ליימיקע ערד האָט זיך צעטייעט, אַז אַרויסשלעפּן אַ פוס פון דער צעווייקטער אויפ־געכראַסטעטער ערד איז אוממעגלעך. נישט אַלע קאָנען באַווייזן די קונץ צו קאָנען דורכגיין מיט די צעריסענע טאַפּקעס און האַלב־נאַקעטע פיס אַ שטיקל וועג. שטעלסט אַריין אַ פוס, איז נישט אַרויסצוציען. איינער שלעפּט דעם צווייטן.

גיסט עס און גיסט, דער רעגן ווייקט און נעצט, די אַריקן פליסן נישט איצט מיט קיין ריין וואַסער, ווי שטענדיק, נאָר מיט געלער ליימיקער צעבלאָטיקטקייט. אויפן האַרצן איז טריב און קאַלעמוטנע, אין קיביטקע ווײַנט שוין אויך דער סופּיט מיט ביטערע טרערן. יעדע אַראָפּגעטריפטע טרער פון סופּיט שלעפּט מיט אַ שטיק ליים און צענעצט דעם דיל, קליינ־טשיקע ריטשקעלעך געל־ברודיק וואַסער צעשווימען זיך רחבותדיק און נעסטן זיך איין אונטער די ראַגאָזשעס און דאָס ביסל שמאַטע־אָרעמקייט פון די קאַלכאָזניקעס ווערט צעווייקט...

— אַ טײַערע זאַך — רופט זיך אָן יאַנקל אויפן קול, און זײַן שטימע צעקלינגט זיך אַזוי מונטער איבער דער צעווייקטער מיט געלבלעכע פלעקן באַצירטער קיביטקע — אונדזערע בייס־חייהלעך ווייקן זיך, אַ שיינע ריי־נע כּפּרה אויף זיי. זאָלן זיי אויך פילן דעם טעם פון געהאַקטע צרות. זיי האָבן זיך צופיל אָנגעוואַרעמט און אײַנגעפּרייעט אין אונדזערע לאַכעס. זאָלן זיי איצט כאַפּן אַ שווים און אַ ציטער. אויף אַלעמען און צו אַלעם קומט אַ סוף.

אַ הילכיק געלעכטער האָט זיך אויסגעמישט צום טאַקט פון די קלאַפּנ־דיקע רעגן־טראָפּנס איבערן פלאַכן דאַך פון דער קיביטקע.

* * *

— איז טאַקע היינט הוליע קבצן. אויב יום־טוב, דאַרף מען די פרייע צייט אויסנוצן — פאַרכלינעט זיך יאַנקל גראָס. אין קיביטקע איז שווער צו בלייבן. די ערד איז וואַזשנע צעווייקט און עס איז נישטאָ ווו צו זיצן, לייג איך פאָר אַריבערצוגיין פון דער קיביטקע אין דעם פּרעכטיקן פאַר־יתומטן וואַגאָן פון דער ווילנער באַן־דירעקציע, וואָס שטייט אויף דער זייטן־ליניע און זעט אויס ווי אַ לעגענדאַרער פּאַלאַץ פון טויזנט און איין נאַכט. דאָרט איז טרוקן און דער עיקר עס איז פאַראַן אַ באַנק. אין קי־ביטקע דאַרף מען זיצן אויף דער ערד, אַ באַנק שמעקט מיט אייראָפּע און דאָ איז עס נישט מאָדערן, דאָ האַלט מען נישט דערפון.

קוים זיך דורכגעשלעפּט דורך דער צעווייקטער ערד, מיט סכנות נפשות זיך דערשלעפּט און זיך אַרײַנבאַקומען אין וואַגאָן.

יאַנקל האָט נאָך מיטגעשלעפּט מיט זיך אויסער זיין חבר בערל רו־בינשטיין דעם אַלטן אוזבעק ראַכמאַטאָוו, זאָל ער זען דער אַזיאַט, ווי שיין און עלעגאַנט ער זיצט אויף אַ באַנק און זאָל ער וויסן ס'אַראַ שיינע וואַגאָנען מיר האָבן אַמאָל, נישט היינט געדאַכט, פאַרמאָגט...

יאַנקל גראָס האָט זיך בנעימותדיק אויסגעצויגן אויף דער שיין פּאָ־לירטער און נאָך מיט פרישער פּאַרב שמעקנדיקער וואַגאָן־באַנק, פאַררוי־כערט אַ מאַכאָרקעלע, אַרויסגעלאָזט דעם בלוילעכן רויך און מעשה תקיף אַ זאָג געטון:

— סמאָטרי אַקאַ, זעסט וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, ראַכמאַטאָוו, ביי אונדז זענען אַלע וואַגאָנען געווען אַזעלכע שיינע.

ראַכמאַטאָוו האָט באַטראַכט דעם וואַגאָן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פון התפּעלות און געשוויגן.

— אָ, איצט איז טאַקע גוט — האָט זיך אָנגערופן גראָס — ס'איז טרוקן אַ מחיה דאָ אין וואַגאָן, נאָך דערצו אַז ער איז אַן אונדזעריקער. ס'שמעקט מיט היים, מיט היימישקייט. איר ווייסט, רעביאַטאַ, וועגן וואָס עס טראַכט זיך איצט, אין אַזאַ פּאַסקודנעם רעגנדיקן וועטער? עס איז גוט צו טראַכטן וועגן זון און לבנה. מיר דאַכט זיך אַז דאָ איז גאָר אַן אַנ־דערע זון, אַן אַנדערע לבנה. זאָלן מיר די אַסטראָנאָמען נישט פּרווון איינ־רעדן, אַז די זון און די לבנה איז איינע איבער דער גאַנצער וועלט. אַ נעכ־טיקער טאָג. איך גלייב זיי נישט. דאָ שיינט די זון אַנדערש. דאָ בריט זי און פּרייעט אויס די גלידער און פאַרשווייסיקט ביז עקל דעם גוף. ביי אונדז האָט זי געשיינט מחיהדיק, אַ פאַרגעניגן. דאָ דאַרף מען זי נישט. ווער פרייט זיך מיט איר? די לבנה איז אויך נישט בעסער. ביי אונדז איז זי געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט, זי איז געקומען מיט ראָמאַנטישער סודות־דיקייט און שעלמיש צוגעוווּנקען צו די פאַרליבטע פּאָרלעך, היינט שווימט זי איבערן הימל אַזאַ סודותפולע, אָבער מיט אַנדערע פּאָרדעכטיקע סודות, פאַרעטערישע. ווער קוקט זיך אום אויף איר, ווען מען לאָקט איר פאַר־בלייכטע שיינקייט, אויסער אפשר דער זאַמדיקער וואָדאָכראַנילישטשע און דעם געל־אָפּגעקראָכן־אויסגעדאַרטן הינטל, וואָס צעבילט זיך אַ הונגערי־קער אַקעגן איר, מיינענדיק, אַז זי וועט אים צוואַרפן אַ פעטן ביין.

— לאָז אָפּ מיט דיינע ווילדע שטיק — האָט זיך אָנגערופן בערל רובינשטיין — דו האָסט זיך שוין נישט מיט וואָס צו פאַרנעמען. אָט זעסטו, יאַנקל, אין דעם וואַגאָן וואָלט זיך געפּאַסט צו זיצן ביי אַ גאַנצן לעבל ברויט. און האָבן איינמאָל אין לעבן דאָס אַלטע פאַרגעניגן צו שניידן פרישע פּעניצער מיט אַ שאַרפן מעסער און עסן, און פילן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַ זאַטקייט, אָבער ווייסט דאָך, אַזאַ גוטע רואיקע זאַטקייט. און דאַן מעג די זון פרייען דעם גוף וויפל נאָר זי וויל, מעג די לבנה שעל־מיש ווי אַן ענקאַוועדיסטקע אַריינקוקן אין פענצטער, און מעג דער הימל זיך צעוויינען מיט אַ טריבער רעגנדיקייט. אַלצאיינס. זעט איר רעביאַטאַ, אָט די פילאָזאָפיע פאַרשטיי איך, און אַפילו דער אַלטער ראַכמאַטאָוו, און אַלע אונדזערע קאַלכאָזניקעס. די פילאָזאָפיע וואָס קומט פון מאָגן קריכט אַריין שנעלער אין קאָפּ און מע פאַרדייעט עס לייכטער.

יאַנקל גראָס האָט צוגעבאָמקעט מיט פריידיקער הנאה.

* * *

גרויסע טראָפּנס רעגן האָבן זיך צעפּויקט איבער די מאַסיווע וואַגאָן־פענצטער, צעטענצלט איבערן פעסטן בלעכענעם דאַך, אויסשפּילנדיק אַ מעכטיקע טרויער־סימפאָניע אין דער צעכראַסטעטער און צעווייקטער ליי־מיקער ערד...

# אַלץ פאַרן שטיקל ברויט

יאַנקל גראָס האָט אַוואַנסירט. ער האָט זיך שוין אַביסל אונטערגע־לענט דאָס האַרץ. דער מאָגן האָט זיך באַרואיקט, פאַר דער גאַנצער צייט, זינט ער איז אויף דער וואָדאָכראַנילישטשע האָט ער נאָרמאַל באַקומען זיין ברויט־פּאַיאָק און די טעגלעכע זופּקע, ס׳איז אים געוועזן וואויל. וואָסי, וואָס דאַרף דען אַ קאָלכאָזניק מער?

האָט מען אים צוגעשטעלט פאַר אַ נאַפּאַרניק צום יונגן צאַדיקאָוו, אַ שיינער יונגינקער אוזבעקל פון אַ יאָר זיבעצן מיט אַ מילדן אָוואַלן שוואַרצחנעוודיקן פּנים, מיט אַ פּאָר העל־ליכטיקע אויגן, מיט שניידיק־שאַרפע ווייסע ציין אין זיין פיין געשניצטן מויל. אַ יונג מיט ביי־נער. דער עולם האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. מען האָט צענומען אַ באַן־ליניע און געדאַרפט אָפּרייניקן די שפּאַלעס.

אמת, צאַדיקאָוו איז אַביסל שטאַרקער און פעסטער פון גראָסן. קיין אידעאַלע גלייכע פּאָר זענען זיי נישט, אָבער עס גייט. יאָ, טאַקע ווי האָט יענער חכם דאָרט געזאָגט: טיערפּי קאָזאַק — אַטאַמאַנאָם בודיעש... האָט זיך טאַקע אונדזער „קאָזאַק" יאַנקל אויסגעליטן און אָנשטאָט ווערן אַן אַטאַמאַן, אָדער כאָטש אַ בריגאַדיר ווי קאַגראַמאַנאָוו, האָט ער געשלעפּט שווערע שפּאַלעס. אָבער נישקשה, אַ לעבעדיקער מענטש און דערצו נאָך אַ קאָלכאָזניק קאָן אַלץ איבערלעבן און דורכמאַכן, וואָרום, ווו שטייט עס געשריבן אין דער תורה, אַז ס׳זאָל זיין אַנדערש. אַזוי איז אויך גוט.

יאַנקל קאָלכאָזניק האָט זיך אויסגעמענטשלט. מען האָט באמת גע־האַט אַן איינדרוק, אַז ער שטאַמט פון דור דורות קאָלכאָזניקעס, אַז זיין טאַטע און זיידע און עלטער־זיידע האָבן אויסגעטראַכט די דאָזיקע טייערע דערפינדונג פאַר דער מענטשהייט, ווי עס זענען די קאָלכאָזן, און דער זון און אייניקל איז אַריינגעראָטן אין זיי.

אָבער פריער די פאַרמאַטערטע און אויסגעפּייניקטע קאָלכאָזניקעס און דערנאָך דער אויסגעוואָרצלטער יאַנקל און די גאַנצע פרייע וועלט,

ווייסן, אַז זיי זענען נישט שולדיק אין דער דאָזיקער פּלאָג. דאָס האָבן ער־געץ רואיקע און זאַטע מענטשעלעך מיט ווייסע אויסגעפּוכלטע הענטעלעך, מיט אויסגעגאָלטע קעפּ און געדיכטע וואָנסעלעך פאַרשאַרצטע אויף אַרויף אָנגענומען דעם באַשלוס און איינגעשפּאַנט אַ וועלט מיט מענטשן אין דאָזיקן שווערן און ביטערן יאָך...

ווי האָט יענער לץ געפרעגט: וואָס איז דער אונטערשייד פון כל־נדרי ביז קאָלכאָז, און געענטפערט, אַז ביי כל־נדרי פאַסט מען אַ גאַנצן טאָג און אין קאָלכאָז אַ גאַנץ יאָר. אַבי מע געוויינט זיך צו...

* * *

אַבי מען האַלט שוין באַלד ביים סוף. די מלחמה גייט שוין באַלד צו ענדע און עס איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז עס וועט בעסער ווערן. יאַנקל האָט שוין געמאַכט דעם חשבון:

— ווייסט אַקאַ — רופט ער זיך אָן צו צאַדיקאָוון — לאָמיר זיך אַביסל צוזעצן אויף אַ זאַקורקי [1] און אַ חשבון טון וויפל קילאָ ברויט מ׳יר דאַרפן נאָך אויפעסן, ביזן סוף פון דער מלחמה.

— דיר איז גוט צו חשבונען — ענטפערט אים צאַדיקאָוו — דו וועסט אפשר נאָך דער מלחמה אַוועק פון אונדז און מ׳יר, וועלן שוין אָפּ־פינצטערן דאָס פעקל בידנע יאָרן.

— אוי, גוטער ברודער — האָט יאַנקל אָפּגעזיפצט — ביז אַלץ וועט זיך שוין ענדיקן, וועט נאָך נישט איין אַריק מיט וואַסער אָפּפליסן און אונדז פאַרגיסן מיט מוטנער פליסיקייט.

— דאַ, דאַ, טאָוואַרישטש — האָט צאַדיקאָוו צוגעבאָמקעט.

— ווייסט, עפּעס מאָדנע — האָט זיך יאַנקל אָנגערופן — עס טראַכט זיך שוין ווידער. אַ מאָדנע זאַך, דאָ זאָגן אַלע צו מיר: וואָס טראַכסטו, וואָס זאָרגסטו, עס איז שוין דאָ ווער עס זאָל פאַר דיר טראַכטן, אונדזער רע־גירונג טראַכט שוין פאַר דיינעטוועגן און אויף להכעיס ווילן דווקא מיינע געדאַנקען ווערן קאָנטררעוואָלוציאָנערן. און לעבן ווילט זיך אַ שרעק.

[1] צום פאַרויכערן.

כאָטש וואָס איז די נפקא־מינה פון אַזאַ לעבן ביזן טויט. כמעט גאָרנישט פאַראַן קיין אונטערשייד. אָט האָט זיך גוט צו צאַדיקאָוו און פאַרשטיי: דו ביסט אַלט אַ יאָר זיבעצן און איך שוין פינף און צוואַנציק, דו זיצסט אויף אַן אָרט און שוין, אַ וואָרעם אַז ער קריכט אַריין אין כריין, מיינט ער אַז ס'איז זיס. איך האָב פאַר דער צייט פאַרלוירן אַלץ, פאַרלוירן מ'יין מענטשלעכן פּרצוף און אויב טראַכטן, טראַכט איך נאָר וועגן עסן, הערסט, ווען האָט אַן אונדזעריקער געדעדט וועגן אַזאַ נאַרישקייט, און היינט איז דאָס גאַנצע לעבן געבויט אויפן עסן.

צאַדיקאָוו האָט פאַרויכערט און זיך צוגעהערט.

— הערסט — האָט זיך יאַנקל פאַרקוקט אויף אַ שוואַרץ וואָלקנדל וואָס האָט אומגעשוועבט איבערן האָריזאָנט — עס ווילט זיך לעבן און דערלעבן און איבערלעבן. כאָטש אַ שענערן פון מיר לייגט מען שוין אַריין אין דער אדמה. דאָ עסן מיר ווערעם און נאָכן טויט וועלן זיי מיך עסן, נאָר מיט דעם אונטערשייד וואָס איצט פיל איך אַז זיי עסן מיך לעבעדי־קערהייט...

* * *

די זון האָט זיך געזעצט הינטער די בערג. אַ מחיהדיק פריש ווינטל האָט אַ בלאָז געטון און אויסגעטרונקען דעם שווייס פון יאַנקלס פּנים.

די פּלייצע האָט אים געשטאָכן פון אַ גאַנצן טאָג שלעפּן אויף זיך די שווערע שפּאַלעס. אויפן האַרצן אַזאַ ביטערקייט, און אין דער נשמה אַ פּוסטקייט.

אין דער קאַלכאָזנער קיביטקע האָט נאָך אַלץ געאַווירט מיט טוכלער אַנגעצויגנקייט. דער נעכטיקער רעגן האָט געלאָזט גרויסע שוואַרצע פלעקן אויף די ווענט און אַ צעיוירנקייט אויפן סופיט. די זאַכן זענען געלעגן אַנגעוואָרפן אין אַ קופּע. פון קיכל האָט זיך געריזלט אַ פאַרע פון פריש געקאָכטן געקעכטס.

די מידע קאַלכאָזניקעס זענען געזעסן מיט די פיס הינטער זיך און געוואַרט אויפן בעסטן מאָמענט פון זייער לעבן: צוכאַפּן צו דער שיסל עסן און נאָכדעם פאַלן מידע אויף דער פייכטער ראָגאָזשע.

דער בריגאַדיר קאַגראַמאַנאָוו, האָט זיך געפּאָרעט ביי זיין געלעגער און געוואָרטשעט. ער האָט באַקומען אַ פאָרוואורף פון דער ליַיטונג, אַז זיין בריגאַדע שטייט אָפּ פון דער אַרבעט.

פאַרן עסן געבן האָט ער באַפוילן די בריגאַדע זיך אויסזעצן און אים אויסהערן, ער האָט מ׳יט שוים אויף די ליפּן זיך געוואָרפן זידלען און בייסן.

— מערזאַוועצי — האָט ער ווי אַ באַנומענער געשריגן — איר זענט פוילענצער און סאַבאָטאַזשניקעס. מיר גיבן אייך אַלץ. מיר זאָרגן פאַר אייך און איר מאַכט אַלע קונצן זיך אַרויסצודרייען פון דער אַרבעט. ווייטער וועט עס אַזוי נישט גיין, מיר וועלן פאַרקלענערן די ברויט־נאָרמע און איר וועט זדאָכניען פאַר הונגער.

אַ שטילשווייגן האָט געהערשט אין דער קיביטקע.

דער אַלטער אַטשיל לאַכמאַראַדאָוו, אַ זקן פון קרוב 70 יאָר, וואָס איז געלאָפן זוכן גל׳יקן אויף דער וואָדאָכראַנילישטשע פאַרן שטיקל ברויט האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס און מיט אַ פאַרלאָפן רויט פּנים פון כעס האָט ער מיט זיין אָן־ציינערדיקן מויל אָנגעהויבן שרייען:

— קאַק טעבי׳ע ני׳ע ווסטידנאָ, אַן אונדזער׳יקער זאָל ריידן אַזוי געמיין. וואָס האָבן מיר מער ווי דאָס פּיצל טרוקן שוואַרץ ליימיק ברויט. אין אַנדערע צייטן האָבן עס הינט נישט געגעסן און פון דעם גנבעסטו נאָך אַראָפּ אַ שפּאַר שטיקל, דיר איז נאָך אַלץ ווייניק, סוקין־סין, מיר איז שוין אַלצאיינס, איך האָב נישט פאַר וועמען מורא צו האָבן, אין מיין עלטער דאַרף איך שוין רואיק ליגן אין קבר, און נישט אויסציען דעם קליאַק פון מ׳יינע ביינער דאָ. געדענק קאַגראַמאַנאָוו, אַללאַ וועט דיך שטראָפן, ער האָט פיינט עוולות.

קאַגראַמאַנאָוו איז אָפּגעטראָטן און זיך אַוועקגעזעצט מיט פאַרבייל־טע פויסטן אויף זיין נאַרע און נאָך צוגעוואָרפן:

— מאַלטשי, שווייג אַלטער נאַר, מאָרגן פרי פאָרסטו צוריק אין קאָל־כאָז, קיין אַלטע און נאַרישע בונטאָוושטשיקעס דאַרפן מיר דאָ נישט און דאָרט וועט מען שוין מיט דיר אַלץ דערליידיקן...

* * *

דער פאַרעדיקער זופּ האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן חלל פון דער קי־ביטקע, שטיל האָט דער עולם געזשאַמקעט דאָס עסן. אַ שווערע שטימונג האָט געהערשט.

— איך פּאָר מאָרגן אויך אַוועק פון דאַנען צוריק אין קאָלכאָז — האָט יאַנקל געזאָגט זיין חבר בערל — קום פאָר אויך, מ׳יט אָט דעם חברה־מאַן וועט שוין זיין שווער צו אַרבעטן. אונדזער כפרה זאָל ער זיין.

שטיל, איינער האָט נישט גערעדט צום צווייטן. אַ שווערע געדריקטע שטימונג האָט אַלעמען אַרומגענומען.

די שטראָף־רייד פון אַלטן אַטשיל לאַכמאַראַדאָוו האָט גענאָגט און געטאָטשעט. קיינער האָט רואיק נישט געקאָנט איינליגן אויפן געלעגער.

לאַנגע אימהדיקע שאָטנס האָבן זיך צעצויגן איבער די ווענט און נאָך פיינלעכער און אימהדיקער געמאַכט די שווערע נאַכטיקע שלאָפלאָ־זיקייט.

ערגעצווו האָבן זיך דאָרט צווישן די בערג־שפּאַלטן צעוויינט מיט אַ פיינלעכן געוואָי די שאַקאַלן אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון די הונגע־ריקע הינט...

# בײם קאַנאַל

גרילצנדיקע פּאַנפּאַרן־שאַלן האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דער כראָ־פּענדיקער זעמליאַנקע, וואָס האָט אײַנגעטוליעט אין איר ענגשאַפט אַכצן צעקנוידערטע גופים.

— העי, רעביאַטאַ! — האָט מיט אַ פאַרשלאָפענער שטים אַראָפּגעשריגן פון זײַן באַקוועמער נאַרע, דער בריגאַדיר ראַכמאַנאָוו.

אַ שטילער פליסטער האָט זיך דורכגעטראָגן אין דער פינצטערניש פון דער זעמליאַנקע.

— צו דער אַרבעט! ס׳איז שוין שפּעט! — האָט דער בריגאַדיר געשריגן ווי אַ באַנומענער, ליגנדיק אויף דער ווײכער באַקוועמער נאַרע.

אײַנציקווײַז האָט די צעקנוידערטע מענטשן־מאַסע זיך אַ ריר געטאָן. אײנער נאָכן אַנדערן האָט זיך דער עולם אַרויסגערוקט דורך דער נידעריקער טיר־לאָך און פאַרשוווּנדן אין דער גראָקײט פון שטילן פרימאָרגן, אין גרויסן ברײטן סטעפּ.

מיט די קיטמענעס [1] אויף די פּלײצעס האָבן זײ האַלב־פאַרשלאָפענע געכאַפּט אַ ציטער אין דער פרימאָרגנדיקער קעלט. נישט אויסגערוטע האָט מען שלאָבעריק געשלעפּט די מידע פיס אין די האַלב־צעריסענע שטיוואַלעס אַרויפגעצויגן אויף נאָך נישט אויסגעטריקנטע פאָרטיאַנקעס.

די בלײכע לבנה האָט מיט אויסגעקרימטע אויגן, ווי אַ מיד־פאַרפּײַניקטע געזוכט צו אַנטרינען בײַם ראַנד פון פאַרשמאַכטן און פאַרשרפּהטן סטעפּ.

סטאַדעס קאָלכאָזנע באַראַנעס מיט פעטע אַראָפּהענגענדיקע קורדיוקעס [2] האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער בידנער פּאַשע און זיך געצויגן צום משופּעדיקן באַרג־אַרויף. אויף זײַן אײַנגעהויקערטן רוקן האָבן זיך

---

[1] רידלען צו גראָבן ערד.

[2] פעטע, ברײטע עקן.

מיט גרויס מי אַרויפגעדראַפּעט די אַכצן קאַלכאָזניקעס צו זייער אַרבעט־פּלאַץ ביים בויען דעם אורטאַ־אַולסקי סעווערני טאַשקענטסקי קאַנאַל[3].

* * *

ווי אַ מוראַשניק האָט געררוישט דער אַרבעט־פּלאַץ, ווו עס איז געגראָבן געוואָרן אַ קאַנאַל צו באַוואַסערן דעם סטעפּ. טויזנטער מענטשן האָבן מ׳יט קיטמענעס געגראָבן דעם ליימיק־האַרטן באָדן און אויף הענ־געגדיקע הילצערנע פּלעצאַקעס אויף איינגעהויקערטע פּלייצעס געשפּאַנט פון די טיפענישן פון קאַנאַל אַרויס פופציק מעטער ווייט אָפּצושיטן דעם זאַמד.

אינעם ברייטן סטעפּ האָט אָפּגעהילכט די האַקעריי פון די קיטמע־נעס. דער אויפזעער האָט שפּאַצירט ביים ראַנד פון קאַנאַל און צוגעגוקעט:

— רעביאַטאַ, סקאָרעי! סקאָרעי[4]! אַרבעט שנעלער, מיר זענען שוין היפּש פאַרשפּעטיקט אין דער אַרבעט.

אַן אָפּגעהאַקטער געפּליסטער, וואָס האָט זיך פאַרלוירן אין דער טיפ־קייט פון קאַנאַל האָט רעאַגירט.

דער אוקראַינער סערגיי פּוזענקאָ וואָס איז געשטאַנען אין די טיפע־נישן פון קאַנאַל אַן איינגעהויקערטער באַלויכטן פון די אָקערשט אויפ־גייענדיקע זון־שטראַלן, האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן:

— אַרבעט שנעלער, חבר אויפזעער — האָט ער סאַרקאַסטיש אַ לאַך געטאָן אין דער ברייטער קודלעוואַטער באָרד זיינער — נו, און כוח? חברל, ווו נעמט מען כוחות?

— ניע ראַזגאַוואַריוואַי! מאַלטשי, טי סוקין־סין[5] — האָט דער אויפ־זעער, אַ הויכער בייזער אוזבעק, ווי אַ באַנומענער זיך צעשריגן. — פּאַד

---

[3] נאָמען פון דער געגנט, ווו דער קאַנאַל איז געגראָבן געוואָרן.
[4] חברה, שנעלער!
[5] נישט ריידן, שווייג.

סוד פֿאַידיאָש! [6] איך וועל דיך אַרייַנוואַרפֿן אין תּפֿיסה און דיך אויס־לערנען ווי אַזוי זיך אויסצוטענהן מיט דער סאָוויעטסקי וולאַסט!

דער גאַנצער עולם האָט אייַנגעהאַלטן דעם אָטעם און זיך צוגעהערט צום ווערטער־געפּעכט.

פּוזענקאָ האָט זיך אַנגעשפּאַרט אויפֿן קיטמען ווי אַ רעזיגנירטער און שטיל אַרויסגעהעשעט:

— ס'איז מיר אַלצאַיינס, חברל! אַלצאַיינס. סטראַשע נישט, נישט דו פֿאַרטרעטסט די סאָוויעטסקי וולאַסט, די מאַכט ווייסט נישט דערוועגן. יאָגסט צו דער אַרבעט, לאָזסט נישט דעם אָטעם אָפּכאַפּן, און וועגן עסן פֿאַר אונדז זאָרגסטו נישט. די נאָרמע ברויט שטעלסטו צו דער צייט נישט צו. און פֿון וואַנען זאָל זיין כּוח? האַ, חבר!

— איך וועל דיר באַווייזן בונטאָווטשיק! איך וועל דיר שוין אָב־לערנען פֿאַר דיין חוצפּה — האָט דער אויפֿזעער, אַן אויפֿגערעגטער מיט אַ פֿאַרלאָפֿן רויט־אַנגעזויפּטן פּנים, אַוועקגעשפּרייזט איבערן וועג.

* * *

פּוזענקאָ האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ גרודע ערד און זיך קאָנוול־סיוו געטרייסלט. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן:

— אַזאַ מערזאָוויעץ, אַזאַ ווילדע בריאה. אים איז גוט, ער שפּאַ־צירט אַרום אַ זאַטער, אַן אַנגעפּרעסענער און ראָזקאַזעוועט [7]. און איך דאַרף אַ הונגעריקער, אַ צעפּרעסענער פֿון לייז, שטיין פֿון זון־אויפֿגאַנג ביז זון־פֿאַרגאַנג און אַרבעטן. ס'איז מיר שוין אַלצאַיינס. אין תּפֿיסה אַרבעט מען נישט אַזוי שווער און מען טרייבט נאָך אַרויס אין באָד אַריין. דאָ איז דאָך נאָך ערגער פֿון קאַטאָרגע.

די קאָלכאָזניקעס האָבן זייטיק געבליקט צו פּוזענקאָן, לייכט צוגעע־שאָקלט מיט די קעפּ און געשוויגן.

[6] אין געריכט וועסטו גיין.
[7] באַפֿעלט.

## ב. טערקעל

די קיטמענעס האָבן זיך ווידער איינגעגראָבן אינעם האַרטן באָדן און שלאָבעריק האָט זיך די אַרבעט געצויגן ווייטער.

די זון האָט זיך אַ בריענדיקע ווי אַ פייער־לאַווינע אַריינגעוואָרפן אין די טיפענישן פון קאַנאַל און צעפרייעט די שמוציק־פּאַרלייזיקטע פּור־פייקעס. עמערס שווייס האָט זיך געגאָסן פון די פאַרוואַקסענע פּנימער.

מען האָט געבראַכט די נאָרמע ברויט און יעדער איינער האָט זיך צוגעכאַפּט צום עסן.

איינער בלויז אַ יונגער אוזבעק פון פּושקין־קאָלכאָז האָט זיינע 800 גראַם ברויט איינגעוויקלט אין אַ שמוציק טיכל, עס באַהאַלטן אין זיין פּופייקע און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד.

— פאַרוואָס עסטו נישט? — האָט אים פּוזענקאָ אַ פרעג געטאָן, אָפּווישנדיק די ליפּן נאָכן צונויפקלייבן די ברעקלעך פונעם ברויט.

— איך עס שוין נישט דעם צווייטן טאָג. איך פאַרטראָג נישט קיין עסן. איך האָב אַ קרוואַוון פּאָנאָס [8], — האָט דער יונגער אוזבעק קוים אַרויסגעשטאַמלט.

— ניטשעוואָ, ניע פּאַדאָכניעש [9]! — האָט זיך ביטער אַ וויצל געטאָן דער אַלטער קאַגראַמאַנאָוו, אַ גוטמוטיקער אַלטיטשקער, וואָס נעמט אויף אַלץ מיט לייכטקייט — וועסט נישט פּגרן! אַן אונדזעריקער קאָן אַלץ אויסהאַלטן. פּריוויקניעש [10], וועסט זיך צוגעוווינען, וועסט ווערן געזונט. אָבער דערפאַר וועסטו האָבן אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר פּאַיקעס ברויט — האָט ער שוין דאַסמאָל מיט קנאה באַטראַכט דעם קראַנקן.

— גיב אַכטונג, באַהאַלט אויס גוט דאָס ברויט, מען זאָל עס דיר נישט צוגנבענען — האָט אים פּוזענקאָ געוואָרנט.

* * *

די גאַנצע אַכצן־פּערזאָניקע בריגאַדע, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו

---

[8] בלוט־דיזענטעריע.
[9] וועסט נישט פּגרן.
[10] וועסט זיך צוגעווינען.

העלפן בויען דעם קאַנאַל אין אורטאַ־אַאול, איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון דריי שכנותדיקע קאָלכאָזן אויף די נעמען פון פושקין, סטאַלין און קאַגאַנאָוויטש. שוין דריי חדשים ווי די בריגאַדע אַרבעט און ווינט אין אַן אייגנהענטיק אויסגעגראָבענער זעמליאַנקע אונטער אַ באַרג. אַ טיפע גרוב ווי אַ לעבעדיקער קבר. פון פריען פרימאָרגן ביז שפּעט נאָכן זון־פאַרגאַנג ווערן מיט מי און פּיין געגראָבן מעטער נאָך מעטער. טיפער און ברייטער ווערט דער קאַנאַל וואָס וועט באַוואַסערן און באַפרוכפּערן דעם הונגעריקן סטעפּ.

ביינאַכט עסט די בריגאַדע אין געאייל, שוין מיט האַלב־פאַרשלאָ־פענע אויגן, די איינציקע שיטערע זופּ. און אין אָנטועכץ, פאַרוויקלט און פאַרפלאָנטערט גוף אין גוף, פּיס פאַרוואָרפן איינער אויפן צווייטן און באַפאַלן פון מחנות לייז, פון אַלע גרויסן און קאָלירן, וואָס קריכן חוצפה־דיק פאַרשייטע אין אַלע אָפענע און פאַרבאָרגענע ערטער פונעם מענטש־לעכן גוף. זיך קראַצנדיק, וואַרפנדיק און פרייכנדיק, ווערן זיי מידע איינגעשלאָפן ביז די גרילצנדיקע פאָנפאַרן־שאַלן וועקן זיי ווידער צו דער אַרבעט.

* * *

אינעם קאַנאַל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ גאַנצע דעלעגאַציע, מיטן אויפזעער בראש.

— פוזענקאָ! — האָט אויסגעשריגן אַ באַבייכלטער פאַרשוין מיט ווייס־אויסגעקעכלטע הענט, — קטאָ זדיעס פוזענקאָ[11]?

— יאָ, — האָט זיך פוזענקאָ אויסגעגלייכט און אַראָפּגענומען דעם פלעצאַק פון זיין איינגעהויקערטער פלייצע.

— ווי וואַגסטו צו רעדן אַזוי קעגן דער וולאַסט, דו מערזאַוויעץ — האָט זיך דער פאַרשוין צעשריגן ווי אַ באַנומענער — דו גייסט מיר בונ־טעווען די אַרבעטער.

פוזענקאָ האָט אויפגעהויבן די אויגן און אַדורכגענומען די גאַנ־

[11] ווער איז פוזענקאָ?

צו דעלעגאַציע, וואָס איז געשטאַנען אַ רואיקע און זעלבסטצופרידענע, מיט אַ שאַרפן בליק און האָט זיך אָפּגערופן:

— הייסט עס בונטעווען, דאַן ווען דער אויפזעער זאָרגט נישט פאַר אונדז און יאָגט אומאויפהערלעך צו דער אַרבעט. צי קאָנען מענטשן לעבן אין אַזעלכע שוידערלעכע באַדינגונגען... שוין דריי חדשים, נישט געווען אין באָד, ווי קען מען עס אויסהאַלטן? בייטאָג אַרבעטן און ביינאַכט זיך קראַצן ביז בלוט. פאַרוואָס קומט נישט קיינער אַ קוק טאָן ווי מיר לעבן?

— מאָלטשי[12] — האָט זיך דאָס בייכל ביים פאַרשוין געוואָרפן ווי אין קאָנוולסיעס און דאָס פּנים איז נאָך רויטער געוואָרן. אין זיינע גלאַנציק געפּוצטע שטיוועלעך האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די זון, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט טיפער הינטער די זאַמדיקע בערגלעך.

— קום מיט אונדז — האָט ער אַ כעסיקער אויסגעהעשעט — מיר וועלן דיר באַווייזן ווי אַזוי צו רעדן קעגן אונדז.

פּוזענקאָ האָט זיך אויסגעגלייכט, אַ בליק געטאָן אויף זיינע אַרבעט־חברים מיט אַ פאַרנעפּלטן גלאַנץ אין די אויגן און אַ גלייכגילטיקער פאַר־לאָזט דעם קאַנאַל, באַגלייט פון דער גאַנצער דעלעגאַציע.

* * *

די זון האָט מיט אירע לעצטע בלאַסע שטראַלן באַלויכטן דעם עק פון סטעפּ און צונטער־רויט באַפאַרבט די גרודעס ערד.

מידע, קוים זיך אויף די פיס האַלטנדיק, זענען טויזנטער מענטשן אַרויסגעקראָכן פון די טיף־אויסגעגראָבענע קאַנאַלן, וואָס האָבן זיך גע־צויגן טויזנטער מעטער ווייט און געשפּרייזט צו זייערע זעמליאַנקעס.

מיט טיפער מרה־שחורה האָבן זיך געצויגן פּוזענקאָס אַרבעט־חברים, באַהערשט פון זאָרג פאַרן גורל פון זייער חבר.

פאַר דער זעמליאַנקע איז פונאַנדערגעלייגט געוואָרן אַ גרויסער קאָס־טיאָר[13] און דער בריגאַדיר האָט באַפוילן:

---

12 שווייג.

13 פייער.

— טוט זיך שנעל אויס! נעמט אייערע זאַכן און טרייסלט זיי אויס איבערן פייער, וועלן מיר פטור ווערן פון די לייז.

אַלע האָבן דערשטוינט זיך איבערגעקוקט און דער אַלטער קאַגראַ־מאַנאָוו האָט זיך ווי זיין שטייגער אַ וויצל געטאָן:

— זיי האָבן אויסגעראַמט פּוזענקאָן און מיר וועלן אויסראַמען די כנים. פּוזענקאָ וועט זיכער ווערן אויסגערוימט — אונדזערע לייז זענען אָבער שטאַרקער פון זיי.

מיט אַן איינגעהאַלטן פאַרבאָרגן שמייכל איז די בריגאַדע געשטאַ־נען אינגאַנצן נאַקעט און געשאָקלט זייערע אַלטע טראַנטעס איבערן רויטן קאַסטיאָר, וואָס האָט אָנגעצונדן דעם גאַנצן סטעפּ...

# קאַגאַנאָוויטש קאָלכאָז

נישט ווייט פון באָלשאָי־אַריק[1], שלענגלט זיך דער וועג, וואָס פירט צום פושקין־קאָלכאָז, וואָס געהערט צום קאַטאַ־קורגאַנסקי, אַריקסקי סעל־סאָוויעט[2] און באַלד דערנעבן אַן ערד אַ קילאָמעטער צוויי ליגט דער סטאַ־לין־קאָלכאָז, און אין שכנות פון אים דער קאַגאַנאָוויטש־קאָלכאָז. די אַלע דריי קאָלכאָזן געהערן צום זעלבן סעלסאָוויעט.

אָבער זיי אונטערשיידן זיך פולשטענדיק אין אַלץ און אַלעם איינער פון אַנדערן. אין פושקין־קאָלכאָז ווערט נאָר געפלעגט דער וואַטע־צוכט און ער איז אַן אָרעמאַן אין זיבן פאָלעס. דער סטאַלין־קאָלכאָז, כאָטש ער טראָגט אַ נאָמען פון אַ גאָר גרויסן, איז אויך לאָ עליכמדיק געשלאָגן אויף דער קעשענע, דערפאַר איז טאַקע דער קאַגאַנאָוויטש־קאָלכאָז אַ מיליאָ־נער. אין די הויכע פענצטער רופט מען אים: קאָלכאָז־מיליאָנער. אפנים, אַז אויך די סאַמאָראָדנע סאָציאַליסטן שעמען זיך נישט צו טיטולירן אַ קאָלכאָז מיט אַזאַ ווילקלינגעוודיקן נאָמען ווי מיליאָנער. וואַרשיינלעך, אַז געלט און אַ סך געלט, שפילט דאָ אויך אַ ראָלע.

פאַרוואָס איז דער קאַגאַנאָוויטש־קאָלכאָז אַ מיליאָנער? אַ פשוטע מעשה, ער איז באַשאָנקען געוואָרן פון דער נאַטור מיט אַ סך גוטע תבואה־פעלדער און דער עיקר מיט אַ שפע פון פירות מכל־המינים. פון אַלץ וואָס נאָר אַ פאַנטאַזיע קאָן זיך אויסמאָלן וואַקסט דאָרט. און פרוכטן קאָסטן נישט אַזוי טייער, דער עולם איז הונגעריק און עסן דאַרף מען, איז קויפט מען און מען פאַרקויפט און אין קאַסע פאַלן אַריין אַ סך רובלס. וויפל מען זאָל נישט גנבענען און שלעפן מוז עפעס בלייבן אין דער קאַסע פון קאָל־כאָז און עס בלייבט אַזויפיל, אַז מען קאָן באמת מיט שטאָלץ טיטולירן דעם קאַגאַנאָוויטש־קאָלכאָז — מיליאָנער.

---

[1] גרויסער וואַסער־קאַנאַל.

[2] נאָמען פון דאָרפראַט.

## ב. טערקעל

### און ווי זעען אויס די מיליאָנערן פון קאַגאַנאָוויטש־קאָלכאָז?

אויסגעהושכטע, פאַרצערטע און אויסגעדאַרטע אוזבעקן מיט אוז־בעטשקעס; פאַרשמאָדערטע קליינינקע שוואַרצע אוזבעקעלעך מיט שיינע גלאַנציקע אויגן, מיט שוואַרץ־פאַרברענטע פנימער, נאָך שוואַרצער און קויטיקער פון דער בלאָטע. מ'דראַף גאָר נישט זיין קיין גרויסער מבין צו זען, אַז ס'איז זיי נעבעך טרויעריק און ביטער, אַז זיי זענען הונגעריק, נאַקעט און באָרוועס, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן ווי די אמתע שפּאַנאַ[3].

קאָן דאָך פּלוצים קומען אַ קלוגער און פרעגן: וואָס הייסט, זיי זענען הונגעריק? ווי איז עס מעגלעך?

איז טאַקע קלאָר וואָס מען זאָגט, אַז קרעפּלעך עסן ווערט אויך דער־עסן. מיט קרעפּלעך אַליין קאָן מען זאַט נישט זיין. מען דאַרף האָבן דערצו ברויט און פון עסן כסדר פּרוכטן באַקומט מען אַ קרוואַוון פּאָנאָס[4], אַז אַפילו אַ טאָטער קאָן שוין אויך נישט העלפן. איז ווי נאָר אַזאַ קאָל־כאָזניק דערזעט אַ פּרי צום עסן — אַנטלויפט ער פון איר ווי אַ שד פאַר ווייַרויך.

גייען זיי אַרום אומעטיק און פאַרמרהשחורהט די קאָלכאָזניקעס. וואָס קומט זיי אַרויס דערפון, וואָס זייער קאָלכאָז איז אַ מיליאָנער, וואָס די מלוכה־קאָסע איז רייך, אַז זיי זענען אַזוי אָרעם, אָט טאַקע הויל־קאַטויל, ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט. ביי אַזאַ לאַגע איז אסור אַ וואָרט צו רעדן, און צו וואָס רעדן? אָ, ווען דאָס קאָן העלפן? אַז העלפן, העלפט עס אַזוי ווי אַ טויטן באַנקעס.

* * *

אַ קאָלכאָזניק באַקומט נישט קיין ברויט ווי אַלע בירגער אויף קאַרט־לעך אין די מאַגאַזינען. אַז מען אַרבעט אָפּ אַ גאַנץ יאָר און מע מאַכט סוף יאָר אַ באַלאַנס, וויפל עס זענען געבליבן פּראָדוקטן נאָכן אָפּגעבן דעם

[3] וואַגאַבונדן.

[4] בלוט־דיזענטעריע.

טייל דער מלוכה — ווערט עס צעטיילט יעדן לויט זיינע אַרבעט־טעג. דאָן האָט דער קאָלכאָזניק אויף אַ שטיקל צייט צו עסן. אַז די פּראָדוקטן לאָזן זיך אויס, טוט ער אַזוי ווי אַלע: ער קאָמבינירט, דרייט, גנבעט צוביסלעך פון די קאָלכאָזנע פעלדער, שלינגט אַראָפּ דעם ביסן צוגלייך מיטן שטענ־דיקן פּחד און לעבט זיך יאַקאָש אַזוי דורך דאָס יאָר.

אָבער פונדעסטוועגן איז נישט אַזוי שלעכט. דאָס לעבן איז שטאַר־קער און מעכטיקער פון אַלע רעוואָלוציעס און אויפטרייסלונגען. אַבי מען געוויינט זיך צו — גייט עס. מען קאָן זיך צוגעוווינען צו אַלץ, והראיה, אַ וואָרעם לעבט אויך.

* * *

איר האָט אַמאָל געזען הינט? איר האָט זיך אוודאי צוגעקוקט אויף שיין געפּלעגטע הינט ביי רייכע באַלעבאַטים און געזען ווי אַזוי מען פּיעש־טשעט זיי און מען קעכלט. איר האָט אָבער געדאַרפט אַ קוק טון אויף די קאָלכאָזנע הינט. דאָס איז אַזאַ מין ראַסע הינט, וואָס זענען נישט בנימצא אויפן גאַנצן ערד־קיילעך. עס דאַכט זיך אייך, אַז דאָס זענען הינט אויפן ערשטן אויגנבליק, מיטן גאַנצן הינטישן געשטעל, מיט שאַרפע פּאַרי־סענע ציין, מיט אַ פעל און מיט אַלע אַטריבוטן וואָס אַ הונט דאַרף האָבן. אָבער דער קאָלכאָזנער הונט איז נישט קיין הונט, ער קריכט שלאַבעריק, און פּחדנותדיק, מיט אַן אָפּגעצויגן צעבאַרעטע פעל מיט אַן אָפן מויל, אָבער אָן רציחה. בילן האָט ער שוין פאַרגעסן, די דאָזיקע בעסטע מלאכה האָט ער שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן. אויף וועמען זאָל ער בילן, אויף דער לבנה? די אַמאָליקע הינט האָבן געבילט אויף דער לבנה, זיי האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז די לבנה טוט זיי אָפּ אויף טערקיש און כאַפּט צו ביי זיי אַ פעטן ביסן. די היינטיקע לבנה, די קאָלכאָזנע האָט אַליין נישט וואָס צו עסן און דער הונט האָט נישט קיין כוח צו בילן. איז במילא שטיל אין די קאָלכאָזנע און אַרום די קאָלכאָזנע קיביטקעס. דער געוואָי פון הינט אין די נעכט אין די אַלט־באַקאַנטע היימישע דערפער איז אַנטשטומט. עס שווייגן אַלע. עס איז געקומען אַ שטומעניש אויף דער וועלט. נאָר בלויז די שאַקאַלן — שרייען נאָך דערוויל, ווייל זיי צעוואָיען זיך אין די היילן,

ווו קיין לעבעדיקער מענטש קאָן נישט צוקומען צו זיי. האָבן זיי נישט קיין מורא. שרייען זיי אויס זייער הונגער און פּראָטעסט אין די נעכט און נישטערן מיט די שנוקעס אויף די בית־עלמינס, אפשר וועלן זיי זיך קאָנען דערגראָבן אין דער טיפעניש פון אַ קבר און אָפּגריזשן אַ ביינדל.

די שאַקאַלן וויינען און יאָמערן אויס זייער ביטער געוויין אויף דער וועלט, וואָס האָט אַפילו פאַר זיי קיין שיריים נישט געלאָזט, נישט געהאַט אין זינען, אַז אויך די דאָזיקע גאָטס באַשעפענישן דאַרפן לעבן און עק־זיסטירן.

* * *

דער קאָלכאָז לעבט אַזוי אין זיין אייביקער שווייגעניש. די טראָפּנס שווייס פון די קאָלכאָזניקעס ביי דער אַרבעט מאַכן פעט די קאָלכאָזנע פעלדער און דער קאַגאַנאָוויטש־קאָלכאָז ווערט אַלץ רייכער. אין די הויכע פענצטער איז מען שטאָלץ דערויף, אַ קליניקייט, אַ יחסן אין דער משפּחה. אין אַלע רעדעס אין אַלע אַגיט־פּונקטן[5] ווערט גערעדט וועגן דער גרויס־קייט און רייכקייט פון קאָלכאָז. אויפן הויף פון דער אופראַוולעניע וואַלגערן זיך אין שמוץ קליינטשיקע אויזבעקעלעך מיט פּיטשעמאָנטשיקע אויזבעטש־קעלעך מיט שיין פאַרקעמטע צעפּעלעך, און זוכן מיט גיריקע אויגעלעך מיט עפּעס וואָס צו קאָנען איבערבייבן די ציין. זיי פאַרשטייען נישט אַפילו, די דאָזיקע קינדערלעך, און ווייסן נישט, אַז זיי זענען מיליאָנערס־קע קינדער, וואָס האָבן על פּי יושר געדאַרפט געכאָוועט ווערן ווי בני־מלכים, פאַרוויגט ווערן אין גאָלדענע בעטעלעך, טרינקען פויגל־מילך און עסן מאַרצעפּאַנעס. זיי וואָלטן איצט געוועז צופרידן ווען מען וואַרפט זיי צו אַ שטיקל שוואַרץ ברויט צו דער זעט.

קוקן זיי מיט ברייט־צעעפנטע פעך־שוואַרצע אויגעלעך אויף גאָטס וועלט און זוכן באַשייד.

זיי פאַרשטייען נישט נעבעך, די דאָזיקע קליינטשיקע מיליאָנערעלעך, זייער קאַבצאַנסקע דאַליע. זיי פילן בלויז אַ צופעניש אין מאָגן און אַ

5 אַגיטאַציע־קלובן.

געבּרום אין די געדערעמלעך, זיי פּילן אַ שוואַכקייט אין די פיסעלעך און די סלינע רינט זיי פון זייערע פּיסקעלעך...

און דאָרט ערגעצווו אין די הויכע פענצטער ליגט אַ קאַרטאָטעקע, אין וועלכער עס איז פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס: די רויטע אַרבעט־פאָן, פאַר ערלעכער סטאַכאַנאָווישער אַרבעט, האָט באַקומען דער קאַגאַנאָוויטש־קאָלכאָז פון קאַטאַ־קורגאַנסקי אריקסקי סעלסאָוויעט — דער קאָלכאָז־מיליאָנער...

# קאַראַבטשוק! [1]

— ווי לאַנג קאָן אַ מענטש הונגערן?

— איך ווייס, מומחים זאָגן, אַז אַ וואָך, און אַנדערע — מער, אַזוי לאַנג ביז מען ציט אויס די קאָפּיטעס און שוין, געענדיקט. אַדיע...

— און איך, — כוואַסטעוועט זיך יאַנקל גראָס פּאַר זיין שכן דעם אוזבעק פון פּושקין־קאָלכאָז — איך הונגער שוין אָט אַזוי עפּעס מער ווי צוויי יאָר און אַ נעכטיקער טאָג. עס שטאַרבט זיך נישט, כאָטש עס ווילט זיך שוין פּטור ווערן פונעם גאַנצן עסק, און ווי אויף צו להכעיס גייט עס נישט.

עפּעס אַ מאָדנע טבע האָט דער הונגער. וואָס מער דו הונגערסט, אַלץ מער ווילט זיך דיר עסן. איז דאָך דער מאָגן אַזאַ ווילער בחורעץ, מעגסט אין אים אַלץ אַריינלייגן. אַלץ פאַרדייט ער און שווייגט. טאָמער דער־שמעקט ער אָבער אין דיר אַ פוילענצער, אַ לאָ־יוצלח, הייבט ער אָן צו ברומען אינעווייניק און צו שפּילן — אַ שרעק. ער שפּילט אויף אַלע כלים. דאָן קוקט שוין יאַנקל אויף גאָרנישט, וואָס עס פאַלט אים אונטער דער האַנט, אַ צעפוילטער פּאָמידאָר, אַ צעקוועטשט הערצל פון אַן עפּל, פול מיט פליגן־קויט. און אַ כאַפּ טון עפּעס וואָס נישט איז פון מיסט־בערגל, עפּעס אַ מציאה, וואָס די הינט האָבן פאַרזען, איז אויך אַ קרן.

נישט געפערלעך. מע קאָן אַ מאָגן אויך צוגעוווינען. אַז מען קאָן דרעסירן בייזע חיות, מאַכן אַז הינט זאָלן טאַנצן אַ טאַנגאָ און מאַלפּעס זאָלן זיך פירן אַזוי לייטיש ווי מענטשן, קאָן מען אַ מאָגן, און דערצו אַ מאָגן פון אַ קאָלכאָזניק אויך אויסלערנען דרך ארץ. מען צוימט אַביסל זיין גיריקן אַפּעטיט, מען גיט אים איבער דער מאָרדע דעם זולל וסובאניק, מען הערט אים אויף צו באַלעווען און עס גייט אַ גאַנג. אַי, די הויט פונעם גוף ווערט איינגעשרומפּן ווי ביי אַ זקן, די פּיס שלאַבעריק און דער מוח

---

[1] אַ גנב (אין אוזבעקיש).

הערט אויף צו אַרבעטן, איז מילא, אַ קאַלכאַזניק קאָן לעבן אָן אַ מוח, די מוחות דאַרפן האָבן די קאַרפּן־קעפּ, די וואָס פירן אָן מיט דער מדינה. פאַר אַ נאַש־בראַט איז עס אַן איבעריקע זאַך. צו וואָס טויג עס אים? בעסער אָן דעם...

* * *

אָבער דאָס אַלץ זענען בלויז שיינע ווערטער. דורכצומאַכן אויף די אייגענע פּלייצעס איז עס אַ שווערער ביסן. אָבער גאָרנישט...

— מיין באָבע — זאָגט יאַנקל — איז געווען אַ קלוגע יידענע. אַ מענטש — פלעגט זי זאָגן — איז שטאַרקער פון אייזן, ער קאָן אַלץ אויסהאַלטן און אויב ער האַלט נישט אויס, איז מילא, פאַרפאַלן. שפּילט אַ ראָלע אַ מענטש... קאַרג מענטשן זענען פאַראַן אויף דער וועלט? דערצו דאָ אין דער מדינה, זענען מענטשן ווי מיסט...

אָבער כאָטש בלויז איינמאָל אין טאָג, דאַרף מען עפּעס טועם זיין, איינמאָל בלויז, עס איז דען אַן עוולה?

אין טשייכאַנאַ דאַרף מען האָבן אַ רובל אויף אַ זופּ, איז ווו נעמט מען דעם רובל? אַ קאַלכאַזניק באַקומט דאָך נישט קיין ברויט אין מאַגאַזין, ער דאַרף אָפּאַרבעטן אַ גאַנץ יאָר, כדי צו באַקומען פאַר די „טרודאָ דניעי״ [2], איז פאָלג מיך אַ גאַנג... אַ גאַנץ יאָר וואַרטן, און ביז צום יאָר?

אָדער מען קאָן טאַקע צוגעוווינען דעם מאָגן, אָדער אינגאַנצן אים אָפּגעוווינען. ער איז דאָך נישט פון אייזן. וואָס וועסטו אים טון, אַז ער וועט אויפהערן צו ברומען און צו בורטשען און וועט אויף אַן אמת אַנטשוויגן ווערן?

און לעבן ווילט זיך, איבערלעבן די שווערע צייט. אַ מענטש האָט דאָך האָפענונגען, מען גלויבט, מען קעמפט און מען האָפט, אַבי נאָר ווייטער.

* * *

עס איז די שווערסטע צייט פון יאָר. די ביימער האָבן זיך באַשאָטן

[2] אַרבעטס־טעג, נאָכן אָפּאַרבעטן אַ גאַנץ יאָר באַקומט יעדער קאָלכאָזניק פּראָדוקטן לויט דער צאָל אַרבעטס־טעג וואָס ער האָט.

מיט פרישע יונגיטשקע עפּל, באַרנעס, פלוימען און נאָך אַנדערע מינים פּירות. קוקסט אויף די ביימער און האָסט הנאה. באַלעקסט זיך פון דער קומענדיקער באַטעמטקייט און זאַטקייט, אָבער היינט ווילט זיך דאָך פּאַרט עסן, אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן.

וואַרט אויס יאַנקל ביזן אָוונט. עס וועט פינצטער ווערן. די קאַלכאָז־ניקעס וועלן מידע אָוועקפאַלן פון זייער שווערער אַרבעט. און ער? ער קאָן דען שלאָפן? אַ נעכטיקער טאָג. פאַרמאַכט ער אַן אויג, און שוין באַלד וועקט אים דער מאָגן און צופּט און רייסט, ברומט און בורטשעט און אַ טבע האָט ער דער מאָגן, ער צופּט אונטערן האַרץ־לעפּעלע און עס ווערט אַזוי פּוסט און איבלדיק, עפּעס אַ זיסקייט באַפאַלט דיר צו פאַרמאַכן די אויגן אויף אייביק, איז ער דאָך אַן עקשן, דער יאַנקל, לאָזט ער זיך נישט. דראַפּעט ער זיך ווי אַ קאַץ אַרויף אויפן בוים, כאַפּט אין דער פינצטער די קליינע „זשעלעפּעכעס", לייגט אַן פולע קעשענעס, אַ סך, אַ סך אין די צענדליקער באַרן, פאַרקלייבט זיך צוריק אויפן האַרטן ליימיקן באָדן פון דער קיביטקע און גריזשעט, שלינגט איינע נאָך דער אַנדערער און אַלץ ווייניק, ווידער אַרויף אויפן בוים און ווידער געריסן און אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. די ציין ווערן אייליק, די צונג ווי געליימט, דער בויך ווערט אָנגעבלאָזן, שיר צום פּלאַצן און דער מאָגן, אוי דער מאָגן, איז נאָך אַלץ נישט צופרידנגעשטעלט.

באַשליסט ער, יאַנקל, אַזוי טויג עס נישט. צוויי ברירות האָסטו. קלייב אויס: אָדער איבערלעבן, אָדער שטאַרבן און טאָמער באַשליסטו צו לעבן און איבערלעבן, מוזסטו ווערן אַ גנב.

דערשרעקט ער זיך, יאַנקל פאַרן וואָרט גנב, אַז זיין טאַטע איז נישט געווען קיין גנב, זיין זיידע איז געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, איז זאָל ער ווערן אַ גנב!...

דערמאָנט ער זיך, אַז זיינער אַ חבר איז יאָ אַ גנב, איז אים טאַקע ווויל. ער איז געווען קליגער פון יאַנקלען, ער האָט זיך אויסגעטויגט, איז געוואָרן אַ נאַטשאַלניק פון אַן אַרטעל און עסט צו דער זעט. אַי, מוסרט אים יאַנקל, פּע, ס'איז נישט שיין, אַ גנב גאָר אויף דער עלטער. מען דאַרף עס האָבן אין בלוט, ענטפערט אים זיין חבר: נו, און שטאַרבן פון

הונגער איז בעסער? דאָ גיט קיינער גאָרנישט... קענסטו — מעגסטו, און אַז נישט ביסטו אַ דר׳ערד ליגער, ווי דו יאַנקל... אַ קאָלכאָז האָט זיך דיר פּאַרגלוסט. ערלעך לעבן איז שווערלעך לעבן. דאָ איז עס אַ גוט פּאַך. אַי, מען קאָן אַריינפּאַלן אין תפיסה, אַז מ׳עז כאַפּט דיך אונטער. איז וואָס? קלערט אים אויף זיין חבר, אַ תפיסה איז דאָך נישט קיין בית־עלמין. איינמאָל אין טאָג אַ יושקע גיט מען און דערצו 350 גראַם ברויט איז דאָך נאָך אַלץ בעסער ווי אין קאָלכאָז...

ליגט ער יאַנקל און טראַכט. אַביסינקעלע זאָט איז ער שוין, אַ פּאָר טעג וועט ער שוין ווי נישט איז אויסהאַלטן, און ווייטער? אַ קאָלכאָזניק דאַרף נישט טראַכטן וועגן ווייטער. אַ פערד טראַכט מער?

* * *

אינדערפרי איז ער אַרויס אויף די קאָלכאָזנע פעלדער. ער האָט זיך דערקוויקט מיטן זון־אויפגאַנג און באַוווּנדערט גאָטס שיין וועלטל. אַ פּראַכט, אַ מחייה. זעסט, פילאָזאָפירט ער מיט די אויגן צום הימל. אַ שיין וועלטל האָסטו באַשאַפן. גוטער ברודער, נאָר באַזאָרגן ווי געהעריק דיינע ברואים קאָנסטו נישט. איינעם גיסטו אַלץ בשפע און דעם צווייטן אַ מכה. נאָר גיי טענה זיך אויס... ער, דאָרט אויבן, וועט דיר דען ענטפערן, אַז זיי, דיינע מיטמענטשן שווייגן, וועט ער דען זיין בעסער?

און אָט זעט יאַנקל אַן אָפענע קיביטקע און אויפן טיש אַ שיסל מיט זון־רויטע פּאָמידאָרן איז ער נישט טראַכטנדיק לאַנג אַריין און זיך אָנגע־שטאָפּט פולע קעשענעס און דאַוואַי פּאַקן אויף ביידע באַקן. ער עסט און האָט הנאה, דער פּאָמידאָרן־זאַפט היילט דעם צעווייטיקטן מאָגן. דאַרף ער דען מער?

פּלוצלינג האָט זיך אַריינגעריסן אין הויז אַן אוזבעטשקע מיט אַ שטעקן און האָט אים אָנגעהויבן שלאָגן און זידלען, און ער, ווי נישט אים מיינט מען עס, קייט אויף ביידע באַקן און שווייגט. דער שטעקן ברעכט אים די ביינער און ער שטייט עקזאַלטירט מיט די אויגן צום געוועלבטן סופיט, גיט נישט קיין קרעכץ און עסט.

— קאַראַבטשוק! קאַראַבטשוק! — האָט די אוזבעטשקע זיך צעשריגן

ב. טערקעל

— קאַראַבטשוק!! און פון אַלע זייטן זענען זיך צונויפגעלאָפן אוזבעקן. ווער עס האָט נאָר געהאַט מיט וואָס, האָט געממיתטט און געקנאָטן איבערן אויסגעדאַרטן גוף.

— קאַראַבטשוק, אַנאַניעסקי [3], קאַראַבטשוק!!!

און יאַנקל קאַלכאָזניק איז געלעגן אויף דער ערד, געקוויקט זיך מיטן זאַפטיקן פּאָמידאָר און געשוויגן.

— שווער צו זיין אַן ערלעכער גנב! פּיקט אים אין זיין מוח. גנבענען דאַרף מען גרויס, האָבן דעם טיטל פון אַ נאַטשאַלניק, אָדער דירעקטאָר. גנבענען פּאָמידאָרן גאָר, פּע, נישט שיין צו זיין אַזאַ מין גנב...

* * *

זיינע צעממיתטע ביינער האָט שוין יאַנקל אויסגעגלייכט אויף אַ שפּיטאָל־בעטל... ער איז זייער צופרידן געווען. כאָטש איינמאָל זאָט. דער מאָגן איז באַפרידיקט. די ביינער ברעכן און טרעשטשען. ביינער זענען שטאַרק. זיי האַלטן אויס. און אַז דאָס פּעקל ביינער וועט זיין — טרייסט זיך יאַנקל — וועט שוין פלייש אויך זיין...

[3] אַן אוזבעקיש זידל־וואָרט.

# די אוזבעטשקע פּאַרוואַ

שיין איז זי ווי די גאַנצע וועלט, די באַחנטע שוואַרצאויגיקע פּאַר־וואַ. אָבער נישט ווי די וועלט. די דאָזיקע וועלט דאָ איז אַזוי פּאַסקודנע און קאַלעמוטנע, אַז די דאָזיקע שיינקייט קלעפּט זיך דאָ ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט...

דער טאַטע אירער, דער אַלטער אוזבעק צאַדיקאָוו, וויל פּטור ווערן פון אַן איבעריק מויל, זוכט ער אַלע מיטלען וואָס גיכער זי אַרויסצופּטרן און זי חתונה צו מאַכן, באַדאַי פּאַר אַן אַלטן, אָבער וואָס גיכער...

דער ראַיס[1] פון קאָלכאָז, דער כיטרער ראַכמאַנאָוו, איז שוין אַרי־בער די זעכציקער. אינדערהיים טשאַפּעט אַרום זיין אַלטע מרשעת, שילט און זידלט די קינדער און די אייזלען און שווייגט נישט אַפילו איר מאַן — אים אַליין, דעם גאַנצן שמעלקע פון קאָלכאָז, פאַר וועלכן אַלע האָבן מורא ווי פאַר פייער. דער אַלטער זולל־וסובאניק ראַכמאַנאָוו גייט אָנגעטון ווי אַ פּריץ, מיט שיינע גלאַנציקע גאַרמאָשקע־שטיוועלעך, אַ העל־בלויע פּופייקע[2]. זיינע אַלטע צעקנייטשטע באַקן זענען גלאַט אויסראַזירט, מיט אַ שיין געהאַפטענער טיפּעטייקע[3] אויפן קאָפּ. ער קוקט זיך אָן אין שפּי־געלע פון דער נאָענט און האָט הנאה פון אַללאַס וועלט. פאַר אַזעלכע חברה איז דער קאָלכאָז אַ פעטער ביסן.

מיט זשעדנע גיריקע אויגן קוקט ער אויף דער שיינער פּאַרוואַ, וואָס־? פּאַרוואָס נישט? אַ פּאָזיציע האָט ער, מאַכט פאַרמאָגט ער, בלאָט איז ער מיט דער גאַנצער נאַטשאַלסטוואַ. טאָ פאַר וועמען האָט ער מורא? ווער וועט אים נישט לאָזן? ער קאָן דער שיינער פּאַרוואַ געבן אַ גוט לעבן און פאַר זיין ווייב דאַרף ער נישט ציטערן. אַלט איז זי, די שקאַפּע זיינע, קיין ציין צום בייסן האָט זי נישט און אַז ער וועט איר צוואַרפן פון צייט צו

---

1. פּאַרזיצער פון קאָלכאָז.
2. אַ וואַטע־שפּענצער.
3. אַ געהאַפטענע יאַרמעלקע, וואָס די אוזבעקן טראָגן.

צייט עפּעס בעסערס צום פּרעסן, וועט זי זיין צופרידן און ער וועט זיינע עלטערע יאָרן וואַרעמען ביי דער זיבעצן־יעריקער פּאַרוואַ, וואָס איז הייסער ווי די זון פון אוזבעקיסטאַן.

פּאַרוואַ פילט אויף איר לייב די בריענדיקע תאווה־בליקן פון אַלטן ראַיס. זי האָט מורא אויסצודרייען דעם קאָפּ, כדי זיך נישט צו באַגעגענען מיט זיין בליק. ער קריכט איר נאָך אויף טריט און שריט און לאָזט זי נישט קיין מינוט צו רו.

* * *

פּאַרוואַ איז יונג און אַזוי שיין, אַז עס איז אַ מחיה זיך צו שפּיגלען אין אירע שוואַרצאַפּלען. כאָטש עס איז איר ביטער אויף דער נשמה און קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, פאַרבלענדט זי די בלייכקייט פון די קאַלכאָזנע פעלדער מיט איר זוניקער פריידיקייט. די סמאַליעדיקע זון ווערט פאַרבלאַסט פון איר שיינקייט און חנעוודיקייט.

אָבער הונגעריק איז זי, פּאַרוואַ, אָט אַזוי ווי אַלע דאָ. און פאַר אַ שטיקל ברויט וואָלט זי אין עק וועלט געלאָפן.

און שווייגן קאָן זי, די שיינע פּאַרוואַ, זי שווייגט אַזוי שיין, קוקט מעלאַנכאָליש אין טיף־בלויען הימל אַריין און זוכט אַ רעטונג.

עסן וויל זי, די שיינע פּאַרוואַ. זי אַליין פאַרדינט ווייניק, איר טאַטע האָט נאָך אַ סך עסער חוץ איר און דער ראַיס לויערט אויף איר שיינקייט ווי אַ רויב־חיה אויף איר קרבן.

וועט זי ביישטיין דעם נסיון?

* * *

דער ראַיס בויט זיך אַ שיינע קיביטקע. אַ הויז פאַר זיין שיינער פּאַרוואַ. אַלע אין קאָלכאָז מורמלען צו אין דער שטיל און שעלטן מיט טויטע קללות דעם אַלטן בעל־עבירהניק.

די שיינע פּאַרוואַ גייט פאַרטרויערט, פאַרשלאָסן אין זיך. ס׳פּנים בלאַס, די אויגן פאַרנעפּלט. די זון אין קאָלכאָז האָט זיך אויסגעלאָשן.

נאָך אומעטיקער זענען געוואָרן די קאָלכאָזנע פעלדער. די כלאָפּאָק[4]

[4] וואַטע.

שטענגלעך האָבן זיך צו דער ערד אויסגעבויגן. די אַלטע אוזבעטשקעס גייען פּאַראומערט, מיט שנאה־בליקן אויף אַלץ און אַלעם. נאָר זי, פּאַר־וואַ, שווייגט. זי שווייגט ווי דער גאַנצער אַרום דאָ.

נאָך גלאַנציקער און אויסגעפּעכלטער איז דער גוט־אויסראַזירטער פּנים פון ראַיס. ער גייט אַרום אַ האָפּערדיקער איבער די וועגן און האָט הנאה פון זיך. ער איז צופרידן פון זיין פּאָזיציע און מאַכט. אַלע בייגן זיך פאַר אים הכנעהדיק און טראָגן אים דעם גוטמאָרגן פאָרויס.

זיין פערד איינגעשפּאַנט אין דער בריטשקע קלאַפּט, מעשה יחסן, מיט זיינע טלאָען אין האַרטן באָדן און הירזשעט זיך הויך פונאַנדער קוקנדיק אויף די שלעפּנדיקע פערד אין די אַרבאָס[5], אויף די קליינע דאַ־רע אייזעלעך, וואָס שלעפּן די שווערע משאות. זיי פאַרהייבן זייערע מאַר־דעס און קוקן אויף זייער אויסגעקעכלטן ברודער מיט קנאה און פאַרדראָס.

אָ, ווען פערד קאָנען רעדן און ווען מענטשן מעגן רעדן!...

* * *

אין קאָלכאָז איז יום־טוב. דער גרויסער געדוימער זאַל פון אַגיט־פּונקט[6] איז אילומינירט. די גאַנצע פּני — די נאַטשאַלסטוואָ פון קאָלכאָז איז אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. דער רויטער קאַגאַר־ווייַן שי־מערירט אין די פּיאַלעס[7], און די פּריש־געבאַקטע לעפּיאָשקעס ווייסן זיך אויף די דערנעבנדיקע טישן. זיי זיצן די קאַרפּן־קעפּ, אויסגעזעצט אויפן דיל מיט די פיס הינטער זיך, טרינקען גרינעם טיי פון איין און דער זעלבער פּיאַלע, וואָס זיי גיבן איבער מיט אַ האַנט־באַוועגונג צום האַרצן איינער דעם צווייטן. זיי ווינטשן גליק דעם ראַיס, וואָס זיצט אַ צופרידענער און אַ גליקלעכער אינמיטן זאַל. די טיפּיטייקע פאַרשאַרצט אַרויף ווייט איבערן שטערן און טראָפּנס שווייס רינען אים אַראָפּ איבער דער צעפּליישיקטער פעטער גאָמבע.

אויפן הויף פון דער אופּראַוולעניע[8], שטייען די קאָלכאָזניקעס איינ־

[5] צוויי־רעדערדיקער וואָגן.

[6] קלוב.

[7] פּאָרצעליי־שיסעלעך.

[8] פאַרוואַלטונג.

געהילט אין זייערע לאַנגע כאַלאַטן און פאַרביקע טורבאַנען, שטייען שטום און הכנעהדיק.

דער זאַוומאַג [9] האָט באַגאָסן מיט קעראָסין אַן אַלט־אויסגעדאַרטן אוריוק־בוים און אים אונטערגעצונדן. דער בוים האָט זיך צעשפּריצט מיט טויזנטער פונקען און באַלויכטן דעם קאָלכאָזנעם הימל. יונגע אוזבעקן און קליינטשיקע אוזבעקעלעך האָבן קוקנדיק אויפן בילד זיך צעפילדערט. די נייגעריקע פון זיי האָבן אַריינגעקוקט דורך די פענצטער פון די רחבות־דיקע זאַלן פון אַגיט־פּונקט און זיך, סמאַיעדיק, באַלעקט קוקנדיק ווי זייע־רע פאַרזאָרגער פרעסן און זויפן...

דאָס פייער האָט זיך געריסן אַרויף צום הימל, באַלייכטנדיק ווייט אַרום די קאָלכאָזנע וועגן. איינציקע שטערן האָבן געגלאַנצט אין הימל און אַ פאַרבלייכטע לבנה האָט אַרויסגעשפּאַצירט פון הינטער די הויכע בערג אויפן וועג צום קאָלכאָז.

די אייזלען און די קאָלכאָזנע סטאַינעס האָבן זיך צערעוועט מיט אַזאַ געוואָי, ווי מען וואָלט באַוויינט אַ טויטן. די הינט אויף די קייטן האָבן זיך צעוואָיעט, און פון אַגיט־פּונקט האָבן זיך דערטראָגן שיכורע געזאַנגען.

* * *

די שיינע פאַרוואַ איז צומאָרגנס אַרויס אין גאַס און איר שיין פּנימל איז געווען צוגעדעקט מיט אַ פאַראַנטשאַ [10].

שוואַרץ איז געוואָרן דער הימל איבערן קאָלכאָז, אומעטיק האָבן זיך די קאָלכאָזניקעס געשלייכט צו דער אַרבעט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. קיי־נער האָט מער נישט געקאָנט אַריינקוקן אין די שמאָלע טרויעריקע שוואַר־צע מאַנדל־אויגן פון דער שיינער פאַרוואַ, וואָס זענען געווען פאַרשטעלט מיטן געדיכטן שוואַרצן שלייער...

דער ראַיס ראַכמאַנאָוו האָט זיך צעיאָגט מיט זיין ברישקע אי־בער די וועגן אַ זאַטער, אַ צופרידענער און אַ באַזויפענער...

---

9 פאַרוואַלטער פון מאַגאַזין.

10 אַ שלייער.

# ווען איז זי געשטאָרבן?

די שאַקאַלן אין די היילן פון די בערג האָבן זיך צעוויינט אין דער נאַכט אַריין. פון דעם נאָענטן אוזבעקישן בית־עלמין האָט אַ צווייטע באַנדע זיך אומהיימלעך צעוואָיעט, אָנוואַרפנדיק אַן אימה אויפן גאַנצן שמעקעוודיקן אַרום.

די לופט האָט געשמעקט מחיהדיק. די פּערסיקעס און די פלוימען, די קאַרשן און די עפּל פון די אַרומיקע קאָלכאָזנע סעדער האָבן צו להכעיס דעם אימהדיקן אַרום פאַרשמעקט און פאַרזיסט די ביטערניש פון די הונ־געריקע לעבעדיקע באַשעפענישן. און די לבנה ווי נישט זי מיינט מען גאָר האָט פונקט ווי פון איר ערשטן טאָג פון איר באַשאַף אַראָפּגעקוקט. גע־היט, צי קיינער כאַפּט זיך נישט צו צו קיין בוים רייסן פרוכטן. אַ באַרו־איקטע איז זי געשוווּמען צווישן די וואָלקנס און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז אויסן בלויז צו באַלייכטן די געדיכטע פינצטערניש פון אַרום, אָבער אָן דערפאָלג. עס איז במילא געווען פינצטער און טרויעריק אויפן געמיט און נשמה...

* * *

אויפן נאָקעטן דיל פון דער וועראַנדע פון יואל וואָסערמאַנס קיביט־קע איז געלעגן זיין פרוי, איינגעהילט אין איר מאַנטל, דאָס איינציקע פאַרמעגן נאָך פון דער היים, אין גרויסער היץ און שטיל געקרעכצט. אי־נעווייניק אין דער קיביטקע איז וואָסערמאַן אַליין געלעגן אין אַ באַ־ווסטלאָזן צושטאַנד, קיינער אַרום איז נישט געווען.

שטיל זענען געפאַלן די אָפּגעריסענע קרעכצן וואָס זענען אויפגעגאַנ־גען צווישן די פיר ווענט.

נישט געווען דאָ קיינער וואָס זאָל העלפן לינדערן די ווייטיקן, צו־טראָגן אַביסל קאַלט וואַסער צו די פאַרטריקנטע ליפּן, פאַרשמאַכטע און פאַרשרפהטע פון דער פערציק גראַדיקער היץ.

ב. טערקעל

ער, וואַסערמאַן, אויפן דיל אין קיביטקע און זי, זיין פרוי, אַ פּאַכנ־דיקע מיט דער נשמה אויף דער ווערענדע. צוויי האַלב־גוססע מענטשן, וואָס ווילן אַנטרינען פון לעבן, וואָס איז ערגער ווי דער טויט. זיי פּאָכען מיט זייער לעצטן אָטעם אין דער שטילקייט פון דער שמעקעוודיקער נאַכט, אונטער דער באַגלייטונג פונעם שאַקאַלן־געוואָי אין די היילן...

* * *

צוויי יונגע מענטשן.

געריסן זיך צום לעבן, אַנטלאָפן פון פייער און וואַסער, זיך געמאַ־טערט, פאַרמאַטערט געוואָרן און אָוועקגעפאַלן אין געראַנגל מיטן מלאך־המות.

ס'איז זיי שווער געווען זיך אַריינצופּאַסן אין דעם אַרום. זיי האָבן נישט געהאַט גענוג כוח צו קעמפן. אויספאַרקויפט פון זיך דאָס לעצ־טע העמד, אַפילו קיין תכריכים נישט געבליבן אויפן לעצטן וועג. אויס־געזויגן די מידע, קראַנקע ביינער, אויסגעזויגן און אויסגעפרעסן פון דער טראָפּישער מאַלאַריע. אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל מיט פאַרהוילענער בענקע־ניש אין די אָפּגעשוואַכטע הערצער.

די שאַקאַלן וואָיען מאוימדיק און באַגלייטן צוויי יונגע לעבנס מיט אַ געיאָמער צו זייער לעצטן גאַנג.

שמעקן די סעדער אַרום, שפּראָצן מיט לעבן. וויינט די נאַכט אויס איר טרויער און העלפן קאָן נישט קיינער. פאַרקליידט זיך דער הימל אין שוואַרצן און גיסט מיט ביטערע טרערן.

צוויי יונגע מענטשן גוססן אין אַן אוזבעקישער קיביטקע, נישטאָ אַפילו קיין לעבעדיקער וועזן דערביי.

זי האָט אַ לעצטן שווערן קרעכץ געטון און געשטאָרבן.
ער האָט לאַנג געכאָרכלט אין דער נאַכט אַריין...

* * *

יואל וואַסערמאַן האָט געעפנט די אויגן. אַ ווייס־געקליידטע פרויען־געשטאַלט איז געשטאַנען נעבן זיין בעט און אַ שמייכלענדיקע זיך אָנגע־רופן.

— מיר האָבן דיר דאָס לעבן געראַטעוועט.

— ווו בין איך דאָ? — האָט ער אַ דערציטערטער מיט אַלע אברים, קוים שטאַמלענדיק זיך אָנגערופן.

— אין שפּיטאָל, — האָט אים די פרוי געענטפערט.

וואָסערמאַן האָט קוים, קוים געקאָנט אויסשיילן די סילועטן פון די ווייסע בעטלעך אַרום. קוים פאַרנומען מיטן געהער די קרעכצן פון די אַרומליגנדיקע קראַנקע.

פון שעה צו שעה האָט זיך זיין געזונט־צושטאַנד געבעסערט, זיין מוח האָט אָנגעהויבן אַרבעטן. ער האָט זיך דערמאָנט:

זיין פרוי איז קראַנק געוואָרן אויף בלוטיקער דיזענטעריע. געקאָנט זי ראַטעווען, ווען ער וואָלט פאַרמאָגט יעדן טאָג 16 רובל צו קויפן 100 גראַם רייז. האָט זי ווי אַ סאַקסאַול (אַזאַ מין טרוקענער בוים, אַן אויס־געקרומטער) זיך אויסגעדרייט און דערצו נאָך געכאַפּט טרינקען פון אַריק דאָס וואַסער, געקריגן דערצו נאָך אַ טראָפּישע מאַלאַריע און איז אַוועק־געפאַלן אויף דער וועראַנדע. מיט הונגעריקע אויגן געקוקט אין דער ווייט־קייט פון די קאַלכאַזנע סעדער, פאַרביסן די ציין און געשוויגן...

ער האָט געזוכט עצות און מיטלען, אָבער אַן דערפאָלג. ביז אויך ער איז אין אַ געוויסן אָוונט געקומען פון דער אַרבעט און געפילט ווי די ביי־נער ברעכן אים. ס'האָט אים געוואָרפן און געשווידערט אין היץ און אין קעלט, און אויפגעכאַפּט זיך אָט דאָ אין שפּיטאָל...

* * *

אויסגעשטעלטע ווי זעלנער אין דער ריי, שטייען זיי, די בעטלעך, אָפּגעקראָכן דער ווייסער לאַקיר, פאַרשפּרייטע מיט גרינע קאָלדרעס און אונטער זיי סקעלעטן. אין דער נאַכט דרייט זיך איינער, אָדער צוויי פון זיי אויס צו דער וואַנט. סאַניטאַרן טראָגן זיי אַרויס און אויף צומאָרגנס ליגט שוין אַ נייער קאַנדידאַט אויפן זעלבן אָרט...

איינער אָראָפּ, דער צווייטער אַרויף.

אָבער יואל וואַסערמאַן פילט זיך שוין בעסער. דער אַפּעטיט ווערט שטאַרקער. נאָך דעם שפּיטאָל־עסן, ווילט זיך ערשט רעכט אָפּעסן און ס׳איז נישטאָ. ער ליגט אויסגעצויגן מיטן פּנים אַרויף צום אָפּגעשיילטן קאַלכיקן סופיט אַ פאַרטראַכטער. פון וואָס צו טראַכטן פעלט נישט. אָט באַקומען אַנדערע קראַנקע צוגעשיקט פון דרויסן עסן. אַ טייל פון זיי קרעפּטיקן זיך און גייען אַרויס פון שפּיטאָל און צו אים קומט נישט קיינער.

ער דערמאָנט זיך, אַז זיין פרוי ליגט דאָרט אַליין אויף דער וועראַנ־דע און האָט אויך נישט וואָס צום עסן. טאָ וואָס קאָן זי אים ברענגען.

ער ליגט געדולדיק און וואַרט, וואַסערמאַן, ער זאָל נאָר קאָנען אַראָפּ־שטעלן אַ פוס און גיין, אַרויסגיין פון דאַנען...

דער טאָג איז געקומען.

* * *

יואל וואַסערמאַן שלעפּט זיך אויפן זאַמדיק־אָנגעגליטן טראַקט, ער שלעפּט קוים די פיס. דער גומען פאַרטריקנט, די אויגן ברענען, דער קאָפּ איז שווער, די הענט באַוועגן זיך מאַכטלאָז. ער שפּאַנט אַזוי טריט נאָך טריט, די שעהן ציען זיך ווי פון פעך. ער וויל וואָס גיכער קומען צו דער קיביטקע.

אַ קלעפּיקער שווייס באַגיסט אים. די שווייס־טראָפּנס ברענען זיינע אויגן־אַפּלען, באַזאַלצן די ראַנדן פון זיין אויסגעטריקנט מויל. די זון שיט מיט פייער, פאַרברענט צו ווערן.

קוים זיך דערשלעפּט. אויפן טיר פון דער קיביטקע הענגט אַ שלאָס. וואָס קאָן דאָס זיין? וואַסערמאַן זעצט זיך אויף דער וועראַנדע אויסצו־רוען זיינע מידע ביינער און וואַרט, ביז פאַרנאַכט איז קיינער נישט געקומען. דאָס האַרץ הייבט אָן אומרואיק צו ווערן און ס׳נעמט טיאָכקען. ער קאָן דאָס נישט פאַרשטיין.

די זון האָט זיך אַרונטערגעלאָזט הינטער די בערג אַ פלאַמיקע און צעגליטע, אונטערגעצונדן מיט פורפור־רויט די ביימער־שפּיצן.

און קיינער איז נישטאָ. גיין זוכן — נישטאָ קיין כּוח. איז ער אַ

## צווישן שאַקאַלן

מידער אַנידערגעפאַלן אויף דער נאַקעטער הוילער וועראַנדע. אויף דער טיר הענגט אַ שלאָס און שאַ, שטיל, קיין שום שפור פון לעבן...

* * *

— טי זשיוו?[1] האַ — האָט אים דעם ערשטן ברוך־הבא אָפּגעגעבן זיין שכן, דער אוזבעק באַכמאַטאָוו, אים אָנקוקנדיק אויף ביז ווונדער — פון וואַנען נעמסטו זיך אַהער דאָ?

— פון שפיטאָל אַרויס. געקומען אַהיים. די טיר איז פאַרשלאָסן. נישט געזען מיין פרוי?

— הע, הע, טוואָיאַ זשענאַ פאָמראַל, דיין פרוי איז געשטאָרבן — האָט ער אין אַ צעקאַליעטשעטן רוסיש גלייכגילטיק און קאַלט אַרויס־געזייט צווישן די ציין.

וואַסערמאַנען איז אדורך אַ שוידער דורך די ביינער.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? ווען?

— מיר האָבן געזען, אַז קיינער פון אייך באַווייזט זיך נישט. זענען מיר געגאַנגען אַ קוק טון. דיין פרוי איז געלעגן אויף דער וועראַנדע טויט און דו האָסט קוים געזשיפּעט. האָבן מיר דיך אָפּגעפירט אין שפיטאָל און דיין פרוי אויפן צווינטער.

אַ שטילער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון וואַסערמאַנס האַרץ.

— יאָ, יאָ, באַכמאַטאָוו. אָט דאָס הייסט לעבן, וואָס? אַפילו שטאַרבן ווי קיין מענטש איז אויך נישט באַשערט.

— ניטשעוואָ ניע פאָדיעלאַיעש, ווערסט גאָרנישט מאַכן, בראַטאָק, אַ נאַש־בראַט איז ביטער, נישט גוט.

— נישט גוט צו נישט גוט, איז נישט גלייך — האָט וואַסערמאַן אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, געלאָזט דעם אוזבעק שטיין מיט אַן אָפן מויל און אַ רעזיגנירטער אַוועק.

* * *

— אויף וועמען פרעגסטו, האַ? — האָט דער פאַרוואַלטער פון בור־

---

[1] לעבסט נאָך?

כאַרישן בית־עלמין זיך אַפילו נישט אויסדרייענדיק געפרעגט וואַסער־מאַנען.

— אויף מיין פרוי.

— ווען געשטאָרבן?

— איך ווייס נישט געניי — האָט וואַסערמאַן געענטפערט — אפשר שוין דריי חדשים.

— ווי אַזוי ווייסט עס נישט קיין מענטש ווען זיין פרוי איז גע־שטאָרבן? — האָט זיך דער פאַרוואַלטער צעלאַכט מיט אַ ווילד געלעכטער.

— אַט אַזאַ מין מענטש בין איך — האָט אים וואַסערמאַן גלייכ־גילטיק געענטפערט.

— נאָך נישט געזען אַזעלכע מענטשן — האָט דער פאַרוואַלטער אַ קוועטש געטון מיט די פלייצעס און ערשט באַוויליקט אָנצוקוקן דעם פאַר־שוין, וואָס איז צו אים אַזוי שטאַרק צוגעשטאַנען.

— אַ שלעכטער מאַן, ווייס אַפילו נישט דעם טאָג פון זיין פרויס טויט — האָט ער שפּאָטיש אַ צי געטון זיינע פאַרוואַקסענע וויעס איבער די פאַרוואַסערטע אויגן.

* * *

וואַסערמאַן האָט שפּאַצירט צווישן די אָנגעהויפטע בערגלעך אויפן בייכיקן רוקן פון בוכאַרישן באַרגיקן בית־עלמין. ביי יעדן פרישן קבר איז ער געבליבן שטיין. געמיינט אפשר דאָ, אפשר דאָרט, אפשר יענץ בערגל, אפשר דאָרט אין טאָל.

מיד פון אַרומגיין האָט זיך וואַסערמאַן צוגעזעצט אויף אַ פּאַסאַדע פון אַן אַלטער מצבה איינגעשפּיזט די אויגן אין די מרחקים און געטראַכט וועגן די רייד פונעם פאַרוואַלטער.

טאַקע וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטש, וואָס ווייסט נישט אין וועלכן טאָג זיין ווייב איז געשטאָרבן?

און טאַקע אַזוי, וואָס פאַר אַ מענטש איז ער?...

# אויף אַ ברית־מילה ביי אוזבעקן

עס איז טאַקע קאַלעמוטנע אויף דער נשמה, אָבער אין קאָלכאָז איז אַזוי שיין. עס איז איצט אָנהייב פרילינג. די ביימער האָבן אַרויסגעלאָזט די ווייסע קנאָספּן, די ערשטע גרעזעלעך רייסן זיך אַרויס פון אונטער דער ליימיקער ערד, באַפּוצן גאַטס ווערטל אין גרינער פּראַכט און עס שמעקט אַ מחיה. פייגל לאָזן זיך מתנותוויז מיט שירה בציבור פון בוים צו בוים — צעזונגענע און צעהוליעטע.

היינט איז אין קאָלכאָז יום־טוב. אָטשילס בן־זקונים, דער צוועלף־יעריקער צאַדיקאָוו מאַכט היינט דורך זיין ברית־מילה.

צום טוי[1] זענען זיך צונויפגעקומען די שכנים פון די אַרומיקע קי־ביטקעס, אוזבעקן מיט צעשטראַלטע פינקלדיקע אויגן, איינגעהילט אין פאַרביקע טורבאַנען און צעשטרייפטע כאַלאַטן, אוזבעטשקעס מיט איינ־געהילטע פּאַראַנטשאַס, דורך וועלכע עס גלאַנצן אַרויס תאווהדיקע שוואַר־צאַפּלען, יונגע אוזבעקינס מיט צענדליקער פאַרפלאָכטענע שוואַרצע צע־פּעלעך, יונגע אוזבעקעלעך מיט קיפּיטייקעס אויף די גלאַט־ראַזירטע קע־פּעלעך.

דער הויפּט־מחותן, דער באַביי אָטשיל לאַכמאַראַדאָוו, שטייט פאַר־פאַרעט ביים צעפלאַקערטן קאַסטיאָר אויף וועלכן עס שטייט אַ גרויסער טשוהונענער קאַטיאָל, פון וואַנען עס טראָגן זיך אָנגענעמע נאָז־אויפרייסנ־דיקע ריחות פון צעזשאַרעטן באַראַן־פליייש, צעבראָקטע פרישן ציבעלע, לאַנג־צעשניטענע מערן־פאַסן, אַרויפגעשאָטענעם רייז. עס ווערט געקאָכט דער טראַדיציאָנעלער פּלאָוו, דער בעסטער מאכל ביי די אוזבעקן.

די פונקען פון די צעברענטע האַלב־נאַסע כלאָפּאָק־שטענגעלעך צע־שפּרייטן זיך איבערן גאַנצן הייפל אין סאַמע געטומל, געלעכטערן און שטיפעריייען פון די יונגע אוזבעקן. די אַלטע אוזבעקן זענען סטאַטעטש־

---

[1] יום־טוב.

נער. די מענער שטייען באַזונדער און די פרויען באַזונדער פאַרטאָן שטיל און דביקותדיק אין געשפּרעכן.

* * *

די זון האָט זיך אַ בלוטיק־רויטע אַראָפּגעלאָזט הינטער די הויכע שפּיצן פון די גאַרטל־בערג, וואָס רינגלען אַרום ווי אַ פעסטונג די גאַנצע ריי קאָלכאָזן פון דעם קאַטאַ־קורגאַנסקי אַריקסקי סעלסאָוויעט. די קאָל־כאָזנע וועלט האָט זיך אַ פּאַראומערטע איבערגעגעבן אין די פליגלען פון דער אָנקומענדיקער נאַכט.

אָטשיל האָט באַגאָסן מיט אַ פלאַש בענזין אַן אַלטן אויסגעהוילטן אוריוק־בוים, אַ פאַרדאַרטן פון זקנה, ווען ס׳פלאַמען עס האָבן זיך מיט געריש געריסן צום סאַמע קרוין וועלנדיק אונטערצינדן גאָטס וועלט.

אַ צעקלונגענער פרייד־אויסגעשריי האָט זיך צעטראָגן איבער די אַרומיקע היילן און זייער עכאָ האָט ווייט אָפּגעהילכט איבער די צעטריקנ־טע קאָלכאָזנע וועגן.

דער יידישער מוהל, ר׳ אברהם פיינטוך, אַ פּליט פון פּוילן, האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ נעכטיקער און פרעמדער צווישן דעם צעיובלטן אוז־בעקישן עולם. די הענט פאַרלייגט אויף הינטן האָט ער שפּאַצירט הין און צוריק איבערן גרויסן באַביימערטן און צעגרינטן הויף.

אויף אַ ספּעציעל בעטל האָט מען אַוועקגעלייגט דעם „רך הנימול״, דעם 12־יעריקן צאַדיקאָוו און דאָס בעטל אַוועקגעשטעלט נישט ווייט פון דעם פייער־שפּריצנדיקן בוים, וואָס האָט מיט זיין העליש פייער באַלויכטן דעם גאַנצן הויף. די העל־בלאַסע לבנה, וואָס האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון אונטער די בערג־שיפּועים, האָט ממש אויסגעזען ווי אַ בלאַס חלב־ליכטל קעגן דעם צעהעלטן און צעלויכטענעם אוריוק־בוים, וואָס דאָס פייער האָט פאַרצוקט און פאַרלענדט.

עס איז פּלוצלינג געוואָרן שטיל. די מענער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום בעטל. דער מוהל האָט קאָנטראָלירט דעם חלף. טראָפּנס שווייס זענען אים גערונען פון זיין צעהיצטן שטערן. פּלוצים האָט די נאַכט־שטיל־קייט דורכגעריסן אַ יאָמערלעך אויסגעשריי פון „רך הנימול״, וואָס איז

פֿאַרשלונגען און פֿאַרטויבט געוואָרן מיט די פֿרייד־ און וויוואַט־אויסרופֿן פֿון אַלע געסט.

* * *

דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט מיט די פּיס הינטער זיך אין אַ גרויסן קרייז, מענער באַזונדער און פֿרויען באַזונדער. אין מיטן פֿלאַץ האָט לאַכמאַראַדאָוו אויסגעשטעלט עטלעכע ליימענע שיסלען, קאַגאַר ווײַן און פּיאַלעס, מיט זידנדיקע הויכע קרוגן גרינעם טשיי. יעדע גרופּע האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום אַ שיסל און מיט די הענט געשטאָפּט זשמעניעס־ווײַז דעם פֿעטן און באַטעמטן פּלאָוו.

פֿאַרן מוהל האָט אָטשיל לאַכמאַראַדאָוו צוגעטראָגן אַ קליין שיסעלע פּלאָוו מיט אַ הילצערנעם לעפֿל.

שטיל איז אַרום. עס האָבן זיך בלויז געהערט די אַלץ זיך אָפּשוואַכנדיקע קרעכצן פֿונעם געמלטן צאַדיקאָוו, דאָס טשמאָקעניש פֿון די צענד־ליקער ליפּן און געזשומערײַ פֿון די זשוקעס אין די אַרומיקע קוסטעס.

דער אוריוק־בוים האָט זיך אונטערגעגעבן דעם פֿייער, קרעכצנדיק און שיסנדיק מיט צעגליטע פֿונקען האָט ער זיך אַלץ נידעריקער און נידערי־קער געזעצט צום באָדן.

די געסט האָבן געענדיקט עסן דעם פּלאָוו. מיט די פֿעטע האַנט־פֿלאַכן האָבן זיי אויסגעשמירט די כאַלעוועס פֿון זייערע גאַרמאָשקע־שטי־וועלעך און דערציילנדיק זיך פֿאַרצייטיקע אוזבעקישע מעשׂיות האָבן זיי געזופּט פּיאַלעס טשיי, איבערגעבנדיק איינער דעם צווייטן די פּיאַלע מיט אַ העפֿלעכן קאָפּ־פֿאַרנייג און מיט דער האַנט צום האַרצן.

* * *

נאָכן יום־טוב מיט דער שׂמחה איז ווידער קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן. נישט דער פּלאָוו און נישט דער קאַגאַר ווײַן האָבן געקענט פֿרײַלעך מאַכן און צענעמען דעם דורכשווידערנדיקן נאַגנדיקן ווייטיק.

אָטשיל לאַכמאַראַדאָוו זיצט מיט זײַן שכן דעם פּליט פֿון פּוילן אויפֿן צעדופּטן פֿעלד און גיט אַכטונג אויף זײַנע באַראַנעס וואָס פּיטערן זיך דערנעבן. דער אַלטער האַלט פֿאַרריסן זײַנע באַברעמטע אויגן צו די הויכ־

קייטן, אַריבער די בערג פון יענער זייט, ווו עס שלענגלט זיך דורך די איראַנישע גרענעץ.

— וועט זיך עס ענדיקן, די דאָזיקע שפּיל, — רייסט זיך אַרויס פון דער טיפקייט פון זיין האַרצן אַ פראַגע, גלאַט אַזוי אין דער נאַכט אַריין.

— אפשר — וויל אים טרייסטן דער פּליט. און פאַר זיך אַליין זעט ער נישט קיין טרייסט.

די מלחמה איז אין פולן ברען. די וועלט פאַרוואַנדלט זיך אין חור־בות און אַש. ערגעצווו רייסן זיך שטאָלענע מחבלים און שליגען איין אונטער זיך שטעט און דערפער, פאַרניכטן און פאַרברענען.

לאַכמאַראַדאָוו אָנט נישט, קאָן נישט פילן דעם ווייטיק פון זיין שכן, דעם פּליט פון פוילן, וואָס זיצט דאָ לעבן אים אַן אויסגעוואָרצלטער, אַן אַרויסגעריסענער פון זיין היים.

פון אָטשילס הייפל דערטראָגן זיך פרייל‌עכע קולות. געלעכטערס. די באַראַנעס שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און צופּן דעם פרישן גראָז־אויסשפּראָץ. די לבנה שוועבט זיך בהחרבהדיק פון איין וואָלקנדל אַרויס און אין צווייטן אַריין אַ בנעימותדיקע, אַ רואיקע ווי גאָרנישט וואָלט געשען אויף דער וועלט.

* * *

אָטשיל לאַכמאַראַדאָוו איז אַ געביפטער און פּראַקטישער קאָלכאָז־ניק. ער איז געווען פון די ערשטע אוזבעקן פון זיין דאָרף, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט איינצוימען אין אַ קאָלכאָז. ער איז געווען איינער פון די ערשטע וואָס האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער טייערער ביסן, וואָס הייסט קאָלכאָז, וועט זיך שווער לייגן אויף זיינע פלייצעס און ער האָט רעוואָלטירט. ווען בודיאָני איז אָנגעקומען אַהער אין די דרייסיקער יאָרן מיט פייער און שווערד צו באַצווינגען די ווידערשפעניקע, איז ער אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די בערג. ביז היינט איז ער אַ דם־שונא דער אויפגעצוווּנגענער קאָלעקטיוויזאַציע, וואָס הונגערט אויס די פויערים, וואָס רייסט ביי זיי אַרויס דעם לעצטן שוויסיקן ביסן ברויט פון מויל.

— זיי וועלן ווייט נישט אַוועק מיט אַזאַ רעזשים — צאָרנט ער אַרויס אין דער נאַכט — קאָלכאָזן האָט זיך זיי פאַרוואָלט, אויסמאָרדן

דעם נאַראַד האָט זיך זיי פאַרגלוסט, די מערזאַווצעס· יאַמאַן אַקאַ, נאָן יאָק[2].

— אַבי רואיק און ווייט פון מלחמה־שטורעם — טרייסט אים דער פּליט — אַלץ וועט גוט ווערן.

— עך, אַקאַ, דו קענסט זיי נאָך נישט. ביז וואַנען זיי וועלן זיך באַזינען וועט מען פוילן אין דער ערד.

אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט זיך אַטשיל אָנגערופן:

— דו ביסט דאָך אַ גראַמאַטנער מענטש, סקאַזשי־קאַ, אַקאַ, ווער איז געווען דער מערזאַוויעץ פּושקין, וועמען זיי גיבן אַפּ אַזויפיל כבוד און רופן אָן אַזאַ גרויסן קאָלכאָז אויף זײַן נאָמען. ער איז מן־הסתם געווען אַ גרויסע שישקע, וואָס האָט אויף זײַן געוויסן אַ סך פון אונדזערע פאַרפייניקטע.

דער פּליט האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— וואָס לאַכסטו? עס איז דען דאָ פון וואָס צום לאַכן?

— פּושקין? דו ווייסט טאַקע נישט ווער פּושקין איז געווען?

— אַ טשאָרט יעוואָ זנאַיעט, פּראָקליאַטי סוקין־סין, אַזאַ מערזאַוויעץ ווי אַלע אַנדערע — האָט אַטשיל געשיפּעט ווי אַ בייזע שלאַנג.

— מען האָט אייך אין קאָלכאָז קיינמאָל נישט דערקלערט, ווער ער איז און פאַרוואָס ער האָט זוכה געווען צו אַזאַ כבוד? דו האָסט טאַקע קיינמאָל נישט געהערט פון אַזאַ נאָמען?

— טשאָרט יעוואָ זנאַיעט.

— ווייסט, אַז אַלעקסאַנדער פּושקין איז געווען אַ גרויסער דיכטער, וואָס האָט געשריבן זייער שיינע לידער און דערפאַר האָבן זיי דײַן קאָלכאָז אָנגערופן אויף זײַן נאָמען.

— טשטאָ אָן פּיסאַל[3]?

— לידער...

— נישט געהערט קיינמאָל פון אַזאַ פאַרשוין. מיר גייט נישט אָן וואָס ער האָט געשריבן. איך ווייס נאָר, אַז ער האָט זיך פאַרלייגט אויף

[2] שלעכט ברודער, קיין ברויט נישטאָ (אין אוזבעקיש).

[3] וואָס האָט ער געשריבן?

## ב. טערקעל

אונדז אַלע און זויגט אויס אונדזער מאַרך, טאַקאַי פּראָקליאַטי. ווי אַזוי האָט ער נישט קיין חרפּה... אַללאַ וועט אים זיכער דערפאַר באַשטראָפן. ביי אַללאַ זענען נישט פאַראַן קיין פאַרפאַלענע זאַכן.

* * *

אָטשיל לאַכמאַראַדאָוו ווייסט נישט און האָט אַפילו נישט קיין אַנונג ווער עס איז געווען דער געניאַלער פּושקין. ער ווייס בלויז איינס, אַז עס טויג אויף כפּרות.

און פאַרוואָס טאַקע האָט מען קודם־כל נישט אויפגעקלערט די קאַל־כאָזניקעס ווער פּושקין איז. זיי וואָלטן זיכער זייערע ליידן לייכטער אי־בערגעטראָגן, וויסנדיק, אַז פּושקין איז גאָט די נשמה שולדיק און נישט ער האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו דער אידייע פון די קאָלכאָזן.

* * *

אין דער נאַכט פון זיין בן־זקונימס מל־זיין האָט ער אויסגערעדט זיין האַרץ פאַר די צעבליטע שיינע פעלדער, וואָס פילן־אַן מיט אומרו און רעוואָלט די הערצער פון די קאָלכאָזניקעס.

— יאָ, אויך מיין צאַדיקאָוו וועט אַריין אין שפּאַן און דאַרפן טראָגן דעם שווערן יאָך. באַזאָרגן מיט כל־טוב זיינע נאַטשאַלניקעס און פאַר זיך אַליין וועט ער נישט האָבן אַפילו קיין ברויט צו דער זעט.

דער אוריוק־בוים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַש. געבליבן בלויז אַ צייכן פון אָפּגעסמאַליעטע וואָרצלען אויפן פּאָן פון דער פּריש־צעגריב־טער גראָזיקייט...

# שיין זענען דיינע נעכט, סאַמאַרקאַנד

אין דער קיביטקע געוועלטיקט דער ווינט, לויפט אַריין און אַרויס. קיין פענצטער זענען נישט פאַראַן. קומט ער דורך דער צעפּראַלטער טיר, שטויבט אויס די נישעס און געוועלבטן סופיט, פאַרגנבעט זיך מיט געברום צווישן די בלעטער פון צעצווייגטן טיטאָווניק[1], צעוויגט זיינע בלעטער און שיט אים אַראָפּ אויף דער ערד.

אין אַזאַ נאַכט איז גוט. עס איז ממש ווי געווונטשן פאַר אַ הונגעריקן מאָגן. דער ווינט האָט אָנגעטרייסלט אַזויפיל טיטאָווניק, אַז דו ציסט זיך אויס אויף דער ערד און שלינגסט עס הויפנווייז.

ווי אָנגענעם עס איז אַזאַ נאַכט...

די לבנה שפּאַצירט זיך בנעימותדיק אַרומגערינגלט מיט מיליאָנען גלאַנציקע שטערן און דו ביסט זי מקנא. ווײַל זי איז זיך דאָ מיט דיר, געפעלט איר נישט — בליקט זי אַריין אין בעסערע ערטער, דו אָבער מוזסט דאָ בלייבן.

דער אַלטיטשקער אוזבעק אָטשיל לאַכמאַראַדאָוו, שטייט מיט פאַרשאַרצטע הויזן אינעם גרויסן אַריק און באַוואַסערט דעם גאָרטן. ס'איז אָנהייב פרילינג, די ביימער בליען מיט ווייסן און רויטן צוויט און שמעקן, עס רייצט דער ריח פון בליעכץ מיט זאַפטיקע פערסיקעס, פליישיקן אורוק און באַטעמטע עפּל און רויט־סאַמעטענע קאַרשן, אַזש די סלינע קומט אין מויל אַריין. באַלעקסט זיך שוין באַצייטנס ביים געדאַנק פון די רייפע פירות וואָס וועלן אויסוואַקסן. און דערווייל קוויק זיך מיט פאַנטאַזיע.

אין אַזאַ נאַכט איז טאַקע גוט און אנגענעם צו פאַנטאַזירן. וואָס קען אַ פאַרוואָגלטע נשמה טאָן? ערגער וואָלט געווען אָן דעם.

* * *

שיין זענען די נעכט אין סאַמאַרקאַנד, אַ פּראַכט. קענסט ליגן אויס־

[1] אַ בוים וואָס גיט אַזאַ מין פרוכט, ענלעך צו מאַלינעס.

## ב. טערקעל

געצויגן אויפן רוקן און קוקן אין פּרעכטיק־בלויען הימל, זיך לאָזן לאַש־טשען פון מילדן ווינטל, שמעקן און איינזאַפּן אין זיך דעם געשמאַקן אַראָ־מאַט פונעם פעלדישן אַרום.

דער אַלטיטשקער אַטשיל לאַכמאַראַדאַוו באַגיסט זיין גאָרטן און די טראָפּנס וואָסער זילבערן זיך אינעם שיין פון דער לבנה. און ער זינגט צו אַ פאַרבענקטן מעלאַנכאָלישן ניגון. נאָך וואָס בענקט ער? אַז דאָ איז ער געבוירן און דאָ דערצויגן, דאָ שקלאַפּט ער צוגלייך מיט אַלע און ס'איז אים וויל. זיין ניגון שניידט זיך אַריין און קלינגט אָפּ מיט אַן עכאָ אין די צעקייטלטע בערג, וואָס שניידן זיך אַריין מיט זייערע שפּיצן אין די וואָלקנס.

די באַראַנעס צופּן די גראָזן, זענען אַריינגעטאָן אין דער אכילה. זיי איז גוט, זיי קאָנען כאָטש עסן גראָז. דאָס מין פעלט איצט נישט דאָ אין באַגראָזטן אַרום, אָבער... הלוואי וואָלטן עס מענטשן אויך געקענט פאַר־דייען. ווי גוט אַז עס איז פאַראַן ערגעץ דאָרט עמעצער, וואָס באַזאָרגט זיינע באַשאַפעניש. און דעם מענטש? אים איז טרויעריק, קוקט ער אויף די באַראַנעס און איז זיי מקנא...

אָטשילס טאָכטער, כאַסיאַ, איז אַ שיינהייט. אין נויט און צרות, ביי די באַדינגונגען קאָן אויסוואַקסן אַזאַ פּרעכטיקע רויז. זי גייט פאַרפלאָכטן איר קאָפּ האָר אין צענדליקער שוואַרצע צעפּעלעך, וואָס פאַרדעקן אירע שולטערן מיט אַזאַ גראַציע, אַסור צי אַ בת־מלכה קאָן זיך צו איר גלייכן.

זי שטייט מיט פאַרחלומטע שוואַרץ־פאַרבענקטע אויגן און שפּיגלט זיך אין פליסנדיקן אַריק. זי זוכט באַשייד אין זיין סודותדיקן געפּליסטער. דערווייל איז איר וויל, זי קאָן נאָך האַלטן אָפּגעדעקט איר געזיכט און אַז זי וועט חתונה האָבן וועט זי אים מוזן צודעקן מיט אַ פאַראַנטשאַ[2], כדי אַ פרעמדער מאַן זאָל זיך נישט זעטיקן מיט איר שיינקייט.

פון וואָס טראַכט אַזאַ פּרעכטיקייט איז אַזאַ שיינער נאַכט, איינע פון די הונדערטער, פון אַ סך, אין דער שיינער שטאָט סאַמאַרקאַנד?

און פון וואָס טראַכסטו?

---

[2] אַ געדיכטער וואָל וואָס פאַרדעקט די פּנימער פון די פאַרהייראַטע אוזבעטש־קעס, כדי אַ פרעמדער מאַן זאָל נישט זען איר פּנים.

איינס איז קלאָר: פאַר דיר און פאַר איר טראַכט מען שוין. מען גייט אין שפּאַן און אַזוי מוז עס זיין.

קענסט זיך בלויז קוויקן מיט דער רחבותדיקייט, קענסט שעפּן לופט מיט פולע הויפּנס און שוין. זי, כאַסיאַ, וועט מאָרגן ביים זון־אויפ־גאַנג אַרויס אויף די קאָלכאָזנע פעלדער און באַאַרבעטן די גערטנער, זייען גרינסן און טראַכטן וועגן בעסערע טעג, וואָס וועלן אפשר אַמאָל קומען. דערווייל פלעכט זי אַלץ שענער אירע צעפּ און לייגט אַריין אין דעם גע־פלעכט אירע מיידלשע טרוימען...

ווי שיין זענען דיינע נעכט, סאַמאַרקאַנד...

* * *

שווימט זיך די לבנה עפּעס אַזוי מאַיעסטעטיש, גראַציעז, קוקט אַראָפּ שעלמיש און אַזוי כיטרע אויף די קאָלכאָזנע פעלדער, אַז מען ווערט ראָ־מאַנטיש. די ראָמאַנטישקייט קריכט אַזש אַריין אין מאָגן און הייבסט אָן צו טראַכטן וועגן אַ פּריוויט־צונאַכטיקן טיש אין אַ קליין יידיש שטע־טעלע ערגעץ־צווו אין פּוילן און אויפן טיש שטייען אויסגעשטעלט אַלע מעדני־מלכים, געפילטע פיש, פליש און חלה און... די זעלבע לבנה קוקט אַריין אין די צעעפנטע פענצטער אויך אַזוי ווי איצט... נאָר דאָ איז זי אַזאַ גרויסע, אַזאַ מאַיעסטעטישע, אַזאַ גראַציעזע, וואונדערבאַר שיין, אַזאַ ווי די פּרעכטיקע נעכט פון סאַמאַרקאַנד.

ווי שיין זענען דיינע נעכט, סאַמאַרקאַנד...

* * *

מיין שכנס אייזל האָט זיך צערעוועט ווי אַ באַנומענער, ער האָט הויך פאַררייסן זיין שפּיציקע מאָרדע צו דער לבנה און זיך אויף איר צעבייזערט. אים צוהילף האָבן זיך אין כאָר פאַראייניקט די איבעריקע אייזלען פון קאָלכאָז. די הונגעריקע הינט האָבן זיך גרויזאַם און האַרצרייסנדיק צעשריגן און די שאַקאַלן האָבן זיך צעגרילצט אין דער נאַכט...

אַטשיל לאַכמאַראַדאָוו האָט זיך נאָך מעלאַנכאָלישער צעזונגען מיט אַ האַרצרייסיקער מעלאָדיע.

## ב. טערקעל

פּישטשען די שרצים אין די גראָזן, און די גרילן אין די בערגיקע היילן, וויינט אַלץ אַרום אַזוי טרויעריק און קאַלעמוטנע, און די לבנה שפּאַצירט באַזוימט מיט וואָלקנדיקן זילבערנעם ראַם גלייכגילטיק און קאָלט. אָט אַזוי ווי דאָס לעבן דאָ.

ווי שיין זענען דיינע נעכט, סאַמאַרקאַנד.

* * *

אינעם גלאַנציקן קופּאָל פון דיין מעטשעט באַנעסטעט מיט פלעדערמייז און סאָוועס שפּיגלט זיך מאַיעסטעטיש אין דיין מאָזאַיִק די עלעגאַנטע נאַכט־מלכּה — די לבנה, און וואַרפט אַזאַ סודותפולן זילבערגלאַנץ. און אונטן, אין שטאָט־גאָרטן, ליגן אויסגעצויגן אויפן גראָז פאַרשידענע היימלאָזע וואַגאַבונדן און שוצלאָזע קינדער, וואָס חלומען האַלבוואַך וועגן פּראָזאַישע זאַכן. עס קוקן זיך אויס די אויגן די האַלב־הונגעריקע, פאַרשמאַכטע קינדער נאָך אַ קרישקע ברויט, נאָך אַ זאַפטיקן פּאָמידאָר צו קוויקן זיך דאָס האַרץ.

און די לבנה שפּאַצירט אַזוי קאַלט און רואיק, און קוקט אַריין אין באַפּאָרהאַנגטע פענצטער, ווו עס רוען די זאַטע, די בעסערע מענטשן, וואָס האָבן זייער לעבן אָרגאַניזירט לייטישער און באַקוועמער, בליקט אַריין אין אָפענע קיביטקעס מיט צעפּראַלטע טירן און גייט זיך רואיק איר וועג, פּונקט ווי די אַלע ליידן און פּיין וואָלטן זי נישט אָנגעגאַנגען. זי גייט רואיק אַ קאַלטע און אַ באַזילבערטע איר וועג און שווייגט אַזוי שטום און גרויזאַם, ווי די אַלע וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן די וועלט...

ווי שיין זענען דיינע נעכט, סאַמאַרקאַנד...

# אויף דער עוואַקואַציע

## געוועזענע מענטשן

אָט זע איך זיי, אונדזערע יידישע שרייבער, אַרטיסטן און מאָלער פון וואַרשע, פון לאָדזש און ווילנע, איינגעקנאָדערטע און צעבראָכענע, אויסזיכטלאָזע און פאַרהונגערטע. זיי שלעפּן זיך אָפּגעריסענע מיט פאַרחושכטע פּנימער איבער די צעליימיקטע וועגן ווינטער־צייט און צעשרפה־טער ערד אין לאַנגן אויסמאַטערנדיקן זומער פון די קאָלכאָזן אין די שטעט אַריין.

געוועזענע מענטשן. העט, אַמאָל געשפּילט אַ ראָלע אין דער ליטע־ראַטור און פּרעסע, באַשיינט יידישע בינעס מיט זייערע אויפטריטן, גע־גלאַנצט אויף פּרעכטיקע בילדער־אויסשטעלונגען. זייערע נעמען האָט מען געזען אַראָפּשיינען פון צייטונג־שפּאַלטן און אַפישן, פון שער־בלעטער אויף ביכער.

איצט איז דאָס יאָר 1942, אין סאַמאַרקאַנד, — מיטלאַזיאַטישער קלימאַט, געמיש פון פיבער, היץ און מאַלאַריע.

דער זשורנאַליסט ב. ק. איז געווען פּאָפּולער אין יידישן צייטונג־וועזן אין וואַרשע. אַ גוטער פאַרדינער מיט אַן ערנסטער פּאָזיציע, אָנגע־זעענער מיטאַרבעטער פון „היינט", אַ רעדאַקטאָר פון אַן אָפּטיילונג. ער איז אַנטלאָפן פון וואַרשע אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939, געלאָזט זיין פרוי און איינציקן זון אין אָקופּירטן פּוילן, געגלויבט זיך צוריקצוקערן אין אַ קורצער צייט אַרום און... איצט: אין פאַרוואָרפענעם סאַמאַרקאַנד, אין אַ נידעריק ליימענער קיביטקע אין עק באַן־קוואַרטאַל, קומט ער אָפּ די שווערע טעג פון אַ באַפרייטן לאַגערניק. די שיקאָרסקי־אַמנעסטיע האָט אים געראַטעוועט. קיין אַרבעט האָט ער נישט. ער איז אָפּגעשוואַכט און צעבראָכן. ער קוקט אויס אויף זיין רייכן שכן דעם גאָלד־שמיד פון וואַרשע. אויס דרך־ארץ פאַר אַ שרייבער, אַ פּרעסע־מענטש,

האָט יענער אים אַריינגענומען צו זיך, ער וואַרפט אים צו שיריים פון זיין זאַטן טיש.

פון צייט צו צייט כאַפּט ער זיך אַרויס, דער שרייבער ב. ק., פון זיין קיביטקע; דערשלעפּט זיך אויפן באַזאַר און פאַרקויפט אַראָפּ פון זיך אַ לעצטע שמאַטע, אַ לעצטן זכר וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן פון זיין רו־איקער, זאַטער היים.

ער קרעכצט שוין נישט מער. פאַרגעסן אין די אַמאָליקע צייטן. זיי ליגן איצט פאַרנעפּלט ווייט־ווייט אין זכרון. ער וויל בלויז איינס: איבער־לעבן, דערלעבן צוריקצוקומען קיין וואַרשע, אפשר וועט זיך אָפּגעפינען אַ שפּור פון זיין פאַרשוווּנדענער היים, פון דער פאַרלוירענער משפּחה.

## אַ צופרידענער

דעם קינסטלער מ״ג גייט עס נישט שלעכט. ער האָט זיין פּענדזל פאַרקויפט פאַר אַ בולקע מיט פּוטער. אַנשטאָט מאָלן בילדער, שטייט ער אויף אַ לייטער אין דער אַטעליע און מאָלט די נאָז מיט די וואָנצעס פון גרויסן פירער פון די פעלקער. ער דראַפּעט זיך אַרויף מיט אַ שטאַפּל העכער אַרויפצומאָלן אַ געדיכטע שוואַרצע ברעם איבער די גרוזינישע שוואַרצע אויגן. ער איז אַ סטאַכאַנאָוויעץ, באַקומט אַ ליטערנעם פּאַיאָק ווי אַ קינסטלער: פלייש, ווורשט, צוקער, מאַרמעלאַד, פרישע פּוטער. און צומאָל אַ פלעשל וואָדקאַ. אַ טייל פאַרקויפט ער אויפן באַזאַר, מיטן איבעריקן דערנערט ער זיך אַליין מיט זיין פרוי און פיצלעך קינדער. ער איז צו־פרידן און געהערט צו די גליקלעכע... דאָס ווייב ווערט קראַנק אויף פלעק־טיפוס. זי ליגט מיט פערציק גראַד היץ און ער מוז לויפן צו דער אַרבעט מאָלן דעם פריינד פון די פעלקער.

## שויבן צו פאַריכטן!

אין סאַמאַרקאַנד, אין דער אַלטער שטאָט, וואָס איז פאַנטאַסטיש שיין און שמוציק מיט אויפגעהיטענעם סטיל פון אָריענט, טרעפט מען אים, דעם יידישן אַקטיאָר פון וואַרשע, שטיין מיט זיין גלאָזקאַסטן אין

געלן ליימיקן געסל וואָס פירט צום באַזאַר. ער איז דאָ געוואָרן אַ גלעזער. ס'איז אַ גוטע פּרנסה. די פענצטער־שויבן האַלטן זיך דאָ נישט לאַנג, נישט חלילה ווייל ס'דערגרייכן אַהער די באָמבאַרדירונגען, זיי זענען אַזוי שוואַך פאַרקיטעוועט, אַז נאָך איידער מע זעצט זיי אַריין, פאַלן זיי אַרויס. און קיינער וויל דאָ נישט זיצן ביי אָפענע פענצטער, מ'איז נישט זיכער מיטן מינדסטן מויל־קלאַנג. איז ממש די לעצטע פּאָר רובל גיט מען אַוועק אויף אַריינצושטעלן אַ שויב. און ער, דער געוועזענער באַרימטער אַקטיאָר, וואָס האָט „געשפּילט אַ ראָל" אויף דער יידישער בינע, געווען אַ זייל פון יידישן טעאַטער, שוין געהאַט אויסגעווען אַ וועלט, האָט דאָ כמעט ווי פאַרגעסן אין זיין טעאַטראַלער פאַרגאַנגענהייט. וואָס לאָמע טיען? פּרנסה איז דאָ? וועגן מאָרגנדיקן טאָג דאַרף דאָ קיינער נישט טראַכטן, גייט ער מיטן קלאָזקאַסטן איבער די טיפע ליימיקע אַלטשטאָטישע געסלעך און שרייט:

— שויבן צו פאַריכטן, — שויבן!!!

## אַ טרעמפּ

דער באַקאַנטער ווילנער זשורנאַליסט ע. ה. איז שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן. מ'טרעפט אים שטענדיק אַן איינגעהויקערטן, אַן אָפּגעריסענעם און באַוואַקסענעם. דאָס קויטיקע העמד צעכראַסטעט, מע זעט אַרויס זיין געל־וואַקסן איינגעדאַרט לייב. ער גייט קוים אויף די פיס. זיינע קורצזיכטיקע אויגן זוכן אויף דער ערד אַ צעפּוילטן פּאַמידאָר, אַן אַוועקגעוואָרפן הערצל פון אַן עפּל, ער עסט עס אויף גיריק, געשווינד, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, מ'זאָל אים די מציאה נישט אַרויסכאַפּן פון דער האַנט. ער שלאָפט אויף אַ באַנק אין פּאַרק, אין די קוסטעס פון אַ סעדל הינטערן שטאָט.

ס'איז אים שווער געווען זיך צופּאַסן צו די האַרטע שווערע באַדינגונגען פון אַ לאַגער־מענטש, אַ בעזשעניעץ, אַ בראָדיאַגע. אַ שוואַכער פון דער נאַטור, אַ נישט פאַרהאַרטעוועטער האָט ער לסוף שלום־געמאַכט מיטן געדאַנק: ער לעבט ווי אַ טרעמפּ...

## אַ הענדלער

אויפֿן סאַמאַרקאַנדער אַלטשטאָטישן באַזאַר זעט מען אים שטיין דעם יונגן אַקטיאָר א. ר. פֿון וואַרשעווער טעאַטער, מיט אַ פּאַק העמדער און שאַליקעס אויף דער האַנט. דאָס היטל וווילינגעריש פּאַרוקט אויף אַ זייט, מיט אַ פּאָר גאַליפֿע־הויזן, לייגט ער פּאָר זיין סחורה.

ער טויג זיך אויס צום דאָזיקן לעבן דאָ. ער ווייסט שוין ווי אַזוי אָפּצובלאַטירן אַ מיליציאָנער, ווי אַזוי אָפּצוזעצן זיין סחורה און אויפֿן טאָג לעבן פֿאַרדינט ער. ער איז אויסגעזאָרגט.

פֿאַרלוירן אַלע שפּורן פֿון דער היים, פֿון די אייגענע. ווער קען וויסן זייער גורל? זיין אייגענער גורל איז נישט אינגאַנצן פֿויגלדיק:

— קויף, גראַזשדאַנין, אַ גוטן שאַליק פֿון „פּאָלשע״, ביליק, ביליק!...

## אַ סאָוויעטישער פּאָעט

מיט גיריקע אויגן, אַרויסגעסטאַרטשעטע פֿון שטענדיקן הונגער, לויפֿט ער אַרום איבערן באַזאַר ווי אַ פֿאַרסמטע מויז, דער סאָוויעטישער דיכטער מענדל ל. ער קוקט זיך אַרום, כאַפּט אַ בליק אין דעם פּעסל, אין יענעם. דער אומרואיקער בליק גיט אַ פֿאַרבלאָנדזשע צום פֿאַרפּאַ־רעטן פֿאַרקויפֿער, וואָס דינגט זיך מיט די קונים, און באַלד גיט דער דיכטער אַ שטעק אַריין אַ לאַנגע גרויסע האַנט אין פּעסל זויערע אוגער־קעס. שטופּט גיך אַריין די אוגערקע אין מויל, גייט און שלינגט עס איין שטיקערווייז און פֿילט נישט און זעט נישט ווי דער קאָלכאָזניק שלאָגט אים מיטן שטעקן איבער דער פּלייצע, מויל און הענט. ער לויפֿט און קייט און שלינגט און שמייכלט שעלמיש דעם קאָלכאָזניק אין די אויגן אַריין:

— וואָס העלפֿט דיר דיין שלאָגן, נאַר איינער, אַנו, לאָמיר זען, קריג עס צוריק אַרויס פֿון מיין מאָגן?

## אַ נאַכטוועכטער

געווען אַמאָל אַ באַוווסטער יידיש־סאָוויעטישער שרייבער אורי פֿינ־קעל, אַ ייד פֿון אַריבער די פֿופֿציק. ער האָט אָנגעשריבן אַ מאָנאָגראַפֿיע

— די איינציקע — וועגן זיידן מענדעלע, אַ צווייטע וועגן שלום עליכמען. געהאַט זיבן קינדער — מיידלעך איינס און איינס. די קינדער זענען אים פאַרשווונדן געוואָרן, ווען ער איז געלאָפן פון די אָנגרייפנדיקע דייטשע חיילות אין דער מהומה בעת דער עוואַקואַציע פון ווייסרוסלאַנד, און גע־בליבן איז ער ביים ווייב מיט צוויי קינדער, די יינגסטע.

ער היט שוין מער נישט זיינע כתבים. ער היט אַ פאַבריק, געוואָרן אַ נאַכטוועכטער איבער מלוכהש פאַרמעגן. ביי טאָג לויפט ער אין אָטשע־רעד נאָך ברויט, נאָך 300 גראַם צוקער אויפן וואָכנקאַרטל, סתם אין אַן אָטשערעד, אפשר וועט מען „אַרויסוואַרפן" הענטשקעס, וואָלענע שקאַר־פעטן אויפן מלוכה־פרייז, און ביינאַכט זיצט ער אין דער בודקע מיטן אויטאָמאַטישן זייגער, וואָס קאָנטראָלירט זיין וואַכזאַמקייט, ער זאָל נישט כאַפּן קיין דרעמל. ער גייט מיט אַ סענקעוואַטן שטעקן — זיין איינציק געווער אין די שטאָקפינצטערע רעגנדיקע נעכט. ער היט דאָס פאָלקס־אייגנטום פון דער פראָלעטאַרישער מלוכה מיט אַ פוסטן מאָגן...

## נאָטע מאַנגער

נאָטע מאַנגער, דער ברודער פון באַרימטן דיכטער איציק מאַנגער, האָט זיך אַ לאַנגע צייט נישט געקענט צופּאַסן, אַריינפּאַסן. ער האָט ערנסט און ערלעך געאַרבעט און וואָס מער ער האָט געאַרבעט, אַלץ ווייניקער האָט ער פאַרדינט אויף ברויט.

די היימישע בגדים האָבן זיך צעדריוועלט, די שיך זענען צעריסן גע־וואָרן און אַ כראָנישער הונגער איז געוועזן זיין שטענדיקער באַגלייטער. ער איז געוואָרן איינגעדאַרט און איינגעקוואַרט. ערגעצווו אויף אַ בוידעם־שטיבל האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

געוועזן אַמאָל אַ מענטש אַ שטילער, אַ פּליט פון רומעניע פאַרוואָרפן אין וויטן מיטלאַזיע און נישטאָ. ערגעצווו אין אַן איינזאַמען קבר אויפן בוכאַרישן בית־עלמין פון דער סאַמאַרקאַנדער אַלטשטאָט פוילן די רעשטן פון אַ האַרציק־יידישן מענטש, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט אַלע כוחות איבערצולעבן... געחלומט צוריקצוקומען, זיך טרעפן אַמאָל מיט זיין ברו־דער, דעם באַרימטן דיכטער, און אים דערציילן אין נחת די טרויעריקע

איבערלעבונגען אין שיינעם זוניקן סאַמאַרקאַנד... און נישט באַוויזן. ער איז געפאַנגען געוואָרן פון דער ווילדער מיטלאַזיאַטישער שיינקייט אויף אייביק, אויף מער זיך נישט צו באַפרייען פון איר.

## אַז גאָט וויל...

אַ קליינטשיקער, אַ דאַרער ווי אַ נזיר — הויט און ביין, מיט אַ קאָזע־בערדל, צעכראַסטעט דעם שפּענצער מיט באַמבלענדיקע ציצית. ער גייט נישט, נאָר לויפט, גיך־גיך. ווו איילט ער, דער עסייאיסט און דיכטער מ. אָ.? ער איז געווען אַ צאַרטער, אַ פריידענקער, אַ דענקענדיקער מענטש, אַ סימפּאַטיקער פון דער רעוואָלוציאָנערער שרייבער־גרופּע אין פּוילן. דאָ איז ער איבערגעדרייט געוואָרן, נישט דער זעלבער, געוואָרן אַ פרומער, נישט אַרויסגעלאָזט גאָטס נאָמען און אַם־ירצה־השם פון מויל... גאָט וועט שוין העלפן... השם יתברך וועט זיך מרחם זיין... געלויבט זיין ליבער נאָמען.

ער גייט אַרום איבער די הייזער ווו עס זענען פאַראַן יונגע בחורימ־לעך און לערנט מיט זיי עברי, זיי רופן אים רבי, די תלמידים. ער לעבט פון מלמדות און איז זיך מפרנס מיט שווערער מי.

— איר האָט געגעסן, חבר אָ.?

— אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, אַז גאָט וויל לעבט מען.

מיט זיין באָרד האָט מען אים אין ערגעץ נישט געוואָלט אַריינלאָזן. אָפּשערן זי האָט ער נישט געוואָלט. דער דיכטער משה קנאַפּהייס, וואָס האָט זיך דאָן געפונען אין סאַמאַרקאַנד, האָט אים אין אַ פינצטערן אָוונט פול מיט קלעפּיקן נעפּל אַוועקגעשלעפּט אין אַ פאַריקמאַכערסקע. קיינער האָט זיך נישט געוואָלט צורירן צו זיין באָרד, אויס מורא זיך נישט אָנצו־שטעקן מיט פלעקטיפוס וואָס האָט געפאַנעוועט אין שטאָט. ענדלעך האָט זיך אויף אַזַ הינטערגאַס אָפּגעפונען איינער אַן אַמאַטער. דער אוזבעק, דער פריזירער, האָט אים מקצר געווען די גרויסע קאָלטענעוואַ־טע באָרד, געמאַכט פון איר אַ בערדל, אַ קליין שיטער קאָזע־בערדל. און נאָך דער רעפּאַטריאַציע האָט מ. אָ. אהיימגעפירט אַ גרויסע שיינע ברייטצעוואקסענע געדיכטע באָרד... אַז גאָט וויל...

# אַנדערע צייטן

יידישע שרייבער, אַקטיאָרן, מוזיקער זענען מיט אַלע אַנדערע פאַר־כאַפּט געוואָרן פון מלחמה־שטורעם. זיי האָבן צוזאַמען מיט דער מאַסע ליידנדיקע, פאַרהונגערטע און געדרודפטע געוואָגלט איבער אַלע וועגן און שטעגן, געטיילט דעם שווערן גורל פון נאָכאַנאַנדיקן הונגער און געפונען אַ טרייסט אין דער מוזע.

יאָ, די מוזע, אַ טייערע זאַך איז עס געווען אין יענע יאָרן. מע האָט פאַרגעסן אינעם נאָגעניש און מאָגעניש פון מאָגן, דאַן ווען מ'איז געווען פאַרטראָגן אין די הויכקייטן פון די הימלען, זיך געקוויקט מיטן געבלי פון ביימער און אויסבליק פון פרעכטיקע פּייזאַזשן. ביים אָנבליק פון אַ שטיקל ברויט, וואָס אַ גליקלעכער האָט אַזוי זשעדנע געלייגט אין מויל אַריין, צי פון אַ צעפּוילטן פּאָמידאָר האָט אַ צופּ געטאָן ביים האַרץ און די מוזע איז במחילה אָפּגעטרעטן אויפן אַנדערן פּלאַן.

פונקט ווי צווישן אַלע נאָרמאַלע מענטשן האָבן זיך אויך צווישן אחינו שרייבער און קינסטלער געפונען פּראַקטישע און ענערגישע מענטשן וואָס האָבן באַשלאָסן צו ווערן מיט לייטן גלייך.

* * *

כמעט אין שווערסטן מאָמענט פונעם פּליטים־לעבן, ווען די פיס האָבן זיך שוין אָפּגעזאָגט צו גיין, דער מוח איז געוואָרן אָפּגעטעמפּט, דער מאָגן שוואַך, אַז דער „קרוואַוער פּאַנאָס" (בלוטיקע דיזענטעריע) האָט אָפּגעשוואַכט ביז צום סוף און די מאַלאַריע האָט פאַרכאַפּט דעם גאַנצן גוף, אים צעהיצט און צעשוידערט, געוואָרפן פון קעלט אין היץ און פון היץ אין קעלט, אָט דעמאָלט האָט זיך געגרינדעט דער ז. פּ. פּ. (פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן). די יידישע פּליטים פון פּוילן האָבן אין דעם דערזען אַ ישועה. קודם־כל האָבן זיך געגרינדעט פּוילישע פּלאַצוווקעס. מע האָט אָנגעהויבן געבן פּראָדוקטן און זאַכן וואָס זענען אָנגעקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. מע האָט געעפנט גאָרקיכן, וווּ מען האָט באַקו־

מען אַ געשמאַקע זופּ און אַמאָל טאַקע אויך אַ פּאָרציע קאָנסערוון־פּלייש. אויפן געמיט איז געוואָרן אַביסל פריילעכער.

די פאַרשמענדריקטע יידעלעך פון פּוילן, אַסימילירטע אינזשיניער־לעך און נישט־פאַרענדיקטע דאָקטוירים׳לעך, האָבן זיך געשטעלט בראש פון די פּלאַצוווקעס. זיי האָבן טאַקע געמאַכט געלט, געלעבט אַ גוטן טאָג, אָבער אויך געהאַט דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס און פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף די שרייבער און קינסטלער נישט פאַרזען און עפּעס צוגעוואָרפן פאַר זיי. אָט אַזוי למען ידעו, זאָלן זיי אויך וויסן פון אַ לעבן.

שרייבער האָבן אָנגעהויבן באַקומען פּאַיאָקן מיט עסנוואַרג. די רע־גירונג האָט אויף דער רעקאָמענדאַציע פון ז. פּ. פּ. צוגעטיילט די שרייבער אַ „ליטערנעם פּאַיאָק״ פון דער ערשטער קאַטעגאָריע — אָט אַזעלכן ווי עס באַקומען העכערע פּאַרטיי־פונקציאָנאַרן און באַאַמטע פון נ. ק. וו. ד.

אין אָנבליק פון דער עסנוואַרג־פּאַנאָראַמע, פון די גוטע וווּרשטלעך, פּוטער, מאַרמעלאַד און פּריאַניקעס־קיכעלעך מחוץ קאַשעס און ווערמישעל — האָט זיך די מוזע צעשפּילט אויף אַלע כלים, מ׳איז געוואָרן שעפעריש און געשריבן אויף דער גאַנצער פּאַרע.

* * *

שרייבער און אַקטיאָרן האָבן געשאַפן אַ געזעלשאַפט פון „ראַבאָט־ניקאָוו קולטורי אי איסקוסטוואַ״ (פאַראיין פון אַרבעטער פון קולטור און קונסט). מ׳האָט אָפּגעדרוקט לעגיטימאַציעס, געשאַפן אַ ווערפיקאַציע־קאָמיסיע, וואָס זאָל אונטערזוכן די קוואַליפיקאַציעס פון די שרייבער און אַקטיאָרן צי זיי זענען ראוי אָנגענומען צו ווערן אין דער דאָזיקער גע־זעלשאַפט און ס׳איז אַוועק אָן אַרבעט.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ טעאַטער־טרופּע און מ׳האָט טאַקע גע־שפּילט טעאַטער. יידן זענען געקומען און הנאה געהאַט. מ׳האָט איינ־געאָרדנט שעפערישע אָוונטן. די אַקטיאָרן האָבן רעציטירט די נייעסטע שאַפונגען פון די שרייבער. די מוזיקער האָבן געשאַפן דערצו מוזיק. מיט איין וואָרט ס׳איז אַריינגעטרעטן אַן אמתע אויפלעבונג.

און וווּנדער איבער וווּנדער. מ׳האָט זיך איינגעשפּילט, איינגעאַר־

בעט און זיך איינגעלעבט צווישן זיך, גאָרנישט ווי דער אָנגענומענער און איינגעוואָרצלטער שטייגער ביי שרייבער און אַקטיאָרן. אַלע פּאַר איינעם און איינער פאַר אַלע. ממש אַן אידיליע, אַ באחרית הימימדיקע סימפּאָניע. איינער האָט פאַרגונען דעם צווייטן, מ׳האָט זיך ממש געקושט אין די פּיסקעלעך, און פאַרוואָס טאַקע נישט? אַלע האָבן באַקומען גלייכע פּאַיאָקן און גלייכן כבוד. איינער נישט העכער פאַרן צווייטן. נישטאָ קיין גדול, קיין ספּעציעל־אָנערקענטער, קיין פּרעמירטער, אַלע אויף איין און די זעלבע באַדינגונגען, אויף די זעלבע צרות, פאַרבראָקט מיט אַ ליטער־נעם פּאַיאָק צו פאַרשטאָפּן דאָס מויל.

* * *

דער פירער פון פוילישן פונקט איז געווען אַ לעמבערגער ייד, אַ געוועזענער קאָמוניסט נאָך פון פוילן, וואָס האָט זיך אויסגעטשוכעט און זיך גלייכגעשאַלט מיט אַלע אומצופרידענע דאָ. אַז ער האָט דערשמעקט, אַז מען קאָן ביי דער איצטיקער קאָניוקטור אָפּלעקן אַ ביינדל, איז ער אַריינגעקראָכן צוריק אין זיין אַלטער פעל. ער האָט געוועלטיקט ביד חזקה. אין דער אַרבעט האָט אים צוגעהאָלפן זיין ווייבל זאָשע, אַ יידענע מיט אַ פעסטער האַנט וואָס האָט געטראָגן די הויזן. זיי ביידע (דער עיקר זי) זענען געוואָרן די צענזאָרן און דעה־זאָגער איבער אַלץ און אַלעם.

זיי האָבן איבערגעקוקט אַלע פּראָגראַמען פון די אָוונטן, געלייענט אַלעמענס כתב־ידן, געפּסקנט וואָס איז ראוי און וואָס נישט, וואָס איז כשר און וואָס טריף, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט דער ליניע און וואָס נישט.

דער עולם האָט זיך צוגעפּאַסט. אַ ברירה האָט מען דען געהאַט? זיי זענען דאָך פאָרט געווען באַלעבאַטים אויפן מאָגן. טויג נישט די קאָפּ־אַרבעט, ס׳געפעלט זיי נישט — באַקומט נישט דער מאָגן דאָס זייניקע און מ׳האָט זיך געמוזט צופּאַסן, זיך רעכענען מיט דער געהויבענער מיי־נונג פון דער פּאַני זאָשע.

איז זאָשע אַהער און זאָשע אַהין, זאָשע דאָ און זאָשע דאָרט. ווער ס׳האָט געהאַט די טבע פון אַ חונף, האָט זי געלעקט, געחנפעט פון אַלע

זייטן און ווער עס האָט נישט געטויגט צום דאָזיקן פאַך, איז אים טאַקע געווען ביטער.

דער געוועזענער קאָמוניסט פאַן גלאַט, האָט פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף אַביסל זיין ווייכער צו די שרייבער. אָט שטייט מען ערב דער רע־פּאַטריאַציע. מע וועט פאָרן אין גיכן אַהיים און דאָרט איז בעסער צו האָבן אַ גוטע מיינונג פון די דאָזיקע חברה שרייבער. איז ער טאַקע גע־ווען צו זיי ווייכער און צוגעלאָזענער.

* * *

די פאַרוואַלטונג פון די „ראַבאָטניקאָוו קולטורי אי איסקוסטוואַ" האָט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ שעפערישן אָוונט מיטן גאַנצן פאַרנעם און קנאַק. זאָלן יידן קומען, הערן און הנאה האָבן, פאַרוואָס נישט. די דיכטער האָבן אויסגעלאָדן זייער גאַנצע מוזע, בעלעטריסטן זייער טאַ־לאַנט, די קאָמפּאָזיטאָרן האָבן געשאַפן מוזיק, די אַקטיאָרן האָבן אויס־געלערנט די רעציטאַציעס און געזאַנג־נומערן, די מוזיקער האָבן איינגע־אַרבעט מיטן אָרקעסטער. עס איז געווען ליהודים.

זי די פּאַני זאָשע, איז פאַרשמייעט מער ווי אַלע. זי קומט צו די פּראָבן, רעאַגירט אויף יעדן אויסדרוק, וואַרפט אַרויס זאַצן וואָס געפעלן איר נישט, געוועלטיקט ביד רמה. אַ יידענע, אַן אמתער קאָזאַק, מיט שוווּנג.

די חברה שרייבער און אַקטיאָרן איז אָבער אַזאַ מין פאָלק, וואָס אַבי מ'ען איז שוין מער ווייניקער זאַט און לייטישער אָנגעטאָן, קומט די שטי־מונג, מען פאַרגינט זיך שוין אַ שמייכל צו טאָן, מאַכן אַ הלצהלע, נעמען יענעם אויפן צימבל און אַריינשטעכן אַ שפּילקעלע, וואָסי? מע קאָן זיך שוין דערלויבן. עס איז שוין ערב יציאת אוזבעקיסטאַן, מע וועט שוין באַלד פּטור פון פרעהן, פון גלאַטן און פון דער פּאַני זאָשע.

— פּאַני זאָשע — רופט זיך אָן דער דיכטער ב. — אפשר זאָל איך אייך ווידמען דאָס לידל?

די פּאַני זאָשע טוט אַ זיס שמייכעלע. עס געפעלט איר דער איינ־פאַל. זי איז גערן מסכים.

דער דיכטער לייענט איר פאָר בקול־רם זיין געדיכט פון וואָס זי איז זייער צופרידן, ממש גליקלעך. זי לאַכט, לאַכט די חברה מיט און ס׳איז פריילעך אויפן האַרצן.

* * *

אַ גרויסער עולם האָט פאַרפולט דעם זאַל פון אוזבעקישן שטאַטישן טעאַטער. אַלע יום־טובדיק פאַרפוצט. עפּעס אַ קלייניקייט, אַזאַ דערגרייכונג, נאָך גאַנצע זעקס יאָר...

דער חבר גלאַט און די פּאַני גלאַטאָווע זיצן אין דער ערשטער ריי ברחבותדיק, פילן די בליקן פון גאַנצן עולם, וואָס לאַשטשען און גלעטן זייערע פּלייצעס און קוקן גלייך צו דער בינע, ווו ס׳שטייט דער יונגער אַקטיאָר און רעציטירט די שאַפונג פון דיכטער ב.:

„און אָט גייט זי, די פּאַני,
מיט דער גרויסקייט־מאַניע,
אַ יידענע אַ קאָזאַקל, אַ כוואַט,
די פרוי פון פּאַן גלאַט“...

קוקט זי זיך איבער מיטן פּאַן גלאַט, די פּאַני זאָשע, ווערט צונטער רויט, גיט זיך אַ ריס פון אָרט און הייבט אָן צו שרייען ווי אַ באַנומענע:

— ווער האָט דאָס דערלויבט? ווי וואַגט איר!

דער אַקטיאָר וויל ווייטער רעציטירן, אָבער זי שרייט אים איבער מיט איר שאַרפער שטים. עס ווערט אַ טומל אין זאַל. די פּאַני גלאַטאָווע האָט אויסגעפירט — אַ יידענע אַ כוואַט — דער אַקטיאָר איז פאַרשטומט געוואָרן. ער איז אַראָפּ פון דער סצענע אין סאַמע מיט.

די פּאַני גלאַטאָווע איז אַריינגעפאַלן הינטער די קוליסן און אָנגעהויבן אַלץ קאָנטראָלירן. און דער אָוונט איז אַוועק ביז צום סוף נאָרמאַל.

אויף צומאָרגנס איז דער דיכטער ב. געזעסן אין דער קאַנצעלאַריע פון דער ז. פּ. פּ.[1] און אויסגעהערט די מוסר־רייד פון דער פּאַני זאָשע:

---

[1] ראשי־תיבות פון זוויאָנזעק פּאַטריאָטוו פּאָלסקיך (פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער פּראָגרעסיווער פּוילישער שרייבערן, וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ).

## ב. טערקעל

— ווי שעמט איר זיך נישט אונדז אָפּצודאַנקען פאַר אַלע גוטס־קייטן וואָס מיר האָבן געטאָן פאַר אייך, אַזוי געצערטלט און געזאָרגט פאַר אייך.

דער דיכטער ב. איז געזעסן רואיק און געשוויגן און די פאַני זאָשע האָט געצאָרנט מיט גיפט.

— שוין נישט לאַנג, פאַני זאָשע — האָט דער דיכטער ב. שוין באַקומען לשון — שוין נישט לאַנג. מיר וועלן זיך באַלד געזעגענען און אונדזערע וועגן וועלן זיך צעטיילן, נישט איר וועט מיך אָנזען און נישט איך אייך. עס לוינט נישט צו מאַכן קיין סקאַנדאַלן.

די פאַני זאָשע איז רויט געוואָרן פאַר כעס. רויטע פאַסן בלוט האָבן פאַרצויגן איר געשטופּלט פּנים. זי האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ביטערן אמת און זיך געשטיקט מיט אים ווי מיט אַ ביין.

— ס'לוינט זיך נישט צו דענערווירן, פאַני זאָשע — האָט דער דיכטער זיך אָנגערופן — מע מעג אַ שפּאַס טאָן אַמאָל אויך. צו וואָס זיך איצט איינרייסן האַרט פאַרן אַוועקפאָרן אין דער אָטשיזני [2] אַריין.

די פאַני זאָשע האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

זי האָט ענדלעך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אירס אויסגעשפּילט. אַז עס לוינט טאַקע נישט היינט צו מאַכן קיין רייד מיט דער דאָזיקער חברה, וואָס קאָן זי נאָך שפּעטער באַשרייבן אין די גאַזעטן.

אַנדערע צייטן — אַנדערע שטימונגען.

---

[2] פאָטערלאַנד.

# אַ שרייבער־פּליט

אויף דער גאַס מאַכאַטשקאַלאַ אין אַלטשטאָט פון סאַמאַרקאַנד האָט אין אַ ליימיקער אָפּגעלאָזענער קיביטקע געבידעוועט זיינע אויסגעמאַטערטע אַלטע יאָרן דער יידישער שרייבער פון וואַרשע, בערל ווייִנגאָרטן, אין איינזאַמקייט, הונגער און נאָגנדיקער בענקשאַפט צו זיינע היימישע, וואָס ער האָט געלאָזן אין זיין אַלטער היים, אין וואַרשע.

די אַלטשטאָט פונעם פּרעכטיקן מיטלאַזיאַטישן סאַמאַרקאַנד, מיט די פאַרצווייגטע, פאַרבלאָטיקטע געסלעך און זאַאולקעס, מיטן אייביקן געשטאַנק פון דער צעפּליעסקעטער ליימיקער ערד, וואָס האָט זיך זעלטן אויסגעטריקנט אַפילו אונטער די גליענדיקע שטראַלן פון דער בריענדיקער זון, האָט גיכער דערמאָנט אין אַ שטייענדיקן זומפּ. דאָך האָבן דאָ געוווינט מענטשן, געהאָפּט, געבענקט, געאַרבעט, געשלעפּט דעם שווערן עול פון פּרנסה און געוואַרט אויף בעסערע צייטן, וואָס נישט אַלע האָבן געגלייבט אַז זיי וועלן אַמאָל נאָך קומען.

בערל ווייִנגאָרטן, דער יידישער שרייבער פון וואַרשע, האָט שוין באַוויזן אין משך פון די עטלעכע יאָר, וואָס ער געפינט זיך דאָ אין דער שטאָט, זיך צוצוגעווינען צום האַרטן אכזריותדיקן לעבן. ער איז גרוי געוואָרן פאַר דער צייט, איינגעהויקערט, דאָס פּנים זיינס ווי ביי אַן אַסקעט, מע זעט אָן ממש יעדער אָדערל פון זיין בלייך פּנים. די הענט ציטערן אים שוין און קוים וואָס ער שלעפּט די פיס.

ער זיצט נאָך, דאַן ווען ער איז פריי פון זיין אַרבעט, איינגעבויגן איבער צעקנייטשטע בלעטלעך פּאַפּיר, וואָס ער האָט זיך מיט גרויס מי איינגעשאַפט און רעדט אַריין זיין פאַרבענקט און אויסגעמאַטערט האַרץ אין קליינע ציקלדיקע אותיות, וואָס ער וויל לאָזן לדורות. אפשר וועט ער איבערלעבן און קענען דערציילן דער וועלט זיין עוולה וואָס איז אים געשען. אפשר וועט ער איינער דערלעבן...

אָבער בכדי צו קענען לעבן, דערלעבן און איבערהאַלטן דאַרף מען

אַרבעטן. און די אַרבעט דאָ איז אַ שווערע, נישט פאַר זיין אויסגעמאַטערטן גוף. האָט ער אָנגענומען אַ פּאָסטן פון אַ נאַכט־וועכטער אויף איינעם פון די היגע זאַוואָדן און ער האָט יעדע נאַכט מיט זיין סענקעוואַטן שטעקן, אויף וועלכן ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט בייטאָג אין גיין, געהיט דאָס פאָלקס־פאַרמעגן פון דער מלוכהשער שיך־פאַבריק, געהיט דער עיקר פון אייגענע גנבים, וואָס ווילן שעדיקן און גנבענען.

זיין לעבן, דאָס בידנע לעבן פון בערל וויינגאָרטן, איז אויך נישט געווען קיין זיכערס. ער האָט אין די שפּעטע פינצטערע און קאַלעמוטנע נעכט, געמוזט אָנשטרענגען זיינע האַלב־בלינדע אויגן און גוט אַכטונג געבן, טאָמער שמוגלט זיך דורך אַ גנב. אַז ער וועט אים נישט כאַפּן, ריזיקירט ער מיט זיין אייגן לעבן. ער מוז אָפּהיטן זיין פּאָסטן, וואָס שטייט שטענדיק אין סכנה, צוליב זיין פאַרזען קאָן ער צו יעדער צייט אַריינפאַלן אויף די עלטערע יאָרן אין אַ נייער שווערער תפיסה.

* * *

אויפן זעלבן שיך־זאַוואָד האָט געאַרבעט ווי אַ טאָג־וועכטער אַן אוזבעק, וואָס פלעגט פאַרטרעטן בערל וויינגאָרטן אין די טעג. אינדערפרי האָבן זיךביידע פאַבריק־וועכטער געטראָפן, איינער ביים אַוועקגיין און דער צווייטער ביים אָנקומען.

— סאַלאָם אַלייקום! אַקאַ [1] בערקאָ — האָט דער אוזבעק מאַכמודאָוו זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר וויינגאָרטענען.

— אַלייקעם סאַלאָם, באַבאַי [2].

— ווי גייט דיר, בערקאָ, ווי האָט זיך דיר געאַרבעט די נאַכט, נישט געקומען קיין „שפּאַנאַ" דיך באַאומרואיקן?

— געלויבט צו גאָט, טאָוואַרישטש מאַכמודאָוו, געווען אַ שטילע נאַכט. די נעכטיקע נאַכט איז מיר אַריין אין די ביינער. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך נישט געקאָנט באַרואיקן. אַ גאַנצע כאַפּטע גנבימלעך האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דער פאַבריק ווי זלידנע פליגן, זיך געוואָלט

---

[1] ברודער.
[2] אַלטער.

אַריינרייסן... נעבעך הונגעריקע, עס ווילט זיך זיי עסן, קוקן זיי נישט אויף קיין זאַך. דער הונגער, באַבאַי, קאָן אַ מענטש אין גיהנום פאַר־שלעפּן. נישט גוט, נישט גוט, באַבאַי, ווען וועט זיך עס ענדיקן די נאַ־רישע שפּיל, דער קאַמף פון מענטש מיט זיין הונגעריקן מאָגן.

— יאַמאַן, יאַמאַן אַקאַ [3], — האָט מאַכמודאָוו אָפּגעזיפצט — שווע־רע צייטן געקומען. אונדזערס אַ מענטש גייט עס מיט דער פּוטער אַראָפּ און זיי, די דירעקטאָרן מיט די נאַטשאַלניקעס, גייט עס דורך טיר און טויער. זיי האָבן נישט קיין מורא פאַרן פאָלק, לאָזן אים סדיכאַיען [4] און זיי לעבן אַ גוטן טאָג און האָבן נישט קיין מורא נישט פאַר פּאָליציי און אַפילו נישט פאַר אַללאַ.

דער אַלטיטשקער מאַכמודאָוו איז צוגעלאָפן צו דער טשאַיכאַנאַ אַנטקעגנאיבער און געבראַכט אַ טשייניקל גרינעם טיי מיט אַ פּיאַלע, זיך אַוועקגעזעצט מיט די פיס פאַרלייגט הינטער זיך אויפן ליימיקן דיל פון דער פּראָכאָדנאַי [5] פון דער פאַבריק, אָנגעגאָסן בנעימותדיק אַ פּיאַלע טיי, אויפן מזרחדיקן שטייגער זיך פאַרנויגט צולייגנדיק די האַנט צום האַרצן און דערלאַנגט ווייגאַרטענען.

— נאַ, טרינק, אַקאַ, אויפן פולן פרימאַרגן, ביי אַ ליידיקן מאָגן איז טיי אַ גוט מיטל. אי עס פאַרטרייבט דעם הונגער און אי עס וואַשט אַראָפּ די ביטערקייט פון דער נשמה.

— עך, מאַכמודאָוו, דאָראָגאָי, וואָלט איך איצט זיך אָנגעזשלאָקעט מיט אַביסל וואָדקאַ — האָט ווייגאַרטן אָפּגעזיפצט ווי פון אַ הוילן פאַס אַרויס, — עס איז אָנגעזאָליעט אויף דער נשמה, אַז מען וואָלט די צרות געדאַרפט אָפּטובלען אין ביטערן טראָפּן, אפשר וועט עס העלפן צום פאַר־געסן.

ווייגאַרטן האָט אַ זופּ געטאָן פון דער פּיאַלע, זיך פאַרקרימט פון ביטערניש און אַ וואָלקן פון צער האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיין דאַר אַסקעטיש פנים.

---

[3] שלעכט ברודער.

[4] פגרן.

[5] אריינגאַנג־טיר.

## ב. טערקעל

מאַכמודאָוו האָט זיך פֿאַרטראַכט.

— מע טאָר נישט אַזוי, אַקאַ בערקאַ, מען דאַרף זיך האַלטן, דער עיקר איז איבערהאַלטן, נישט אַלץ וועט אייביק דויערן. עס מוז זיך בייטן און עס וועט זיך בייטן. אָט אַזוי ווי עס גייט ביז היינט קאָן עס נישט גיין ווייטער.

ער האָט איבערגענומען די פּיאַלע טיי פֿון ווייגאַרטענען און אָנגעהויבן בנעימותדיק צו זשלאָקען.

— זאָג מיר, אַקאַ, עס געפֿעלט דיר נישט דיין אַרבעט — האָט זיך מאַכמודאָוו אָנגערופֿן נאָך אַ ווייל — וואָס האָסטו געטאָן אינדערהיים. אַז דו פּיעשטשעסט זיך אַזוי? מיר זענען געוווינט צו אַלעם, צו וואָס פֿאַר אַן אַרבעט מע שטעלט צו אַן אונדזעריקן גייט ער. וואָס איז די נפֿקא־מינא וואָס מען טוט. אַז די אַרבעט גיט במילא נישט אויפֿן עסן, איז שוין בעסער אַ לייכטע אַרבעט, נישט צו דאַרפֿן אויסגעריסן ווערן אַזוי. וואָס האָסטו געטאָן אינדערהיים, סקאַזשי־קאַ אַקאַ [6], שעם זיך נישט, דערציייל!

— איך בין געווען אַ שרייבער — האָט בערל ווייגאַרטן שטיל אַרויסגערעדט.

— אַ וואָס?

— אַ שרייבער — האָט ווייגאַרטן נאָכאַמאָל איבערגעחזרט — איך האָבן געאַרבעט אין אַ צייטונג און געשריבן ביכער.

מאַכמודאָוו האָט טיפֿער איינגעגראָבן זיינע בליקן אין ווייגאַרטענען און געטשמאָקעט מיט די ליפּן:

— אַ שרייבער? האָסט געשריבן אין אַ קאַנטאָר?

— ניין — האָט ווייגאַרטן דערווידערט — נישט אין קיין קאַנטאָר, נאָר אין אַ צייטונג. איך האָב געשריבן אַרטיקלען, לידער, דערציילונגען און מענטשן האָבן עס געלייענט.

---

[6] זאָג ברודער.

דער אַלטער אוזבעק האָט אים דורכדרינגענדיק מיט רחמנותפולע בליקן אָנגעקוקט מיט שטוינונג.

— ביסט אַ טשודאַק, בערקאָ... אויב אַזוי געפעלט מיר בעסער דאָס וואָס דו ביסט אַ נאַכט־וועכטער אויף אַ פאַבריק, עס איז אַ רואיקער לעבן און אַ זיכערער. עס איז טאַקע נישטאָ מיט וואָס דעם מאָגן אָנצושטאָפּן, אָבער מען לייגט זיך פאַרט רואיק שלאָפן. אָט האָט אונדזער שכן, ראַכ־מאַטאָווס אַ זון, אַ גאַנצער געלערנטער, שרייבט אויך אין דער אוזבע־קישער צייטונג, האָט ער אַזוי לאַנג געשריבן ביז מ׳האָט אים אינמיטן נאַכט ערגעצוווּ פאַרשלעפּט און מ׳ען ווייסט נישט ביז היינט צו טאָג ווּ זיין געביין איז אַהינגעקומען. ביי אונדז, אַקאָ, איז בעסער, אַז מע קען וואָס ווייניקער, אַז מען מאַכט אַ תמעוואַטן פּנים און מ׳ענטפערט אויף אַלץ ניע זנאַיו [7]. עס איז געזונט פאַר דיר און פאַר דער משפחה. טאָמער הייבסטו אָן מיט די געלערנטע מעשיות, איז ניע שוטקי בראַט...

בערל ווייַנגאָרטן האָט זיך צוגעהערט צו זיין חברס רייד און געשוויגן. מאַכמודאָוו האָט פאַרלייגט אונטער דעם גומען אַ פאַרציע נאַסאָוואַי, פרום פאַרגלאָצט די אויגן און אויסגעשפּיגן מיט גרינעם לייכעץ, געענ־מען דעם שטעקן אין דער האַנט און אַוועק צו דער אַרבעט. בערל וויינ־גאָרטן האָט זיך מיט שלאַבערדיקע טריט אויפגעהויבן און אַוועק צו זיך אין דער ליימיקער קיביטקע.

* * *

אַזוי זענען געגאַנגען וואָכן און חדשים ביז זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין יאָרן. בערל וויינגאָרטן ווערט פון טאָג צו טאָג מידער, ער שלעפּט שוין קוים די פיס. אין די טעג, נאָך די שלאָפלאָזע נעכט, זיצט ער איינ־געבויגן איבער די אַלטע אָפּגעוועלקטע פאַפּירלעך און שרייבט און מעקט. זיין גאַנצע נשמה, זיין לייב און לעבן לייגט ער אַריין אין די פאַרגעלטע שמות, זוכט טרייסט און האָפענונג און וואַרט מיט אומגעדולד אויף די טעג פון דער אמתער באַפרייאונג. ביז צו דער באַפרייאונג האָט ער זיך קוים־קוים דערוואַרט. ער האָט צוזאַמען מיט אַלע פליטים פאַרפּאַקט די

[7] איך ווייס נישט.

לעצטע שיריים פון געוועזענע בגדים, און אַוועק זוכן שפורן פון דער פאַר־שווונדענער היים, וואָס ער האָט געטראָפן צעגרוזט און צעשטויבט צוזאַ־מען מיט אַלע חלומות און האָפענונגען.

ער איז אַ מידער אַוועקגעפאַלן אויף די חורבות פון זיין אַמאַליקער היים, מיטן בינטל כתבים צוקאָפנס און מיט מידע אויגן, בלאָנדזשענדיקע און זוכנדיקע, מאָנענדיקע און בעטנדיקע צום צערעגנטן הימל. ער איז איינגעשלאָפן זיין אייביקן שלאָף נאָך יאָרן־לאַנגע וואַך זיין אויף זיין פּאָסטן אין דער סאַמאַרקאַנדער אַלטשטאָטישער שיך־פאַבריק.

# דער אַקראָבאַט

געווען איז שלמה פּריזאַמענט אַ יידישער אַקטיאָר אין פּוילן. מאַלע־וואָס געווען. און אַז ער איז געווען אויך אַ מענטש אַחוץ אַן אַקטיאָר, פון דעם געדענקט ער שוין נישט, און אַפילו זיינע חברים אַקטיאָרן ווילן דער־פון נישט וויסן. זיין ווייב אַליין, אויך אַ געוועזענע אַקטריסע, ווייסט שוין דערפון אויך נישט און זי צווייפלט שוין בכלל צי ער איז אַמאָל עפּעס יאָ געווען.

אַז אַלע צווייפלען, צווייפלט שלמה אַליין שוין אויך.

איז גייט ער אַזוי. אָט עס רעדט זיך אַזוי, דאָס איז אויך מיר אַ גיין, ער שלעפּט קוים די פיס. די פיס וואָלט ער שוין יאָ געשלעפּט, נאָר די צעפּליקטע שיך מיט די אויפגעשוואָלענע פּאָדעשוועס לאָזן אים נישט שטעלן קיין טראָט.

קוקט ער אַזוי אויף זיינע כמו־שיך, עפּעס אַזעלכע טרעטערס, וואָס אין קיין שום פאַבריק ווערן זיי נישט אויסגעאַרבעט. אַזאַ מין פאַ־סאָן און אַזאַ מראה קאָנען נאָר אויסאַרבעטן די סאַמאַרקאַנדער בלאָטעס, וואָס זענען פון אַ ספּעציעלן סאָרט. דער באָדן איז אַ קלעפּיקער, אַ ליי־מיקער און אַז עס נעמט רעגענען, צעקוואַטשעט זיך אַזוי די בלאָטע ווי אַ טייג. און גייט זייט אַ בריה אַרויסצושלעפּן אַ פוס פון דאָרטן. אָבער נאַטשאַלניקעס, דירעקטאָרן און גלאַט חשובע לייט ביי מלכות ציען יאָ אַרויס די פיס. זיי האָבן געזונטע שטיוול. פאַר אַ געזונטן באַטשוועקטן שטיוול האָט אַפילו די סאַמאַרקאַנדער בלאָטע אויך דרך־ארץ.

איז טאַקע דער אַקטיאָר נישט געפאַלן ביי זיך. אַמאָל האָט ער אויף די בינעס פון גאָר דער וועלט באַקומען אַפּלאָדיסמענטן. אָבער פון אַן אַק־טיאָר ביז אַן אַקראָבאַט איז נישט קיין ווייטער מהלך. איז טאַקע געווען נאָר בילעטן צו נעמען און צו קוקן ווי אַזוי דער אַקטיאָר שלמה פּריזאַמענט שפּרינגט איבער די בלאָטעס, אָסור צי אַן אַקראָבאַט פון גרעסטן וועלט־צירק וואָלט עס באַוויזן בעסער.

טאַנצט ער איבער די בלאָטעס, שמייכלט אונטער און באַמקעט צו דערביי אַ נייעם ניגון, אָט אַן אָקערשט געבוירענעם אין זיין קאָפּ. דאָס האָט ער געשאַפן זיין נייע מעלאָדיע צו דער „באַלאַדע פון די סאַמאַרקאַנ־דער בלאָטעס אין די האַרבסטיקע טעג״.

— שיין, האַ? זעט ווי עס זינגט זיך מעלאָדיש אונטערן טאַקט פון דער קוואַטשענדיקער בלאָטע...

ער בלייבט שטיין אַ ווײַלע, כאַפּט אָפּ דעם אָטעם און די אַרומיקע חברה הערן זיך צו פאַרגאַפּט צו דער נייער מעלאָדיע.

— וואָס זאָגט איר, חברה, וועט נאָך דער טאַטע פון די פעלקער דערלעבן צו זען ביי מיר אַ פּאָר גאַנצע שיך?...

* * *

נישט בלויז די פראַגע פון אַ פּאָר גאַנצע שיך שטייט ביים אַרטיסט אויפן סדר־היום. נישט נאָר דאָס באַאומרואיקט אים די טעג און לאָזט נישט צוטאָן מיט קיין אויג ביינאַכט. מיט די פיס קאָן מען דורכקומען, זיי זענען גלאַט ווײַלע חברה־לייט. איז וואָס אַרט אים, אַז ס׳איז אים קאַלט, וואָס אַרט אים, אַז זיי זענען אויסגעווייקט און אויסגענעצט, אָבער עסן בעטן זיי דאָך נישט. ערגער איז מיטן מאָגן. מיט אים איז זיך נישט צו שפּילן. אים קאָן מען נישט פאַרוויגן מיט אַמאָליקע דערפאָלגן. ווי נאָר דער אַקטיאָר שטייט אויף פון זיין געלעגער, הייבט אָן דער מאָגן זיינער צו אַרבעטן מעשים. ער נעמט אים צופּן און שלעפּן, פאָדערט איינס: עסן.

איז טאַקע ווו נעמט מען עסן? אויף עסן דאַרף מען אַפילו דאָ אויך פאַרדינען. און פון וואָס זאָל פאַרדינען אַן אַרטיסט? — אַז די פּלייצעס זענען שוואַך און אויסגעפּייניקט — קאָן ער נישט ווערן קיין גרוזטשיק, און עפּעס אַריבערגעכאַפּט די צאָל יאָרן האָט ער שוין אויך, איז ווו נעמט מען כוח? קיין טעאַטער שפּילן דאָ קאָן מען נישט. פאַר וועמען? און אַז מען זאָל שוין מאַכן אַ טעאַטער, מען זאָל אויסגעריסן ווערן, וועט עס נישט קלעקן אויף קיין טאָג לעבן.

איז וויל דער מאָגן זיינער עסן. ער, שלמה פריזאַמענט, וויל אים טאַקע מהנה זיין. פאַרוואָס דען נישט? אַז דער מאָגן וועט זאַט זיין, וועט אים,

דעם אַרטיסט אַליין, אויך לייכטער װערן אויף דער נשמה און אַז אויף דער נשמה װערט לייכטער, צעזינגען זיך אין אים אַלע חושים, איין מע־לאָדיע נאָך דער צװייטער צעשװימען זיך אַט אַזױ האַרציק. עס װערט אים גוט אויפן געמיט. ער באַקומט האָפענונגען אַמאָל צוריק צו װערן אַ מענטש. און אפשר? אפשר װעט ער, דער געװעזענער אַרטיסט פון פּוילן, דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר, נאָך זיצן ביי אַ טיש און אויפן טיש אַ װייס טישטוך, אויפן טישטוך אַ גרויסער לאַבן ברויט פון אויבן באַשאָטן מיט קימל. ער װעט זיצן מיט אַ מעסער און שניידן פּעניצער ברויט און עסן.

— װי מיינט איר, חברה, איך װעל עס נאָך אַמאָל דערלעבן?...

* * *

איז צוגעקומען נאָך אַ נייע קאָמפּאָזיציע „די באַלאַדע װעגן הונגע־ריקן מאָגן".

איז ער געלאָפן װייטער איבער די בלאָטעס, דער טאָג איז געװען נאָך אַן ערגערער פונעם נעכטיקן. אַ דריבנער רעגנדל האָט צעװייקט די פּופּייקע. די בלאָטעס זענען שיטערער געװאָרן. די פּאָדעשװעס זענען אויפגעשװאָלענער געװאָרן און ער האָט װי אַן אמתער געניטער אַקראָבאַט געשפּרונגען איבער די בלאָטעס װי אַמאָל זיינע אויסגעאיבטע פינגער איבער פּיאַנאָ־קלאַװישן, די אויגן פאַרגלאָצט צום פאַרכמאַרעטן בייזן הימל און שטיל אין זיך געברומט אַ נייע מעלאָדיע: „די באַלאַדע פונעם װיינענדיקן הימל אויפן גורל פונעם יידישן אַקטיאָר".

— אַ שיינער ניגון, האַ? — האָט ער פאַרהאַלטן ביים אַריינגאַנג פון דער טשייכאַנאַ אַ באַקאַנטן פריינד זיינעם.

* * *

אין דער צעפּאַרעטער און שװייסיקער דומפּיקייט פון דער אָנגע־פּאַרעטער אוזבעקישער טשאַיכאַנאַ איז דער אַקטיאָר געזעסן און געטרונ־קען צוזאַמען מיט זיין פריינד אַ פּיאַלע גרינע טשאַי און זיך פּאָסמאַ־קעװעט.

— וואָס זאָגט איר, טאָוואַרישטש בינשטאָק — האָט דער אַקטיאָר, זופּנדיק דעם פאַרעדיקן טיי, זיך אָפּגערופן — מע וועט נאָך אַרויס פון דאַנען מיט גאַנצע ביינער?

דער אח־לצרה איז געזעסן און געשוויגן. ער האָט באַטראַכט דעם אַקטיאָר און זיך דערמאָנט אין יענע גוטע יאָרן, ווען ער האָט אים געזען אויף די טעאַטער־ברעטער, געזען זיינע טריאומפן, אָבער ווי הימל־ווייט איז דאָס אַלץ דאָ אין דער מדינה...

— וואָס שווייגט איר? — האָט דער אַקטיאָר אַ טאָרע געטאָן פאַרן אַרבל זיין פריינד — וואָס זענט איר אַזוי פאַרקלערט, האָ?

— נישטאָ וואָס צו זאָגן, מע דאַרף קוקן ס׳גרייטע.

— מיר וועלן נאָך איבערלעבן און דערלעבן, איר וועט זען — האָט דער אַקטיאָר נישט פאַרלוירן זיין האָפענונג — איר וועט זען, ער, דער פאַרזאָרגער אונדזערער, וועט נישט דערלעבן צו זען, ווי איך וועל זאָט זיין, ווי איך וועל נאָך האָבן אַ פּאָר גאַנצע שיך, ווי איך וועל נאָך דער־פרייען מענטשלעכע הערצער מיט אַ האַרציקן יידישן ניגון.

—עך, וועל איך נאָך טאַנצן, זינגען, אים, דעם וועלט־פאַרזאָרגער, אויף צו להכעיס...

* * *

יאָרן־לאַנג האָט דער אַקטיאָר געשפּילט אַן אמתע ראָל פון אַ צעפּיי־ניקטן וואַגאַבונד, פון אַ צעווייטיקטן מענטש און זי בשלימות אויפגע־פירט אויף דער לעבנס־אַרענע. אויף דער בינע אין טעאַטער, וואָלט ער נישט געווען מער נאַטירלעכער, אמתדיקער און שלימותדיקער ווי אין לעבן.

איינע נאָך דער אַנדערער, איינע בעסער פאַר דער צווייטער האָט זיין צעפּייניקטער מוח אויסגעשפּינט האַרציקע דביקותדיקע מעלאָדיעס, וואָס זענען געגאַנגען פון מויל צו מויל איבער די קיביטקעס פון די פּליטים — צו להכעיס דער פאַרשאָלטענער וועלט האָט ער געזונגען הייסער, התלהבותדיקער, האַרציקער, לעבעדיקער.

דאָס האָט דער אַקטיאָר און קאָמפּאָזיטאָר, מיט זיין גלויבן, מיט זיין

אָפּטימיזם געצונדן די הערצער, זיי זאָלן זיך נישט אונטערגעבן דעם גורל, נישט זיין געפאַלן ביי זיך, נישט פאַרלירן דעם חשק צום לעבן.

* * *

דער אַקטיאָר שלמה פּריזאַמענט טראָגט שוין גאַנצע שיך און גייט איבער צעזוניקטע גאַסן, אונטער צעהעלטע הימלען און שאַפט אויף ס'ניי זיינע פאָלקסטימלעכע יידישע מעלאָדיעס.

ער האָט טאַקע איבערגעלעבט. ער האַלט שטאָלץ זיין קאָפּ וואָס האָט זיך נישט געלאָזט בייגן אין דער שווערער צייט פון נסיון. גייענדיק אין די נייע גאַנצע שיך דערמאָנט ער יענע טעג, ווען מ'האָט געמוזט זיין אַן אַקראָבאַט, נישט בלויז אין די בלאָטעס, נאָר אין לעבן און נישט בלויז ער אַליין איז עס געווען, נאָר אַלע, אַ גאַנץ פאָלק.

# אַ יידישער קינסטלער

דאָס לעבן פון די יידישע פּליטים ציט זיך שוין אַ קימאַ־לן קרוב צו אַכצן יאָר. אָנגעהויבן האָט זיך עס אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939, ווען מ׳האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין טויט־געפאַר איבער צעבאָמבאַרדירטע שטעט, צעהאַקטע שאָסייען, קראַנקע און ברענענדיקע הייזער, נאָכדעם איבער לענדער און קאָנטינענטן, מדבריות און ימען, תפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, נייע מדינות, נאָענטע און ווייטע.

נישט געטאָגט און נישט גענעכטיקט, פריער אין גרויל פון מלחמה־יאָרן, שפּעטער אין וואַנדער אויף וועגן און אומוועגן, אָן אַ רואיק ווינקל פאַר זיך, אָן אַ וואַרעמען געלעגער, אַפילו אָן הינטישע בודעס... שפּעטער, נאָך שפּעטער אין נייע „היימען״, וואָס איז נישט קיין היים, נישט קיין זיכערער פּלאַץ. פריער צרות און לייד, שפּעטער קאָשמאַר און נאַכט־חלומות מיט צעווייטיקטע נשמות פון בענקשאַפט, מיט האַרצווייטיק פון פאַרשווונדענעם אַמאָל.

אין די שורות ווילט זיך אויסוויינען די אָנגעלאָדנקייט פון יאָרן נאָך אַ פריצייטיק פאַרשטאָרבענעם חבר, אַן אח־לצרה פון יענע ביטערע יאָרן פון וואָגל און וואַנדער, מיט וועלכן איך האָב דורכגעמאַכט אַ שטיקל וועג צוזאַמען מיט אים, אַ שווערן, פיינלעכן וועג פול מיט דערנער און ליידן.

נישט פילאָזאָפירן וועגן לעבן וויל איך, ווייל דער טויט איז שטאַרקער פון אַלע מינים פילאָזאָפיעס און דאָגמעס. אָט לעבסטו און אָט שוין, איז מילא: אַ מענטש און בפרט אַ מענטש אין פליטימשאַפט נעמט אויף זאַכן אָט אַזוי ווי זיי זענען, אָן סענטימענטן, אָן פחד און אָן טרערן. אַזוי איז דער גורל און פאַרפאַלן.

יאָר 1942, סאַמאַרקאַנד, טאַשלאַצקע 4.

אין אַ „סטאַנציאָנאַר״ (אַמבולאַטאָריע פאַר קראַנקע) אין אַ ריי נאָך אַביסל זופּ. אַ סך מענטשן, איך צווישן זיי און אַ פרוי לעבן מיר. שווער צו זאָגן איר עלטער. אויסגעמאָרעט, איינגעקוואַרט און אויסגעדאַרט. מיט

שמאָטעס אַרומגעוויקלט די פיס. זי ציטערט פון קעלט. די ציינער קלאַפּן צו צום טאַקט פון הונגעריקן מאָגן און צום געקלאַנג פון בלעכענעם לעפל, וואָס באַמבלט זיך אין פוסטן אינגעווייד פון טעפּל.

אויף דער גאַס אַרום סטאַנציאַנאַר, צענדליקער דורך דער נאַכט אויס־געגאַנגענע נפשות פון הונגער און קעלט. זיי ליגן צוגעדעקט מיט ציי־טונג־פּאַפּיר, פאַרשטעלט פאַר דער קאַלטער ווינטערדיקער זון.

די פרוי, וואָס שטייט לעבן מיר אין דער ריי, קרעכצט און זיפצט. אַז אַ מענטשן איז שווער אויפן האַרצן, קרעכצט ער, בפרט אַ שוואַכע באַ־שעפעניש ווי עס איז אַ פרוי, און דערצו אין אַזאַ מעמד.

זי דערציילט: — איך בין אַ פרוי פון אַ קינסטלער, כ'הייס נעני איך האָב אַ ברודער אין אַרגענטינע, אַ יידישער שרייבער.

פאָלג מיך אַ גאַנג: סאַמאַרקאַנד אין מיטלאַזיאַטישן אוזבעקיסטן און בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

דאָס יאָר 1943.

ער האָט געוווינט אין דער זעלביקער ליימענער קיביטקע, אַנטקעגן דער פינפטער פּאָליקליניק ביים וואָקזאַל, ווו איך האָב די ערשטע יאָרן געוווינט.

שפּעטער האָב איך זיך געשלייכט איבער קאָלכאָזן, צוריקגעקומען אין שטאָט סאַמאַרקאַנד גופא און בייגעוועזן אויפן ברית־מילה ביים ערשטן זונעלע פון קינסטלער. צווישן די געסט זענען געווען אַ פּאָר יידישע שריי־בער. מ'האָט זיך משמח געווען ווי אויף אַ יידישער שמחה.

מאַנדעלצווייג אַרבעט אין אָבלאַיספּאָלקאָם [1] ביי זיין פאַך. ער מאָלט די גרויסע פּאָרטרעטן פון דעם „פאָטער פון די פעלקער — סטאַלין". ער שטייט אויף אַ הויכן לייטער מיטן פּענדזל אין דער האַנט, פאַרשמירט און אויסגעשמירט און מאָלט אַ ברעם פון אַ האַלבן מעטער, אַ גרויס חיהש אויג ווי אַ קופּערנע פאַן, די ברייטע סאַדיסטישע וואָנצעס. דער קינסטלער כאַפּט אַ קוק מיט זיין מבינישן בליק און שמייכלט צופרידן.

ער שאַפט, קאָפּירט נאָך דעם אָפּגאָט, דעם געטש, דאָס בילד פאַר

---

[1] וואָיעוואָדישע אויספיר־מאַכט.

## בֿ. טערקעל

וועלכן מאַסן מענטשן ווערן אַנטציקט און דערשיטערט, באַגייסטערט און אויפגעציטערט. מאַנדעלצווייג האָט אים געמאָלט און געטריי אויסגע־געמענטשלט געגנוי ווי ער זעט אים אויף אַלע בילדער, קיין שטריך נישט מער און נישט ווינציקער.

דער גורל פון אַ פּליט איז וואַנדערן: טרעפן מיר זיך שפּעטער אין קאַטאָוויץ (פּוילן), דערנאָך הערט מען גרוסן: מאַנדעלצווייג האָט זיך אַרויפגעאַרבעט... אָט איז ער אין אורוגוויי, אין אַרגענטינע, אין דרום־אַפריקע, ווענעזועלאַ, מעקסיקע, נאָרד־אַמעריקע.

ער האָט נאָך די וואַליזעס נישט אויסגעפּאַקט, די מורא פאַרן מאָרגן האַלט נאָך אָן. ער וויל זיך פאַרזיכערן, קומען צו אַ פּאָזיציע, זיך דער־שלאָגן צו אַ היים, צו אַן אייגן רואיק ווינקל.

מיין ליבער חבר רפאל מאַנדעלצווייג האָט הפנים פאַרגעסן, אַז אַ פּליט איז נישט קיין נאָרמאַלער מענטש. צו שווער איז פאַר אַזעלכן צו טראָגן די לאַסט אויף די פּלייצעס. דער קערפּער דאַרשט נאָך אַביסל רו־איקייט. מ׳האָט דעם גוף צופיל פאַרנאַכלעסיקט. אין די נעכט האָט מען אים נישט געלאָזט רוען נאָרמאַל, עס פעלט אים שיינע עטלעכע רעכט נישט געלעבטע יאָרן. מיט וויפל שלאָפלאָזע נעכט איז ער הינטערשטע־ליק. דער קערפּער האָט נאָך נישט דערכאַפּט זיך צו דער נאָרמאַלער פאָר־ציע פון וויטאַמינען, אַז דאָס האַרץ, וואָס האָט ווי אַ שטומער עדות אַלץ דורכגעלעבט און דורכגעטראָגן גיט אַמאָל אַ צאַפּל, אַ ברי ביים מינדסטן אויפברויז, און ס׳דראָעט יעדע ווײַלע מיט סכנה, מיט קאַטאַסטראָפע. אַז ס׳זאָל איבעררייסן די קאָנטאַקטן, זיך אָפּשטעלן, אויפהערן צו קלאַפּן...

דו האָסט, זעט אויס, פאַרגעסן, אַז דו ביסט אַ פּליט, אַז האָסט זיך נאָך אין דער נייער הויט נישט אַריינגעפּאַסט און פון דער אַלטער נאָך נישט אַרויס.

האָסטו געלעבט ווי דו האָסט געקענט, און געשטאָרבן אַזוי מאָדנע, אַזוי גיך מיטן פאַרביסענעם שמייכל אונטער די פאַרשטשעמעטע ציין, אַ כעסיקער אויף דער וועלט, אַ נישט דערזעטיקטער, אַ נישט צופרידנגע־שטעלטער.

צוישן שאַקאַלן

פרי, זייער פרי, ביי 47 יאָר, האָסט נישט דערלעבט זיך איינצולעבן מיטן נייעם שטייגער אין דער נייער היים.

זאָל דאָס זיין מיין בלימל אויף דיין פרישן קבר אויף טאַבלאַדאַ און אַ וואָרענונג פאַר אונדזער פּליטימשאַפט, צו טראַכטן אַנדערש און זיך באַנעמען אַנדערש אין לעבן. אפשר וועלן אויך די אַרומיקע פאַרשטיין דעם גורל פון נע־ונד, דערפילן אַ צענט־חלק פון דער משא, פון די איבער־לעבונגען, דעם מאַטערנדיקן ווייטיק נאָך די יאָרן פון פּיין און קאָשמאַר איבער די צעפאָרענע וועגן פון דער צעטרייסלטער וועלט, פון וועלכער מיר זענען אַרויס ווי נאָך אַן ערדציטערניש.

און דו איינער צווישן זיי.

# דער אימפּרעסאַריאָ

אין פאַרוואָרפענעם קאַלכאַז „קראַסנאַיע זנאַמיע“, אַ פּופּצן קילאָמעטער פון דער ניישטאָט איז מאָניע פלאַסקאָוו, דער אַמאָליקער אימפּרעסאַריאָ, געלעגן אויסגעצויגן אויף דער הוילער פּאָדלאָגע אין דער ליימיקער קיביטקע.

הענט דאַרע ווי שטעקנס אָן אַ פאַרב. די לאַנגע אָדלער־נאָז אויסגעצויגן נאָך לענגער, די שוואַרץ־ציגיינערישע אויגן זענען אַריינגעקראָכן אַזוי טיף, אַז מע זעט בלויז אַרויס טיפע גריבער, וואָס שרעקן מיט זייער אומהיימלעכקייט פון אַ סקעלעט. די שטימע שוואַך, דער אָטעם אָפּגעהאַקט און קורץ.

עך, פלאַסקאָוו! ווו איז פאַרשווונדן געוואָרן דער אַמאָליקער ענערגישער און לעבנסלוסטיקער פלאַסקאָוו, דער באַקאַנטער אינטערנאַציאָנאַלער אימפּרעסאַריאָ, דורך וועמענס הענט עס זענען אַדורכגעגאַנגען דער באַרימטער שאַליאַפּין, דער סאָוועטישער פידל־ווירטואָז דוד אויסטראַך און נאָך אַ סך גרויסע וועלט־באַרימטע יידישע און נישט־יידישע אַקטיאָרן.

היינט ליגט ער אויף דער ערד און שוין גאָר נישט קיין סך איז אים פאַרבליבן צו ליגן אַזוי אויסגעצויגן אויף דעם צעליימיקטן באָדן פון זיין קיביטקע.

— געדענקסט — רעדט ער אָפּגעהאַקט ווי פון אַ הוילער פאַס אַרויס — געדענקסט, מע איז אַמאָל געווען אַ מענטש. עך, מאַלע וואָס געווען...

אַ זלידנע פליג האָט אינעם בין־השמשות זיך געקלאַמערט אין אַ פאַרבלאָנדזשעטן זונען־שטראַל צווישן דער טשופּרינע פון פלאַסקאָוון און ער האָט אַפילו נישט געהאַט קיין כוח אויפצוהייבן אַ האַנט אויף איר. איז ער נערווועז געוואָרן, צוגעמאַכט די גריבער־אויגן און טיף געשוויגן.

פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן קרעכץ פון דער שוואַכער ברוסט ווי פון אַ הוילן פאַס אַרויס.

ער האָט נאָך אַמאָל אויפגעריסן די אויגן, אַ מוטנעם בליק געוואָרפן אויף די הוילע ווענט פון דער אוזבעקישער קיביטקע, אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט און פּטור געוואָרן פון לעבן.

עס פעלט שוין נאָך אַ מענטש אינעם אָרקעסטער פון די צרות. אַוועק שוין נאָך איינער וואָס האָט זיך געמאַטערט און געפּלאָגט די לעצטע יאָרן און אָנגעהאַלטן זיך ביי די פּאָלעס פונעם לעבן מיט אַלע כּוחות, געוואָלט לעבן, איבערלעבן.

ער איז אַוועק און געלאָזט אָבער נאָך זיך אַ פרוי מיט צוויי קינדער אויף נאָך גרעסערע צרות, אויף הונגער און פּיין, אויף ווייטערן נע־ונד.

* * *

עס איז כּדאַי זיך אַמאָל צו דערמאָנען אין אַ מענטשן, וועמען דו האָסט געטראָפן אין לעבן, מיט וועמען דו האָסט דורכגעמאַכט אַ שטיקל וועג צוזאַמען און שטעלן אים כאָטש אַ שטיקל מצבה אויף זיין אומבאַוווסטן קבר, ערגעץ אויף אַ קאָלכאָזנעם מאָגילניק אין ווייטן מיטלאַזיע. עס איז כּדאַי.

געטראָפן האָבן מיר זיך אין עשאַלאָן, וואָס האָט אונדז געפירט געשלאָסענע אין באַזונדערע וואַגאָנען פון ווייסרוסלאַנד. אים האָט מען אין דער נאַכט פון 28סטן יוני 1940 אַריינגעוואָרפן אין אַ וואַגאָן אין גראָדנע און מיך פון סאַקאָלקע, און אויף צומאַרגנס אין דער נאַכט, האָט אונדז דער שטויס פון לאָקאָמאָטיוו געמאַכט פאַר שכנים. אייניקע טעג שפּעטער האָב איך דורכן פאַרקראַטעוועטן וואַגאָן־פענצטערל דערזען די פאַרשפּיצטע אָדלער־נאָז זיינע. אויף דער פּלאַטפאָרמע אין כאַרקאָוו האָט ער געטראָגן אַן עמער זופּ פאַרן גאַנצן וואַגאָן זיינעם און אין 17 טעג שפּעטער האָט דער לאָקאָמאָטיוו אָפּגעטשעפּעט 5 וואַגאָנען וואָס האָבן אויסגעשפּיגן פון זיך אַן ערך 400 ביעזשענצעס מיט ווייבער און קינדער, אין אַ געדיכטע־ניש פון אוראַלטע וועלדער אויפן ווייטן צפון, אין אַרכאַנגעלסקער אָבלאַסט.

אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. אַזעלכע פרעגנדיקע בליקן זע איך צום ערשטן מאָל. איך געדענק אים פון שטענדיק אַן אויסטויגער. אַ מענטש אַזאַ, וואָס ווו דו זאָלסט אים נישט וואַרפן בלייבט ער שטיין אויף די פיס. און דאָ אַזאַ רחמנות־פּנים. ווען נישט זיין פאַרשפּיצטע אָדלער־נאָז, וואָלט איך אים זיכער נישט דערקענט.

און אָט שלעפּן מיר זיך ביידע צווישן נאַכט און טאָג מיט האַק און זעג אויף דער פּלייצע אויף דער האָלץ־בירזשע און זעגן אַ גאַנצן טאָג האָלץ. זיין פּלייצע ווערט פון טאָג צו טאָג איינגעהויקערטער. ער טוט זיין אַרבעט ערלעך און אויפריכטיק. ער וויל נישט נאַרן זיך און נאַטשאַל־סטווע. אָט אַזוי ווי אין יענע גוטע יאָרן. גיב מיר מיין חלק און דאָס איבעריקע געהערט דיר. סוחריש, מענטשלעך און אויסגעהאַלטן.

אָבער אינעם ווייטן צפון האָט פּלאַסקאָווס חשבון נישט געשטימט. ער האָט אָוועקגעגעבן זיין שווייס און כוח, זיין לייב און לעבן און באַקומען דערפאַר קדחת. אַפילו נישט זאַט אָפּצועסן בכדי צו קענען שלעפּן דעם עול פון דער שווערער אַרבעט.

דער זעלבער פּלאַסקאָוו, דער זעלבער כאַראַקטער. איינגעשלאָסן אין זיך, שטום, שווער אַ וואָרט אַרויסצוקריגן. ער באַקלאָגט זיך נישט אויף זיין גורל. אָבער די אָדלער־נאָז ווערט אויסגעצויגענער, די פּלייצע איינגעהויקערטער, די פיס שלאָבעריקער, אָן כוחות.

* * *

אין 14 חדשים שפּעטער האָט אונדז אַן עשאַלאָן אויסגעשפּיגן, נאָך אַ פיר־וואָכיקער רייזע, הינטערן פּלויט פון סאַמאַרקאַנדער וואָקזאַל אין ווייטן מיטלאַזיע. פון דער דורכנעמענדיקער קעלט אויפן ווייטן צפון אַריינגעפאַלן אין הייסן בריענדיקן אוזבעקיסטאַן.

עס איז חודש סעפּטעמבער, ערב ראש השנה. ליגן מיר אין שכבות אויפן נאַקעטן ליימיקן באָדן אונטער דופּטיקע אַקאַציע־ביימער. ער, פאַר־ריסן זיין נאָז צום הימל ווי ער וואָלט געוואָלט דורכשפּיזן אים, דעם באַשעפער, מיט זיין אייביקער און איינאיינציקער פראַגע: פאַרוואָס? און איך, אָנגעשפּיזט די אויערן צום משונהדיקן און צום ערשטן מאָל אויפ־

רייסנדיקן געוואָי פון די שאַקאַלן. די נאַכט איז אַזאַ שיינע, די לבנה אַזאַ לויטערע, דער הימל אַזוי ריין, ווי די אויגן פון אומשולדיקע קינדערלעך. אַרום שטיל, אַזאַ בית־עלמין־שטילקייט הער איך צום ערשטן מאָל. ביים זייט ליגן די פרויען און קינדער צוגעטוליעט צו די קלומיקעס און לעצט־געבליבענע חפצים פון דער אַלטער היים. זיי שלאָפן מיד און שווער.

שוין גלייך מיטן ערשטן זון־אויפשפראָץ האָבן מיר זיך ביידע אויפגעהויבן און אַוועק אין דער אַלטער שטאָט, אַן ערך זיבן קילאָמעטער פון דאַנען און אָנגעהויבן זוכן תכלית. אפשר אַ דירה, אַרבעט.

פלאַסקאָוו האָט שוין באַוויזן צו רעדן מיט פריערדיקע פליטים וואָס וואַלגערן זיך שוין אַזוי אַן ערך זעקס וואָכן אונטערן פרייען הימל. די מי איז אַרויסגעוואָרפן. שווער מיט דירות און שווער מיט אַרבעט. בכדי צו באַקומען אַ דירה דאַרף מען האָבן קודם־כל אַ באַשטעטיקונג פון אַ פאַבריק אַז מען אַרבעט און בכדי צו באַקומען אַ פּאָסטן אויף אַ פאַבריק דאַרף מען האָבן אַ צעטל פון דאַמקאָם, אַז מען האָט אַ דירה. און ווו נעמט מען דאָס אָדער יענץ? די וואָס האָבן געלט, באַקומען אי דאָס אי יענץ. זיי פירן אַוועק זייערע קלומיקעס אויף זיכערע ערטער, אונטער אַ פאַר־שלאָסענע טיר און אונטער אַן אייגענעם דאַך.

מיר האָבן נישט ביידע זאַכן. און דערצו קיין געלט אויך נישט.

שפרייזט ער, פלאַסקאָוו מיט זיינע שווערע פיס, נישטערט מיט זיין לאַנגער נאָז, אפשר וועט ער פאָרט עפּעס דערשמעקן.

— דו ווייסט, דאָ וועט מען פון הונגער נישט שטאַרבן — ווייזט ער אויף פולע עמערס מיט וויינטרויבן, ניס, פּאָמידאָרן און מייערן. — אויפן פּאָסיאָלאָק האָט מען קיין ציבעלע נישט אָנגעזען פאַר די אויגן און דאָ אַזויפיל. וועסט זען, מען וועט איבערלעבן, וועסט זען — האָט ער אָנגעהויבן שטעלן האַסטיקערע טריט — מען וועט זיך אַן עצה טאָן.

און נישט געאַנגט האָט דער אָרימער פלאַסקאָוו, אַז בכדי צו באַקומען די אַלע גוטע זאַכן קלעקט נישט דער לוין פון דער אַרבעט. בכדי דאָס צו קויפן, דאַרף מען טאָן עפּעס אַזוינס וואָס איז נישט אין איינקלאַנג מיט זיין גאַנצער נאַטור, ער איז צו אָרנטלעך דערצו.

* * *

שוין צען וואָכן אַריבער זינט מיר ליגן הינטערן פּלויט פון וואָקזאַל. שוין אויספאַרקויפט די לעצטע שיריים פונעם אָנטועכץ בכדי צו קויפן זיך אַ שטיקל ברויט. וועגן קיין דירה קאָן מען נישט חלומען. האָט זיך פאָרמירט אַ בריגאַדע פון פּליטים, וואָס אַ פּיפּיקער פּאָליאַק האָט אָרגאַניזירט און מען איז אַוועק אַרבעטן אין זאַגאָט־זיערנאָ [1]. הונגעריק איז מען אַ שרעק. האָט ער דערשנאַפּט ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַ סקלאַד מאָן, האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין דעם ערשטן נסיון, ער האָט מיט זיינע שפּיציקע נעגל אויפגעטרענט דאָס זעקל און זשמעניעווייז געשטופּט אין זיין מויל אַריין, געשלונגען. אַ שרעק געווען צו קוקן ווי אַ מענטש עסט. ער האָט קיינעם נישט געזען, אויף קיינעם נישט געקוקט, ווי אַ פרומער ייד האָט ער זיך דבקותדיק פאַרכליניעט אין דער אכילה. קיינער און גאָרנישט האָט אים אינטערעסירט.

— פּלאַסקאָוו! פּלאַסקאָוו! — האָט אים דער אָנקומענדיקער בריגאַדיר געטאָרכעט ביים אַרבל — מען וועט כאַפּן, וועט זיין שלעכט.

נישט לאַנג האָט געדויערט די אַרבעט. עס איז אַוועק אַ סדרה נייע זוכענישן און וואָגלעניש. בלית ברירה איז ער אַוועק אין קאָלכאָז „קראַסנאַיע זנאַמיע". ער האָט באַקומען אַ קיביטקע און געוואָרן אַ קאָלכאָזניק.

אויך דאָרט האָט ער דעם הונגער נישט געקאָנט איינשטילן. עס איז שוין געווען אָנהייב ווינטער. די פעלדער זענען געשטאַנען אָפּגעפּליקטע און פּוסטע, די ביימער נאַקעטע און הוילע. נישט געווען וואָס אַראָפּצונעמען פון זיי, כאָטש נעם און גריזשע די קאָרע. אַפילו ער, פּלאַסקאָוו, האָט עס שוין נישט באַוויזן.

הונגער!

אינעם גאַנצן גרויל האָט ער דערפילט דעם דאָזיקן שוידערלעכן טעם. די אויגן זענען אים אויסגעסטאַרטשעטער געוואָרן, די פּיס שלאַבערדיק, די געדערעם אויסגעהוילט און אַ צופּעניש און אַ נאָגעניש, אַ שרעק!

האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן נאַקעטן דיל מיט אַ בלוטיקער די־

---

[1] סקלאַד, ווו די קאָלכאָזניקעס ברענגען די פּראָדוקטן פאַר דער מלוכה,

זענטעריע, און בלית־ברירה פאַרלאָזט די זינדיקע וועלט, וואָס איינעם האָט זי געגעבן אַלץ, מיט דער פולער האַנט און אַ צווייטן קדחת, מאַלאַ־ריע און דיזענטעריע. ער איז אַוועק פון דער וועלט יאָ כעסיק נישט כעסיק. עס האָט קיינעם נישט אינטערעסירט. קיינער האָט נישט באַדויערט, אוי־סער זיינס גלייכן, די זעלבע פליטים, אויף די זעלבע געהאַקטע צרות ווי ער, וואָס זענען אים שוין מקנא געווען: איבערגעקומען און אַן עק.

* * *

זיין ווייב טאַניע מיט די צוויי קינדערלעך סאַרע און קובע, זענען געבליבן אויף הפקר. כאָטש מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס האָט ער, דער פאַר־זאָרגער זייערער, געקענט טאָן פאַר זיי? ער האָט זיך געטיילט מיט זיין הונגער צוזאַמען מיט דער משפחה. ער אַ שלונג שפייעכץ אויפן ניכטערן מאָגן, זיי דאָס זעלבע. אים האָט געקראַמפט אין בויך, זיי אויך. נאָר מיט איין אונטערשיד, אים האָט געבראָכן דער מוח פאַר דער גאַנצער משפחה, ער האָט געגעשטערט מיט דער לאַנגער נאָז די ערד און געזוכט, געזוכט אַזוי לאַנג ביז ער האָט געפונען דעם טויט.

אויף די קינדער איז געקומען אַ ישועה. די אַנדערס־אַרמיי האָט זיך איבערטראַנספּאָרטירט קיין איראַן, האָט זי מיטגענומען יידישע קינדער־לעך אויך. ממש אַ נס. האָט טאַניע פלאַסקאָוו זיך דעצידירט אויך אויף דעם. איידער די קינדער זאָלן שטאַרבן דאָ ביי איר, איז בעסער אַז זי וועט זיי אַוועקשיקן. זיי וועלן זיך שוין זיכער דערשלאָגן ערגעצווו, אפשר גאָר קיין ארץ־ישראל.

ווי ווייטיקדיק עס איז אָנגעקומען דער אָרעמער מאַמע נעבעך זיך צו צעשיידן מיט אירע קינדער און פאַרבלייבן איינע אַליין אין אַזאַ אכזריות־דיקער וועלט, ווו אַ מענטשלעך לעבן שפילט אַזאַ קליינע ראָל. וואָס האָט זי געזאָלט טאָן, די אָרעמע נעבעך?

שוין אייניקע יאָרן ווי מיר האָבן נישט געזען טאַניען. זי איז געווען אַ ווילע פרוי, אַן אמתע יידישע האַרציקע טאָכטער. בעת מאָניע האָט געלעבט, איז זי געווען פאַרשאָטנט. שטיל און באַשיידן האָט זי געפירט דאָס לעבן, געניסנדיק פון דער שוץ פון איר מאַן. ווער האָט דאַן, אין יע־

נע יאָרן, זיך געקאָנט אָפּגעבן מיט מענטשן, אַז דאָס לעבן איז געווען אַזוי שווער און ביטער. בכלל איז מען שוין געווינט געווען צו זען הייגט דעם מענטשן און מאָרגן זאָל ער שוין נישט זיין. וואָס איז דען געווען דער אונטערשייד צי ער לעבט, צי חס־וחלילה נישט. האָט דען דאָן אַ מענטש געשפּילט אַ ראָלע?

מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז אין יאָר 1943 איז טאַניע פלאַסקאָוו געפאָרן אַרבעטן אין אַ קאָלכאָז ערגעצווו הינטער דער שטאָט און אַז די אַרבאַ [2], מיט וועלכער זי איז געפאָרן, האָט זיך דערטרונקען אין אַ טייך. צי איז עס געווען אַן אומגליק־פאַל, צי גאָר עפּעס אַנדערש, דעם דאָזיקן רעטעניש האָט מען נישט אויפגעקלערט ביז היינטיקן טאָג.

* * *

האָט זיך מיר אָפּגעפרישט אין זכרון די גאַנצע געשעעניש נאָך אַזוי־פיל יאָרן פון וואַנדער. עס האָט מיר אַ פּיק געטאָן אין מוח אַ געדאַנק, אַז ערגעצווו אין אַ שטאָט אָדער קיבוץ אין ישראל לעבן די טאָכטער און זון פון מאַניע און טאַניע פלאַסקאָוו און ווייסן זיכער נישט דעם גורל פון זייערע עלטערן, פון וועמען זיי האָבן נישט באַקומען קיין ידיעות. ווען זיי עס ערגעץ לייענען און דער סוד וועט פאַר זיי ווערן אויפגעקלערט.

[2] צוויי־רעדערדיקער וואָגן.

# ענדלעך דערלעבט

דער גרויסער ראַדיאָ־הילכער אויפֿן וואָקזאַל האָט זיך אַ פֿריידיקער צעגרילצט אין דער שטילקייט פֿון פֿרימאָרגן.

אַ גרויסער עולם מענטשן, וואָס פֿלעגט דאָ אין די פֿרימאָרגנס אויס־הערן די ראַדיאָ־אוידיציעס פֿאַרן גיין צו דער אַרבעט, האָט די פֿריידיקע ידיעה: ש ל ו ם ! אויפֿגענומען מיטן פֿאַלן זיך איינע די אַנדערע אויף די העלדזער, מיט וויינען פֿון גרויס גליק. אַלט און יונג, מענער און פֿרויען, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע האָבן זיך געאָרעמט און געהאַלדזט.

יעדער איינער האָט געהאָפֿט, אַז דער סוף פֿון דער מלחמה וועט ברענגען אַ דערלייכטערונג און אַ בעסער לעבן. די שטאַרקע אייזערנע דיסציפּלין און דער שטענדיקער פּחד וועט פֿאַרשווינדן. אַזוי ווייטער וועט עס נישט גיין! אַזוי קען עס נישט זיין!

היינט, אין טאָג וועדן די גרויזאַמע מלחמה האָט זיך פֿאַרענדיקט, האָט יעדער פֿריי אַרויסגעזאָגט זיינע געדאַנקען.

דער אַלטער 85־יעריקער איוואַן אַנדרייעוויטש קוטשעריאַוויך האָט יעדן טאָג נישט פֿאַרפֿעלט ביים וואָקזאַל־בנין. ער האָט שטענדיק צוגלייך מיט אַלעמען אויסגעהערט די ראַדיאָ־ידיעות. ווי נאָר ער האָט דערהערט די דאָזיקע פֿריידיקע ידיעה, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— עך מאַטושקאַ ראָסיאַ, קאַק סומאַשעדשאַיאַ סאָבאַקאַ ![1] אפֿשר וועט זי ערשט די מאַטושקאַ ווערן לייטישער.

אַלע האָבן אים אָנגעקוקט מיט שטוינונג און פּחד. ער, דער אַלטער איוואַן קוטשעריאַוויך, איז געשטאַנען — נישט געקוקט אויף זיין הויכער עלטער — אַ שטאָלצער און געשטאַרקטער. זיין לאַנגע ווייסע באָרד האָט זיך צעהוידעט אינעם פֿרימאָרגן־ווינטל און זיינע אויגן האָבן מיט אַ

---

[1] מאַמעלע רוסלאַנד, ווי אַ משוגענע צויג.

פריידיקן בליק אַרומגענומען די שיינע סאַמאַרקאַנדער לאַנדשאַפט, ווי ער וואָלט תפילה געטאָן צו זיין גאָט:

— אפשר וועט איצט ווערן בעסער? אפשר וועט שוין איצט ווערן לייכטער צו לעבן אויף דער וועלט?

דער איינדרוק פון אַלטנס רייד האָט נאָך לאַנג געשוועבט אין חלל. דער ראַדיאָ האָט הילכיק געשפּילט. די קלאַנגען פון דער נצחון־מוזיק האָבן זיך צעטראָגן אין דער לופט און צעוויגט די אַקאַציע־ביימער פון די שיינע אַלייען.

שלום!, שלום אויף דער וועלט!

יעדעס גרין צעשפּראָצטע גרעזעלע, וואָס האָט זיך געלאָזט טרעטן פון די באַשטיוולטע פיס, האָט זיך פריידיק געריסן צום קלאָר־בלויען הימל. די אַקאַציע־ביימער האָבן זיך דופּטיק צעשמעקט מיט פאַרפומען־ריחות. די צווייגן האָבן זיך געשטרעקט ווי צו אַ באַגריסונג. די גאַנצע לופט איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער פריידיקער ראַדיאָ־ידיעה: שלום! שלום!

ווי לויט אַ פּריקאַז, ווי אַ געניטער דיריגענט וואָלט ערגעצוו געזעסן און אָנגעפירט מיטן גאַנצן הערלעכן ספּעקטאַקל אין די גאַסן, האָבן זיך שוין פון פרימאָרגן אָן אַרויסגעלאָזט מענטשן אָנגעטאָן אין שענסטן וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, געזונגען און געטאַנצט אין מיטן גאַס.

מאַמעס, וואָס האָבן זייערע זין געהאַט אויף די פראָנטן, פרויען וועמענס מענער האָבן פון זיך נישט געלאָזט הערן פון ערשטן טאָג ווען זיי זענען אַוועק אויף דער מלחמה, האָבן מיט פריידיק־צעפינקלטע אויגן פול מיט טרערן געטאַנצט האָפנדיק, אַז איצט וועלן זיך זייערע פאַרלוירענע אָפּגעפינען.

די גאַסן זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד, גליק און האָפענונג.

* * *

שלום אויף דער וועלט! שוין, געענדיקט דאָס בייזע פינצטערע קאָש־מאַרפולע לעבן!

די פּוילישע יידן, די ערשטע געליטענע, די ערשטע און גרויליקסטע קרבנות פון דער מלחמה, וואָס האָבן גענומען דעם זאַק אויפן פּלייצע און אַרויס פון דער היים, געגנבעט גרענעצן, געלאָפן פון דייטש צום רוס, פון רוס צו די ליטווינער און צוריק — שטייען היינט ווידער מיטן זאַק אויף די פּלייצעס, מ׳יטן זעלביקן זאַק, מיט וועלכן זיי האָבן זיך נישט געשיידט, ווען מען האָט זיי פאַרשיקט אין די לאַגערן און פּאָסיאָלקעס, פון דאָרט קיין אוזבעקיסטאַן, קאַזאַכסטאַן, טאַדזשיקיסטאַן — איצט וואַרטן זיי צו פאָרן צו זיך אַהיים.

— אַהיים? אַהיים???

— ווו האָט אַ וואַנדערנדיקער הונט אַ היים? — האָט זיך בערל רויטמאַן אָנגערופן, זיצנדיק מיט זיינע פריינד ביי אַ גלעזל ווייַן, „באַ־נעצנדיק״ די היינטיקע גרויסע שמחה.

אויף אַלעמענס פּנימער איז געלעגן אַ גרויסער אומעט און טרויער. די ידיעה וועגן סוף פון דער מלחמה האָט דערוועקט פרייד, אָבער אויך זאָרג. היינט ווען די שמחה איז גרויס האָט יעדער איינער דערשפּירט דעם טיפן ווייטיק, דעם גרויסן ריס אין זיין נשמה. יעדער איינער האָט דערפילט, אַז ערשט איצט הייבן זיך אָן נייע ליידן.

— ווו עפּנט מען אַ טיר? — האָט זיך בערל רויטמאַן אָפּגערופן — צו וועמען וועלן מיר קומען, אַז אונדזערע היימען זענען וויסט און לער? צו וועמען צו רעדן וועלן מיר נישט האָבן. די גאַנצע פרייד און באַגער ס׳זאָל שוין נעמען אַ סוף האָט זיך איצט פאַרוואַנדלט אין אַ ברענענדיקן גיהנום. עס איז גוט ווען מע ווערט באַפרייט פון אַזאַ שווער לעבן. אָבער ווער ווייסט וואָס עס שטייט נאָך פאָר? ווי וועלן מיר אויסהאַלטן, ווען מיר וועלן מיט די אייגענע אויגן דערזען דאָס טראַגישע בילד און זיך איבערצייגן, אַז מיר זענען געקומען בלויז אויף קבר־אבות.

— עס איז אַ סוף צו די צרות, עס קומען אָבער נייע פרישע צרות און זאָרגן.

* * *

## ב. טערקעל

ביי רויטמאַנען אין אַרטעל איז היינט יום־טוב. דער נאַטשאַלניק האָט געגעבן געלט אויף ווײַן און פעניע, די געניטע און געריבענע אובאָר־שטשיצע [2], האָט אָפּגעבאַקן לעפּיאָשקעס [3], געמאַכט פּיראָזשקעס, געבראָטן שאַשליק [4] און דער גאַנצער עולם האָט זיך געלאָזט ווילגיין.

די שניידערינס האָבן אין האַלב־שיכורן צושטאַנד זיך צעטאַנצט מיט אָנגעגאָסענע אויגן פון טרערן.

העלענאַ וולאַסאָוואַ, וואָס איר מאַן איז אַוועק אויפן פראָנט און ביז היינט האָט זי נישט געהאַט פון אים קיין שום ידיעה, האָט זיך אַוועקגע־לאָזט אין אַ ווילדן טאַנץ, פול מיט האָפענונג, אַז דער שלום וועט איר צוריקברענגען דעם מאַן.

קלאַווא שטוטשקאַ, וועמענס צוויי זין זענען געוואָרן אויסגעצייכנט ווי טאַנקיסטן ביים דעראָבערן סטאַלינגראַד, און וועמענס מאַן עס איז שוין געקומען צוריק פון פראָנט, האָט ווי אַ גליקלעכע פרוי און מאַמע אַראָפּגעוואָרפן דעם גאַנצן שווערן עול און נישט געקוקט, וואָס זי איז שוין נישט קיין יונגע, זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ קאַזאַטשאָק, אַזש דער דיל האָט געציטערט אונטער אירע פיס. דער עולם האָט צוגעפּליעסקעט מיט די הענט און זי נאָך מער דערמוטיקט. קלאַווא האָט זיך לאַנג, לאַנג געדרייט אין ווילדן טאַנץ, ווי זי וואָלט אין אים אַריינגעלייגט די מאַמעשע בענקשאַפט צו אירע צוויי שיינע יונגע זין, וואָס וועלן אַהיימקומען ווי גרויסע העלדן.

דער אַלטער זאַדישלעווער יעפים אייזיקאָוויטש באַרשאַפ, וועמענס איינציקער זון ס׳איז געוועזן אויפן פראָנט, האָט אַרויפגערוקט זיינע שטענ־דיק אַראָפּגעפאַלענע ברילן איבער דער נאָז, זיי אַרויפגעזעצט אויפן שטערן און מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן אַרומגענומען דעם עולם און אויסגעשריגן:

---

[2] אויפרוימערין.

[3] קוכנס.

[4] געבראָטן שעפּסן־פלייש.

— רוקט זיך אָפּ, מאַכט אַ פּלאַץ, לאָזט אַן אַלטן טאַטן אויך אויס־טאַנצן זיין פריידן און גליק!

נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער צעשפּרייט זיינע לאַנ־גע הענט און מיט די אויסגעדרייטע באַוואָליקטע קראַנקע פיס, האָט ער אָנגעהויבן ווילד צו טופּען איבערן דיל, ווערנדיק אויפגעמונטערט פון עולם:

— אַ נו־קאַ, באַרשאַפ, פּאָקאַזשי פּאָקוס[5]!

דער אַלטער באַרשאַפ האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ גאַלאָפּירנדיקן טאַנץ, אַ קאָזאַטשאָק, געמישט מיט אַ יידישער שערעלע. ער האָט זיך געדרייט און געדרייט, שווער געווען אים צו פאַרהאַלטן.

דער גאַנצער עולם האָט אין אַ קאַראַהאָד געטאַנצט אַרום די שטומע מאַשינען, וואָס זענען היינט, לכבוד דער גרויסער שמחה, געשטאַנען פאַר־יתומט, ווי אומנייטיקע חפצים.

דער עולם איז אַריין אין עקסטאַז. אין אַרטעל און אויפן גאַס האָבן מענטשן געטאַנצט און געהוליעט.

— שלום! שלום!

* * *

בערל רויטמאַן איז געזעסן אין אַ ווינקל מיט די אויגן פאַרקוקט אי־נעם זאַל. ער האָט בלויז געזען טאַנצנדיקע, הייבנדיקע פיס, אַ געפלעכט פון פיס, באַשטיוולטע, באַוואָליקטע, מיט כאַדאַקעס, טאַפּקעס און דאָס רוב באָרוועס.

ער האָט זיך איצט מיט די געדאַנקען אַוועקגעטראָגן אַהין, אַהין צו זיך אַהיים, נאָך וועלכער ער האָט געגאַרט און געבענקט, די היים וואָס האָט אים אָפּגענומען דעם שלאָף פון די אויגן, די היים וואָס האָט אים געלאָקט צו געפינען אַן אָפּרו נאָך די אַלע ליידן און פיינען.

ער האָט דערפילט אַ שטאָך אין האַרצן, ער איז געווען מער ווי זי־

5 נו, באַרשאַפ, ווייז פּאָקוס.

כער, אַז עס איז נישטאָ צו וועמען צו פאָרן און וווהין, ווו עפּנט מען אַ טיר און ווער וועט דיך טרייסטן און באַרואיקן?

— וואָס זיצט איר אַזוי פאַרזאָרגט און צעטראָגן, טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק? — האָט דער אַלטער באַרשאַפּ, אַ פריילעכער און אויפגעלייגטער, סאָפּענדיק און פרייכענדיק פון אויסמאַטערנדיקן טאַנץ זיך אָפּגערופן צו רויטמאַנען, אים אויפגעוועקט פון זיינע מחשבות און אים אַריבערגעטראָגן אין דערווירקלעכקייט.

— העי באַרשאַפּ, באַרשאַפּ! וואָס פאַרשטייסטו דען נישט? ווי אַזוי קאָן איך זיין פריילעך? אויפן היינטיקן טאָג האָב איך געוואַרט און געחלומט. דער היינטיקער טאָג אָבער וואָס האָט געדאַרפט זיין דער גליקלעכסטער פון מיין לעבן און דער פינאַל פון מיין פיין, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין מיין שווערסטן טאָג. היינט גיב איך זיך אָפּ אַ דין־וחשבון. איך מאַך דעם אמתן ווירקלעכן חשבון, נישט אַ חשבון פּאָ פּלאַנו[6], אַ ציפער מיט וועלכער איך פלעג זיך אָפּפּטרן, וועלנדיק דערווייזן, אַז אַלץ קלאַפּט אין דער בעסטער אָרדענונג. נאָר היינט האָב איך געמאַכט אַ ריכטיקן חשבון. איך האָב דערזען מ'יין נאַקעטקייט און מיין איינזאַמקייט, מיין טרויער און אומבאַהאָלפנקייט.

— וווהין גייט מען, טאָוואַרישטש באַרשאַפּ? — האָט רויטמאַן אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרטרערטע אויגן, אָנגעפילטע מיט זאָרג — ווו עפּנט מען אַ טיר? ווער וועט דיך דערוואַרטן, אַז דער שונא האָט פאַרטיליקט אונדזערע היימען. איך קאָן זיך נישט טרייסטן, ווי אַ סך פון אונדזערע פוילישע, אַז מיך האָט עס אויסגעמיטן. איך ווייס, אַז עס איז צום באַדויערן אָן אמת. אָן אמת, אַ גרויזאַמער און שוידערלעכער.

— אפשר איז פאָרט ביי אייך עמעצער לעבן געבליבן און איר וועט עמעצן געפינען? — האָט באַרשאַפּ געפּרווט טרייסטן רויטמאַנען. ער, באַרשאַפּ — אַליין אַ געליטענער, אין וועמענס נשמה עס טליעט נאָך אַ פונק פון יידישקייט — האָט דערפילט דעם טיפן שניידיקן ווייטיק פון

6 לויטן פּלאַן.

צווישן שאַקאַלן

וואַנדערנדיקן ייד, וואָס ווערט געפּלאָגט אויף אַלע וועגן און קאָן נישט דערגרייכן קיין ציל.

— קומט באָריס כּאַאימאָוויטש — האָט זיך באַרשאַפּ אָפּגערופן מ׳יט רחמנות — טרינקט אַביסל, דער ווייַן וועט פאַרטרייבן אייער מרה־שחורה.

גלאָז נאָך גלאָז, ווויהין עס האָבן אַרייַנגעקאָפּעט גרויסע ווייטיקדיקע טרערן, האָט רויטמאַן געזשלאָקעט. און אויף די גאַסן און אינעם אַרטעל, האָבן זיך די פריידיקע געזאַנגען געטראָגן און געשאַלט:

שלום! שלום אויף דער וועלט!...

## נ ע - ו נ ד

צו אַלץ דאַרף מען מזל. גרינשטיינען האָט דאָס מזל צוגעדינט. ער איז אַריינגעפאַלן אין ערשטן עשאַלאָן.

אויפן זעלבן וואָקזאַל פון סאַמאַרקאַנד, ווו ער איז געלעגן אויף דער גאַס מיט אַ סך האָפענונגען און טרוימען אויף דער באַפרייאונג, איז ער איצט געזעסן און געוואַרט אַרויסגעלאָזט צו ווערן אויפן פעראָן. ער איז אַריין אין עשאַלאָן מיטן פעקל זאַכן אויף די פּלייצעס און פאַרנומען אַ נאַרע.

באַקאַנטע און שכנים האָבן זיך צוזאַמען איינגעאָרדנט, כדי זיך צו מאַכן אנגענעמער די רייזע.

דער לאַנגער עשאַלאָן איז געשטאַנען אויף אַ זייטיקער באַן־ראַמפּע. ער איז באַשטאַנען פון זעכציק וואַגאָנען פאַרפולט מיט אַ סך הונדערטער פּוילישע יידן.

אין טאָג פונעם אָפּפאָר זענען זיך געקומען מיט אים געזעגענען אַר־בעטער רוסן, אוזבעקן, יידן, טאַטאַרן.

דער אַלטער באַרשאַפּ האָט די ברילן אַרויפגערוקט אויפן שטערן, זיך שטאַרק און הייס צעקושט מיט גרינשטיינען:

— איר זענט אַ גליקלעכער מענטש — האָט באַרשאַפּ מיט אַ ציטערדיקער שטים געזאָגט — איר פאָרט שוין אַהיים און איך וואַרט נאָך אַלץ אויף מיין זון, וואָס דאַרף קומען פון פראָנט און מוז זיך נאָך פּרעג־לען דאָ אין די גרויסע היצן.

אין לעצטן מאָמענט, ווען דער עשאַלאָן האָט שוין געהאַלטן ביים רירן, איז אָנגעקומען אַ פאַרסאָפּעטער קים מיט קאַוואַלינען. זיי האָבן זיך האַרציק גוטברודעריש געזעגנט מיט גרינשטיינען:

— פאַרגעס נישט אָן אונדז — האָט קים געזאָגט אַ גערירטער — דערמאָן אונדז צום גוטן! מען דאַרף אַלץ פאַרגעסן... אויך מיר פאַרגעסן אַ סך זאַכן.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ האַסטיקן שלעפּ געטאָן די וואַגאָנען און צוגעפֿאָרן אויף דער פֿאָדערשטער ליניע האַרט ביים וואָקזאַל, ווו ס'האָט שוין געוואַרט אַ גאַנצע דעלעגאַציע מיט פֿאָרשטייער פֿון פּוילישן פּאַטריאָטן־פֿאַריין און פֿון דער מאַכט. הונדערטער פּוילישע יידן, וואָס האָבן געוואַרט אויף די ווייטערדיקע עשאַלאָנען, האָבן זיך דאָ צונויפגעקליבן. דער פּרעדסעדאַטעל פֿון גאָראַיספּאָלקאָם האָט געהאַלטן אַ שיינע און רירנדיקע רעדע. דער עולם אין די וואַגאָנען האָט אָפּגעענטפֿערט מיט הוראַ־אויסגעשרייען באַגלייט פֿון געזאַנג, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון טויזנטער קעלן און דער עשאַלאָן האָט גערירט פֿון אָרט.

די אַלע באַגלייטער צוזאַמען מיט דער שטאָט סאַמאַרקאַנד האָבן זיך געגנומען דערווייטערן, פֿאַרקלענערן און צום סוף פֿאַרשווינדן פֿון אויג.

זיי געזעגנט סאַמאַרקאַנד! אַדיע! — האָבן אַלע געפֿאָכעט מיט די הענט.

ביי דער ערשטער ראַגאַטקע איז דער עשאַלאָן באַוואָרפֿן געוואָרן מיט אַ האַגל שטיינער, וואָס האָבן הילכיק אָפּגעקלונגען אויפֿן דאַך.

אין ערשטן מאָמענט ווי נאָר עס האָבן זיך באַוויזן די באַגריגנטע פֿעלדער און די נאָענט ליגנדיקע ביי די ליניעס קישלאַקן, האָט גרינשטיינען אָנגעהויבן צופּן ביים האַרץ. עס האָט אים געדריקט אַ שטאַרקער ווייטיק און בענקשאַפֿט. ער האָט אויפֿן סאַמאַרקאַנדער בית־עלמין איבערגעלאָזט זיין פֿרוי, וואָס איז אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. פֿאַר די אויגן איז אים געשטאַנען אין דער גאַנצער לענג און ברייט דער פֿאַרוואַלטער פֿון אַלטן בוכאַרישן בית־עולם, אַ בוכאַרער ייד מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישער ווייסער באָרד. דער דאָזיקער ייד האָט אים געפֿירט וויזן דאָס קבר פֿון זיין פֿרוי. זי איז נקבר געוואָרן דאַן ווען ער איז געלעגן אין שפּיטאָל.

— איר זעט — האָט דער פֿאַרוואַלטער פֿון בית־עלמין אָנגעוויזן מיט דער האַנט — אָט דאָס גאַנצע בערגל שיפּוע פֿון אויבן ביז אונטן איז פֿאַרלייגט מיט אייערע מענטשן. אַ שיינעם חלק האָבן זיי צוגעטראָגן צו דער באַרייכערונג פֿון אונדזער בית־עלמין.

יאָ, דער בית־עלמין איז געווען גרויס און ברייט, מיטן אויג נישט צו דערגרייכן. אַ סך נאָמענלאָזע און עלנטע האָבן דאָ געפֿונען זייער רו. ער־

געצווו באַווײַנט זיי אַ מענטש, וואָס ווייסט אַפּילו נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

דער עשאַלאָן האָט אַלץ ווייטער און ווייטער געשניטן די מרחקים. מיטן זעלבן וועג ווי מען איז אַהערגעפאָרן, האָט ער געצויגן צוריק — צו טאַשקענט אויפן וועג אַהיים.

— אַהיים? אַהיים? ווו האָבן מיר דען אַ היים? ווו פאָרט מען און צו וועמען? פון איין גיהנום אַרויס — אין צווייטן אַריין.

אַ שטילע נאָגנדיקע בענקשאַפט האָט אַרומגעכאַפּט גרינשטיינען. סאַמאַרקאַנד וועט אייביק זיין איינגעקריצט אין זיין האַרצן. אַזעלכע שוועריקייטן און יסורים דאָ אויסגעשטאַנען און דאָך האָט מען דאָ דורכגעקעמפט און דורכגעלעבט די מלחמה־צייט.

ווי גוט וואָלט געווען, ווען מען קומט צופאָרן אין אַ רואיקע און גליקלעכע היים! אָבער...

— וואָס זיצט איר אַזוי פאַרטרויערט? — האָט גרינשטיינען איבערגעריסן זיינע געדאַנקען מיכל ווײַנטרויב, זיין שכן פון דער נאַרע.

— אָט עס טראַכט זיך... מיר האָבן דען נישט וועגן וואָס צו טראַכטן? ווייניק האָבן מיר דאָ איבערגעלאָזט? יעדער איינער פון אונדז האָט דאָ עפּעס טייערס פאַרלוירן און זייער ווייניק גליקלעכע געפינען זיך צווישן אונדז.

— אַבי אַרויס מיטן לעבן — האָט ווײַנטרויב געענטפערט, — וועלן נאָר זיין ביינער, וועט דערויף פלייש אויסוואַקסן.

— אייך איז גוט וואָס איר גלייבט... אַ ווילע זאָך בטחון, אָבער ווייסן מיר דען נישט, אַז מיר פאָרן אָט גלאַט אַזוי, צו נייע ליידן און נייע אַנטוישונגען. פאַר אונדז איז שוין גאָרנישט אָנגעגרייט. נישט קיין היים, נישט קיין רואיק לעבן... צעבראָכענע און פאַרפייניקטע מענטשן זענען מיר, אויסגעמאַטערטע, דערנידעריקטע און באַליידיקטע.

די יינגערע חברה אינעם וואַגאָן האָבן זיך אויף זייער אופן געזעגנט מיט אוזבעקיסטאַן. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי געזונגען. ווו נאָר דער עשאַלאָן האָט זיך געשטעלט, זענען זיי אַראָפּ, איינגעקויפט צום עסן און זיך

געלאָזט ווילגיין. די געזאַנגען האָבן זיך געריסן פון די אָפענע טירן. זייער עכאָ האָט אָפּגעשלאָגן איבער אוזבעקישע פעלדער.

די נאַכט איז האַסטיק צוגעפאַלן. אַ פרישע אויסגעלייטערטע לבנה האָט זיך געיאָגט אין גאַלאָפּ וועלנדיק אָניאָגן דעם עשאַלאָן, וואָס איז געלאָפן מיט איין אָטעם. אַ געשמאַקע דופטיקייט האָט זיך דערטראָגן פון די פעלדער און אָפּגעפרישט די שווערע טאָג־היץ.

פון אַלע וואַגאָנען האָבן זיך געטראָגן געזאַנגען און זיך צוזאַמענגעמישט אינאיינעם, פונקט ווי איין מעכטיקער כאָר וואָלט אַרויס אין פאַרמעסט.

ביי גרינשטיינען אין וואַגאָן האָט געהוזשעט ווי אין אַ בינשטאָק, ווי די מענטשן וואָלטן גאָרנישט מיד געוועזן, און פונקט ווי זיי וואָלטן זיך איצט דערפרישט. קיינער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן די שווערע זאָרגן וואָס האָבן געדריקט און געפייניקט און אַרונטערגעבויגן דעם גוף.

אַלץ איז ווי פאַרגעסן געוואָרן. קיינער האָט מער נישט געטראַכט פון סאַמאַרקאַנד, ווי די שטאָט וואָלט אינגאַנצן נישט עקזיסטירט און דאָס נייע וואָס שטייט פאָר איז נאָך נישט געקומען צו זייער באַוווסט־זיין. דערווייל פאָרט מען, וואָס עס וועט זיין דאָרט אינדערהיים, וועט מען שפּעטער זען. קיינער האָט דערפון נישט געטראַכט. דער עשאַלאָן האָט זיך געריסן אַלץ ווייטער אין דער נאַכט.

* * *

אַ בלייכער פרימאָרגן־שטראַל האָט אַריינגעבליקט אין דער צעכראַסטעטער טיר פון וואַגאָן. מידע פון דער נאַכט־רייזע אויף די האַרטע נאַרעס האָט זיך דער עולם רעפּאַטריאַנטן גיך אויסגעטשוכעט און ערשט דערפילט דעם אמתן ביטערן טעם פונעם נע־ונדן פאָרן. יעדער איינער האָט געזוכט ווי אַזוי זיך איינצואָרדענען באַקוועמער אין וואַגאָן, זיך אונטערגאַרטלען אויף לאַנגע טעג און נעכט, וואָכן גאַנצע וויפל ס'דראַף דויערן די רייזע פון איין עק וועלט צום אַנדערן.

די פרוי באָרמאַן, וואָס האָט געלאָזט איר מאַן אויפן סאַמאַרקאַנדער בית־עלמין, — ער איז אויסגעגאַנגען אין מיטן גאַס פון אַ בלוטיקער

דעזינטעריע, — איז איצט, ווי אויפגעכאַפּט פון אַ לעטאַרגיע, אַרויס מיט אַ געוויין:

— ער האָט עס נישט דערלעבט... ער האָט אַזוי געוואַרט אויף דער באַפרייאונג, שטענדיק געחלומט פון דעם גליקלעכן מאָמענט צוריקצו־פאָרן אַהיים און ער האָט נעבעך נישט דערלעבט.

אַלע אַנוועזנדיקע האָבן קוקנדיק אויף דער פרוי שטיל אין זיך מיט־געכליפּעט. יעדער איינער האָט זיך דערמאָנט אין אייגענע און נאָענטע, פריינד, באַקאַנטע, וואָס זענען אַוועק אויף אייביק, געפונען זייער רו אין דער ליימיקער ערד פון סאַמאַרקאַנד.

מ׳האָט דער פרוי באַרמאַן אָנגעהויבן באַרואיקן, אָבער די שטימונג איז שוין געבליבן אַ שווערע און דערדריקטע.

יעדער איז שטיל געזעסן אין זיין ווינקל אַ פאַרטראַכטער און פאַר־שלאָסענער אין זיך.

דער צוג איז שטיין געבליבן אין טאַשקענט. דאָס יונגוואַרג האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט.

* * *

דאָס לעבן אין וואַגאָן האָט זיך נאָרמאַליזירט. יעדער איינער איז געווען פאַרטאָן מ׳יט זיך, מיט זיינע פּערזענלעכע דאגות און זאָרגן. דער צוג איז נישט לאַנג געשטאַנען אויף דער סטאַנציע און ווידער זיך גענומען רייסן אַלץ נענטער און נענטער צום ציל.

די זון האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון די טיפענישן פון די וועלדער. אַ מילדער און זומערדיקער פרימאָרגן האָט אַ בליאַסק געטאָן מיט דער גאַנצער פראַכט.

אויף דער גרענעץ־סטאַנציע איז געוואָרן אַ באַוועגונג. די באַפול־מעכטיקטע פאָרשטייערין פון דער סאַמאַרקאַנדער מאַכט, וואָס האָט באַ־גלייט דעם עשאַלאָן, האָט זיך געגרייט אָפּצופאָרן צוריק צו זיך אַהיים, קיין סאַמאַרקאַנד. דער סטאַראָסטע פון עשאַלאָן, אַ פּוילישער ייד, איז געגאַנגען איבער אַלע וואַגאָנען און צונויפגעקליבן מתנות פאַר דער רו־סישער באַגלייטערין. יעדער האָט גערן וואָס געגעבן, ווייל זי האָט דעם

גאַנצן וועג אַרויסגעוויזן גרויס פאַראינטערעסירונג מיט די פוילישע יידן. די „אופּאַלנאָמאָטשעני" האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט יעדן באַזונדער.

אויף דער צווייטער זייט ראַמפּע איז אָנגעקומען אַ פּראַכט־עשאַלאָן מיט אוקראַינער, וואָס האָבן פאַרלאָזט פוילן און געפאָרן צו זיך אויף אוקראַינע. די וואַגאָנען זענען געווען אָנגעפּראָפּט מיט פערד און בהמות, ציגן, הינט און קעץ. זיי האָבן דורכגעשפּיזט מיט די אויגן די אָפענע טירן פון פוילישן עשאַלאָן. זייערע בליקן האָבן קיין גוטס נישט אויסגעדריקט.

ביי זיי אין עשאַלאָן איז די רעוויזיע געווען אַ גרינגטלעכערע. זעל־נער האָבן מיט לאַנגע שפּיזן דורכגעשטאָכן די הויכע סטויגן היי און שטרוי. זייערע פרויען זענען אַרויס פון די וואַגאָנען און גלייך ביי די שינעס צעלייגט אַ פייער און זיך גענומען צום קאָכן און פּרעגלען.

באַוואָנצטע פויערים מיט פאַרקאַשערטע אַרבל און באַזויפטע פּני־מער זענען געזעסן אויף די צוגעשטעלטע לייטערלעך פון די וואַגאָנען און שטיל צווישן זיך גערעדט, קוקנדיק געהיימנישפול פאַרדעכטיקט צום פוי־לישן עשאַלאָן.

* * *

די עשאַלאָן־באַדינונג האָט זיך געביטן. מ'האָט געפילט, אַז גאָר אין גיכן וועט דער צוג רירן פון אָרט. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אויפגע־כאַפּט פון זיין פאַרשטאַרטקייט, אָנגעהויבן צו סאַפּען. אַרויסגעלאָזן פון זיך שוואַרצע קנוילן רויך, וואָס האָבן פאַרשטעלט די זון און זיך אַוועק־געקוילערט צו די אַרומיקע וועלדער.

אַלץ איז געזעסן אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פון אָרט און ראַש אַ שלעפּ געטאָן נאָך זיך די וואַגאָנען. פון שטאַרקן שלעפּ האָבן זיך אַלע אַ וואַקל געטאָן. אַ שטאַרקער פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעשלענגלט אין דער לופט און זיין עכאָ האָט ווייט אָפּגעקלונגען אין דער וואַלדיקער אַרומיקייט.

אַלע האָבן זיך געשטעלט אין דער גרויסער אָפענער טיר פון וואַגאָן און געזוכט מיט די אויגן די גרענעץ־סלופּקעס. מ'האָט געוואָלט דער־שנאַפּן די היימישע לופט.

## ב. טערקעל

ביי אַ קלענערער סטאַנציע, ווו דער עשאַלאָן האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, איז אַרויפגעשפּרונגען אַ פּוילישער זעלנער מיט אַן אויטאָמאַט אויף די פּלייצעס און פאַרגעלייגט צו טוישן רובלס אויף זלאָטעס. ער האָט געגעבן אָנצוהערן געהיימניספול, אַז מען זאָל זיך פאַר אים נישט זשענירן, סיי־ווי האָבן די רובלס נישט קיין ווערט אין פּוילן. ער האָט געוואָלט צאָלן טייערער ווי ביי דער גרענעץ. קיינער האָט קיין שום מסחרים מיטן זעלנער נישט געשלאָסן. אַלעמענס אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אויפן יונגן באַוואָפנטן שייגעץ, ווי וועלנדיק דערגייז ביי אים דעם גרויסן סוד און די האַרבע פראַגע וואָס האָט יעדן געמאַטערט:

— וואָס איז געשען מיט די יידן אין פּוילן?

אַלע האָבן געשוויגן. דער זעלנער האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אין אַ צווייטן וואַגאָן. דער צוג האָט ווייטער געריררט אין וועג.

— שויין, מיר זענען אין פּוילן — האָט זיך טשעמנינסקי אָנגערופן.

— מיר פאָרן איצט אויף היימישער ערד.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער אָפענער טיר, אַראָפּגעצויגן פון זיין הויזן־רימען דעם פאַרזשאַווערטן קאָטיאָלאָק, אַרומגענומען דאָס שטיקל שמוציקע בלעך, צוגעדריקט צו זיין האַרצן און הויך אויפן קול אַריינגערעדט דערין ווי ס׳וואָלט געווען אַ לעבעדיק באַשעפעניש:

— מיין טייערער, האַרציקער חבר און באַגלייטער, דו האָסט מיך נישט געלאָזט אויסגיין פון הונגער, דו האָסט אין מיר דערהאַלטן דאָס חיות און מיך דערפירט ביז דאַנען. זיי געזעגנט, גוטער ברודער! — ער האָט אָנגענומען דעם קאָטיאָלאָק ביים הענטל און מאַיעסטעטיש אַרויסגעוואָרפן דורכן וואַגאָן אין דער ריכטונג פון דער גרענעץ:

— גיי אַהין פון וואַנען דו ביסט געקומען, אפשר וועסטו ווערן אַ חבר פאַר אַן אַנדערן, נויטבאַדערפטיקן ווי איך בין געווען. איך האָב באַשלאָסן קיין זאַך נישט צו געניסן פון דאָרט. איך וויל בלויז ברענגען מ׳יינע אויסגעדאַרטע טרוקענע ביינער. מיין געוויסן איז מיר ריין און די הענט זענען ווי קרישטאָל. איך האָב נישט געגנבעט, נישט גערויבט. זיך געמאַטערט פון ערשטן טאָג אָן ביז צו דער לעצטער מינוט.

טשעמנינסקי איז נאָך לאַנג געשטאַנען ביי דער טיר און געקוקט מיט זיינע אויגן אין דער ריכטונג פון דער גרענעץ, ווו זיין קאָטיאָלאָק האָט זיך אַוועקגעקוילערט.

אַלע אין וואַגאָן האָבן זיך צוגעקוקט פאַרגאַפט צו דער דאָזיקער סצענע מיט טרערן אין די אויגן...

# אויף דער פוילישער טעריטאָריע

מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָט יעדער פּאַסאַזשיר אַרויסגעקוקט דורך דער אָפענער וואַגאָן־טיר. אויף יעדער באַן־סטאַציע האָט מען באַמערקט איינציקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געזוכט צו טוישן רובלס אויף זלאָטעס. נישט געווען צו דערקענען די פּוילישע ערד.

דאָ האָט מען אָנגעזען מערער חורבות ווי אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, אַרויסשטאַרצנדיקע קוימענס פון פאַרברענטע הייזער, איינגעלייגטע קופּעס ציגל האָבן פאַרפולט דעם גאַנצן אַרום. אַן אומהיימלעכקייט האָט געוויייעט פון אַלע זייטן.

פאַרשווונדן מיט איין מאָל דער כאַראַקטעריסטישער טומל פון פּוילישן וואָקזאַל פון פאַר דער מלחמה, מ׳האָט נישט אָנגעזען קיין יידיש פּנים. פרעמד און האַרט האָט אָפּגעקלונגען די פּוילישע שפּראַך ביי די באַן־באַאַמטע.

דער עשאַלאָן איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ האָגל שטיינער פאַרבייפאָרנדיק אַ סטאַציע, און הילכיקע אויסגעשרייען „זשידקי״ האָבן זיך דערטראָגן פון אַלע זייטן.

גרינשטיין איז געזעסן ווייט פאַרוקט אויף זיין נאַרע און אַרויסגעקוקט דורכן קליינעם פענצטערל.

די פעלדער זענען געשטאַנען אין פולן בלי. דער קאָרן האָט זיך געוויגט הויך אינעם לייכטן ווינטל מיט פאַריסענע זאַנגען. אַלץ ווי אַמאָל און דאָך אַזוי קאַלט און פראַסטיק. די גרין־באַשאָטענע פעלדער מיט מענגעס קאָלירפולע בלימעלעך, האָבן אומהיימלעך געוויייעט אויף דער נשמה. יעדעס גרעזל און בלימל, זאַנג און געוויקס איז געווען איינגעהילט אין סודות, ווי זיי וואָלטן נישט דערזאָגט דעם גרויסן סוד פון זייער וווקס. גרינשטיין האָט אַרויסגעפילט פון דער שטילער צעוואַקסענער ערד דעם גרויסן סוד וועלכן זי טראָגט מיט זיך, דעם סוד פון שוידערלעכן אומקום פון אַלע יידן.

שוּוער איז געווען אויף דער נשמה. אַן אומהיימלעך געפיל האָט גע־
דריקט און געצופּט ביים האַרץ.

טשעמנינסקי איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער פּאַדלאָגע אין זיין
גאַנצער לענג, דעם קאָפּ אַרויסגערוקט דורך דער צעבראָסטעטער וואַגאָן־
טיר, מיט אָנגעשטעלטע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן, ווי ער וואָלט גע־
וואָלט דערגיין ביי די רחבותדיקע פעלדער דעם גרויסן באַשייד.

גרינשטיין האָט זיך אינגאַנצן געענדערט. ער האָט נישט געקאָנט
טועם־זיין פון גאָרנישט, אים איז קיין זאַך נישט אָנגעגאַנגען. ס'האָט אים
גאָרנישט אינטערעסירט. צופיל איז ער געווען אָנגעווייטיקט אינעם אָנ־
בליק פון דער גרויסער שטומעניש און סודותדיקייט.

— ווי לאַנג נאָך וועלן מיר אַזוי פאָרן? — האָט זיך גרינשטיין אָנ־
גערופן צו טשעמנינסקין, וואָס האָט איצט אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי
אַ העלד. ער געדענקט אים נאָך פון סאַמאַרקאַנד מיט זיין מאָדנעם הילוך
און משונהדיקער האַלטונג. איצט זעט ער, אַז ער איז געווען אויסגע־
האַלטן ביזן סוף. דער דאָזיקער מענטש איז ביי אים געוואַקסן אין די
אויגן.

טשעמנינסקי האָט אַ קנייטש געטאָן זיין בלאַסן שטערן און געענט־
פערט: — איך ווייס? מע פרעגט דען ביי אונדז. מיר קאָנען דאָך נישט
אַראָפּגיין ווו מיר ווילן, ווו אונדזער עשאַלאָן וועט בלייבן שטיין וועלן
מיר צוגלייך מיט אַלע אויסשטייגן. וואָס איז די נפקא־מינה ווו. ווו האָט
אַ הונט אַ בודע? מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו זוכן. עס איז קלאָר, אַז
מיר זענען געקומען אויף קברים און אין חורבות וועלן מיר הויזן...

גרינשטיין האָט געשוויגן.

— מיר האָבן נאָך אונדזערע זעקלעך מיט שמאַטעס נישט אויסגע־
פּאַקט — האָט טשעמנינסקי פאַרגעזעצט — מיר וועלן נאָך גענוג וואָנ־
דערן ביז מיר וועלן געפינען אַ רואיק ווינקל. דאָ איז אַלץ צייטווייליק.
איר הערט, יידן, — האָט ער זיך געווענדעט צו אַלעמען אויפן קול —
נישט געווען כדאַי דער גאַנצער קאַמף אייערער און מיינער, אויב מיר
וועלן זיך איצט נישט אויסקעמפן קיין מקום־מנוחה וועט עס אונדז קיי־
נער נישט געבן.

## ב. טערקעל

— יאָ, יאָ! — האָט גרינשטיין געענטפערט — אַ שווערע און בייזע צייט קומט אויף אונדז. דער ליידן־בעכער איז נאָך נישט פול. איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל איבערלעבן די מלחמה און קומען אַהיים צו נאָענטע און אייגענע, האָבן ווו צוצוטוליען דעם קאָפּ, פּאָר וועמען אַראָפּצורעדן די שווערקייטן פון האַרץ און דאָ פאָרן מיר שוין צוויי טעג און מען זעט נישט קיין יידיש פּנים, נאָר בייזע בליקן, שפּיזיקע אויגן פון די פּאָליאַקן. שיין דערלעבט, נישטאָ וואָס צו רעדן.

אַ טייל מענטשן האָבן זיך גלייך צוגעוווינט צום געדאַנק, שלום געמאַכט מיטן גורל; נישטאָ קיינער און שוין, מען דאַרף דאָס לעבן ריכטן אויף נייע רעלסן. מען קאָן דאָך אייביק נישט טרויערן.

טשעמנינסקי האָט זיך צעקאָכט:

— ווי קאָן מען פאַרגעסן, זעק מיט אַש דאַרפן מ'יר אייביק טראָגן! אַ גאַנץ פאָלק איז אומגעקומען אויף קידוש השם, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט און די זון לויכט נאָך און די וועלט פירט זיך נאָך, מענטשן לעבן און גייען אַרום, פאַרזייען פעלדער, וואָס זענען אויסגעווייקט געוואָרן מיטן בלוט פון אונדזערע טייערסטע און מיר וועלן נאָך עסן דאָס ברויט פון די דאָזיקע פעלדער און עס וועט אונדז נישט קרענקען, צי וועט איר קענען רואיק אַראָפּשלינגען דעם ביסן?

— דאָס לעבן איז שטאַרקער פון אונדז — האָט ווייסמאַן זיך געפּרווט פאַרטיידיקן.

— שווייגט בעסער! — האָט טשעמנינסקי געדונערט מיט זיין שטים און געשאָטן מיט מוסר — איר האָט זיך גלייך צוגעפּאַסט צום לעבן. איר האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַנדערע פרויען, אין דער צייט ווען איר האָט אינדערהיים געלאָזט פרויען מיט קינדער, דאַן נאָך, ווען איר האָט נישט געוווסט וועגן גרויסן אומגליק. נאָר וועגן מאַכן געלט און לעבן אַ גוטן טאָג האָט איר געטראַכט.

טשעמנינסקיס שטראָף־רייד האָבן געשטאָכן און געשפּיזט. די שטימונג איז געוואָרן אַ דערדריקטע און פיינלעכע. יעדער איז געזעסן אין זיין ווינקל און געשוויגן.

* * *

דער עשאַלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין קאַטאָוויץ. יונגעלייט זענען אַרומגעגאַנגען אַרום די וואַגאָנען און געזוכט בעלנים אין די קיבוצים פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען וואָס האָבן זיך שוין דאָ באַוויזן צו שאַפן.

טשעמנינסקי איז געשטאַנען מיט אייניקע יונגעלייט און געפירט מיט זיי אַ הייסן וויכוח. ער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט פון די בחורים, וואָס האָבן אים פאָרגעלייגט אַריינצוטרעטן אין זייער קיבוץ.

טשעמנינסקי איז אַריינגעלאָפן אין וואַגאָן, צונויפגעכאַפּט זיינע פּאָר שמאַטעס און אַ שטאָלצער אויסגערופן:

— איך בין שוין פּטור פון אַלץ. איך וואַנדער מער נישט מיט קיין עשאַלאָנען. איך וועל פאָרן קיין ארץ־ישראל, און דאָרט וועל איך בויען מיין נייע היים. דאָרט וועל איך קאָנען פאַרגעסן אין מיינע צרות, דאָרט וועל איך שטילן מיין בענקשאַפט נאָך מיין פאַרלוירענער משפחה, נאָך מיין פאַרשניטענער היים.

— זייט געזונט מיינע ליידנס־ברידער, פאָלגט מיך און טוט נאָך מיין ביישפּיל. איר וועט זיך אויסהיילן פון אַלע אייערע פּיינען און ספיקות.

ער האָט אַ וואַרעמען בליק געוואָרפן אויף אַלעמען, זיך צעקושט מיט גרינשטיינען און איז אַרויס אַ פריידיקער און שטאָלצער.

— געקרעכט, זייער קלוג האָט טשעמ'נינסקי געטאָן — האָט זיך גרינ־שטיין אָפּגערופן — ער האָט אויסגעקליבן דעם בעסטן וועג. אונדז האַלטן דאָ די זעק מיט די פּעק, אַלע האָבן מיר פּאַקטיש געדאַרפט גיין מיטן דאָ־זיקן וועג.

אייניקע באַקאַנטע זענען אַוועק צום קאַטאָוויצער קאָמיטעט און אויס־געפועלט מען זאָל אַראָפּנעמען אייניקע פאַמיליעס אין שטאָט.

גרינשטיינען איז שוין מיאוס געוואָרן דאָס שלעפּן זיך אין עשאַלאָן. מ'האָט געשמועסט, אַז דער גאַנצער עשאַלאָן דאַרף פאָרן קיין נידער־שלעזיע, ווו עס זענען פאַראַן פרייע וווינונגען פון די אַרויסגעטריבענע דייטשן. אָבער גענוי האָט קיינער נישט געוווּסט.

גרינשטיין איז אַריינגעפאַלן אין דער גרופּע מענטשן, וואָס האָבן

ב. טערקעל

אויסגעפּועלט ביים קאַטאָוויצער שטאַטישן קאָמיטעט מען זאָל זיי דאָ פאַרהאַלטן.

אין געאייל האָט גרינשטיין פאַרכאַפּט אַלע זיינע זאַכן און פּעקלעך, ביים באַן־פּלויט איז אַלץ צונויפגעלייגט געוואָרן און מען האָט געוואַרט אויף אַן אויטאָ.

* * *

דער עשאַלאָן האָט גערירט פון אָרט שלעפּנדיק מיט זיך אין ווייטערדיקן גלות־וועג די פּוילישע יידן, אין דער באַגלייטונג פון שטעכיקע בליקן פון פּאָליאַקן, אָבער נישט אין זייערע געוועזענע היימען, ווו זיי האָבן געגאַרט און געחלומט אַזויפיל יאָרן וועגן זיי, נאָר ווו עס האָט זיך געלאָזט.

קיינער האָט נישט געטראַכט פון זיין געבוירן־שטאָט, פון זיין היים. יעדער איז געווען איבערצייגט, אַז קיינער איז נישטאָ און אינסטינקטיוו אויסגעמיטן צו טראַכטן וועגן אַ באַזוך אַ אויף די קברים און חורבות.

דער עשאַלאָן איז פאַרשוווּנדן פון אויג און אַ גרויסע פּוסטקייט און ליידיקייט האָט אַרומגעכאַפּט גרינשטיינען...

# קאַטאָוויץ

אַרומגערינגלט מיט די אַלטע און נייע מאָגילקעס איז אין גרינבס געשטאַנען איינגעטונקען אַן אַלטער באַראַק. אַ לאַנגער הילצערנער בנין מיט אַ סך צימערן, אין וועלכן עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די געקומענע פוילישע יידן. יידן פון לאָדזש און פון וואַרשע, פון ווילנע און פיאָטרקאָוו, פון ביאַליסטאָק און פון וואַנען נישט. יידן וועלכע האָבן זיך צוגעטוליעט אויף דערווייל, מידע פון שלעפן זיך וואָכנלאַנג אין די עשאַלאָנען.

אין יעדן צימער — פיר רייען אויסגעשטעלטע צוויי־עטאַזשיקע נאַרעס, מיט שטרוי־מאַטראַצן. ביי דער טיר זענען געשטאַנען יידישע וועכטער מיט ביקסן אויף די פלייצעס און באַוואַכט דאָס לעבן פון די נייגעקומענע. דער באַראַק איז אויף שלעסער פאַרמאַכט געוואָרן אין די אָוונטן.

גרינשטיין איז אַ מידער צוגעפאַלן אויף זיין געלעגער. די אַרומיקע שכנים אויף די נאַרעס זענען געלעגן צונויפגעקורטשעטע אין דרייען, פאַרזונקען אין שווערע געדאַנקען.

אויף דער היימישער ערד איז דאָס לעבן געוואָרן נאָך פיינלעכער און האַרבער. אָן אַ ציל און אָן אַן אויסוועג.

אַ מחנה וואַנצן זענען באַפאַלן די נייע געסט און מיט שוידערלעכער אַכזריות האָבן זיי אָפגעגעבן אַ נייעם און היימישן שלום עליכם.

די וואַך ביי דער טיר האָט געשפאַנט הין און צוריק צוגעבנדיק נאָך מער אומעט און אומהיימלעכקייט.

גרינשטיין האָט נישט געקענט באַנעמען די נייע לאַגע. צו וואָס דאַרפן שטיין באַוואָפנטע וועכטער ביי די טירן?

יאָ, דאָס לעבן פון די יידן איז דאָ נישט געווען זיכער. אַרומגערינגלט מיט שונאים און פיינטלעכע בליקן איז דאָס לעבן געשטאַנען אין געפאַר.

דאָס עלעקטרישע ליכט האָט געברענט, כדי אָפצויאָגן פון זיך די

מחנות וואַנצן, וואָס האָבן אומעטום געראַיעט אומגעשטערט. שווער געוועז צוצומאַכן אַן אויג. כאָטש די מידקייט האָט זיך פויל איינגעגעסן אין די ביינער.

יעדער האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער און זעענדיק, אַז די היינטיקע נאַכט וועט נישט געלינגען צו שלאָפן, זענען די מענטשן אַראָפּגעקראָכן פון די נאַרעס און אָנגעהויבן שפּאַצירן איבערן גרויסן האַלב־טונקעלן קאָרידאָר.

יצחק פּערלשטיין איז שוין דאָ געווען אַ לאַנגער תושב. אַליין אַ געוועזענער אַ קאַטאָוויצער, האָט אים גלייך געצויגן אַהער אין זיין געבוירן־שטאָט. אמת, דאָ זענען קיין חורבות נישט געווען. אָבער קיין יידן זענען דאָ נאָכן גרויסן מבול נישט פאַרבליבן. די יידישע הייזער זענען געווען פאַרנומען, באַזעצט מיט פּאָליאַקן און די נייע שכנים האָבן אויף דער שוועל נישט אַריינגעלאָזט די אַלטע באַלעבאַטים, און אַנדערע האָבן זיי פּשוט אַרויסגעיאָגט ווי איבעריקע און אומגעוווּנטשענע.

יצחק פּערלשטיין איז אַרומגעגאַנגען איבערן קאָרידאָר, אַ פּאַרטיפטער אין שווערן אומעט. ער האָט באַמערקט גרינשטיינען און זיך מיט אים צעשמועסט:

— אַ בידנע און פּיינפולע לאַגע. אַן שום אויסזיכטן אויף דער צוקונפט — האָט ער אָפּזיפצנדיק געזאָגט — זיך אויסגעפּייניקט אין די קאַנצלאַגערן, געווען אַ קאַנדידאַט אין קרעמאַטאָריע, מיט גרויס מי זיך אַרויסגעריסן פון די נעגל פון טויט און איצט בין איך אינגאַנצן צעבראָכן, אָן שום אויסוועג. פאַרלוירן אַלץ און אַלעמען און ליג דאָ אין פּאַרוואַנצטן באַראַק אויפן חסד פון די קאָמיטעטשיקעס, וואָס לעבן אַ גוטן טאָג אויפן חשבון פון די ליידן און נויטן פון די אומגליקלעכע און היימלאָזע.

פּאַר זיינע אויגן האָט ער ערשט דערזען דעם אמתן קרבן פון דער גרויליקייט, וואָס איז על־פּי־נס ניצול געוואָרן פון טויט און איצט לעבט ער אין פּחד פאַרן לעבן.

— אַזוי דראַענדיק איז אונדזער לעבן, אַז מען דאַרף אונדז היטן? — האָט ער זיך נישט געקאָנט אָפּוונדערן פון די יידישע באַוואָפנטע יונגע־

לייט, וואָס זענען געשטאַנען ביי דער טיר, אָנגעצויגענע און אין פולער גרייטקייט און וואַכזאַמקייט.

— ליידער, ליידער, אַזוי איז עס. מען מוז זיין שטאַרק געהיט און פּאָרזיכטיק. מיר זענען אַרומגערינגלט מיט אַ סך שונאים. די פּאָליאַקן ווילן מ'זאָל ציין און נעגל איינהאַלטן זייער אָנגערויבט יידיש פאַרמעגן און ווי נאָר זיי האָבן דערזען יידן, האָבן זיי אויסגעשטעלט גרויסע פרעגנדי־קע אויגן, זיך פאַרוווּנדערט. לויט זיי האָט שוין קיין איין ייד נישט גע־טאָרט פאַרבלייבן, און דאָ, פלוצלינג, זענען אָנגעקומען יידן...

— ווי נאָר איך בין באַפרייט געוואָרן פונעם לאַגער און זיך דער־שלאָגן אַהיים מיט די לעצטע כוחות — האָט פערלשטיין פאָרגעזעצט אַ דערשלאָגענער און אַנטמוטיקטער — בין איך געלאָפן צו זיך אין דער וווינונג, זוכן שפּורן פון מיין משפחה און פאַרמעגן. אַ פרעמדער מענטש האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג, אויף האַלב געעפנט די טיר און איך האָב דערקענט מיינע מעבל, אַלע מיינע זאַכן... אַפילו די בילדער אויף די ווענט זענען געהאַנגען נישט גערירט. און ווי נאָר דער פּאָליאַק האָט דערהערט, אַז איך בין דער באַלעבאָס, האָט ער האַסטיק אַ פאַר־קלאַפּ געטאָן די טיר פאַר מיין נאָז.

— מיר איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן — האָט פערלשטיין פאָרגעזעצט — אַ צום טויט־חלשות האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב געמיינט, אַז אָט, אָט פאַל איך אַוועק אין אָנמאַכט. צו וואָס האָט געטויגט דאָס מאָרדעווען זיך און דער קאַמף צו דערהאַלטן דאָס בידנע לעבן אין די שווידערלעכסטע באַדינגונגען, אַז די ווירקלעכקייט איז אַזאַ האַרבע און ביטערע. אָן שום רחמנות און מיטגעפיל צו אונדז פון דעם גאַנצן אַרום.

— און וואָס ווייטער? אַן איינזאַמער און פאַרשטויסענער, אַ באַ־רויבטער פון דער משפחה און פאַרמעגן וואַלגער איך זיך איצט אין באַ־ראַק, כ'ווער משוגע פאַר ווייטיק און בענקשאַפט, און אין האַרצן צופּט עס און נאָגט. און אַלץ שווייגט, דערצו נאָך איז דאָס לעבן נישט זיכער; מען איז אויסגעשטעלט אויפן חסד פונעם קאָמיטעט, וואָס וואַרפט צו שיריים. די נייע באַלעבאַטים, די פריש־געבאַקענע פאַרזאָרגער, האָבן קודם

כל זיך באַזאָרגט מיט די שענסטע דירות, זיי וווינען נישט אין באַראַק, זיי לעבן אַ גוטן טאָג פון אונדזער נויט און אומבאַהאָלפנקייט.

גרינשטיין האָט אַרומגעשפּאַצירט מיט פּערלשטיינען היין און צוריק איבערן לאַנגן קאָרידאָר. ווי מיד ער איז נישט געווען, האָט ער שלאַבעריק פויל געשלעפּט די פיס. ס'האָט אים אַרומגענומען אַ רחמנות צו דעם אָרעמען און פאַרצווייפלטן פּערלשטיינען, וואָס האָט מיט האַרץ און נשמה זיך אַראָפּגערעדט ווי ער וואָלט געזוכט אַ טרייסט אין זיין פּיין און עלנט.

— מיט וואָס קאָנען מיר זיך העלפן איינער דעם צווייטן — האָט גרינשטיין אים איבערגעשלאָגן די רייד — מיר זענען אַלע איצט אומבאַהאָלפן... וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?

גרינשטיין איז נאָך געווען אַ גרינער דאָ, ערשט היינט אין אָוונט געקומען און ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ שווערער פּיינלעכער לאַגע, אָן אַן אויסוועג און אָן אַ ציל.

— וואָס טוט מען? — האָט גרינשטיין ווי געוואָלט זוכן אַ באַשייד ביי דעם אַלטן צעבראָכענעם פּערלשטיינען, וואָס האָט איבערגעלעבט מער פאַר אים, אין שווערע און שוידערלעכע טויט־באַדינגונגען.

— מיינע ליידן קעגן אייערע זענען אַ נול. מיר האָבן זיך געמאַטערט און געליטן, שווער געאַרבעט און געהונגערט. יעדע ווילע האָט גע־דראָט תפיסה און לאַגער. אָבער דעם טויט פאַר די אויגן האָבן מיר נישט געזען, און דאָך איז אונדזער גורל אַ געמיינזאַמער. מיר האָבן אַלץ און אַלעמען פאַרלוירן.

— ווער ווייסט צי איך וועל איבערהאַלטן דעם מאָמענט ווען איך וועל קומען אין מיין היים און זען מיט די אייגענע אויגן דאָס אַלץ?

— איר וועט איבערהאַלטן, איך האָב אויך איבערגעהאַלטן, צום סאַ־מע שווערסטן און ערגסטן געוווינט מען זיך צו.

גרינשטיין האָט געשוויגן.

* * *

דער גרעסטער טייל מענטשן זענען געלעגן אויף די נאַרעס, זיך אָפּ־געיאָגט פון די וואַנצן און האַרטנעקיק געשוויגן.

— אַ מאָדנע וועלט — האָט זיך אָנגערופן דער אַלטער גרינשפּאַן,

וואָס איז געקומען צוזאַמען מיט גרינשטיינען מיטן זעלבן עשאַלאָן — קיין לייטישער אָרט ווי אַ באַראַק, פאַררוקט הינטער דער שטאָט, אַרומגערינגלט מיט מאָגילקעס האָבן זיי פאַר אונדז נישט געפונען? זיי האַלטן אונדז וואַרשיינלעך פאַר ערב־מתים, און זיי ווילן פאַרשפּאָרן די לוויה־הוצאות, אונדז צו פירן אַ לאַנגן וועג.

ווי שווער עס איז נישט געווען אויפן האַרץ, האָבן אַלע זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— מיר וועלן אויסהאַלטן, אויסהאַלטן צו להכעיס אונדזערע שונאים — האָט זיך גרינשטיין אָנגערופן — ווי שווער עס וועט נישט זיין דאַרף מען האָבן מוט. אויסגעהאַלטן ביז איצט, מוז מען ווייטער זיך שטאַרקן און אויסהאַלטן, אויסהאַלטן פאַר יעדן פּרייז.

אַ שווערע און אומהיימלעכע שטילקייט האָט געהערשט אין באַראַק. די הין און צוריק מאַרשירנדיקע טריט פון די באַוואָפנטע וועכטער האָבן אָפּגעהילכט אין דער נאַכט...

# נייע צרות

די נייעווירקלעכקייט האָט איבערגעראַשט מיט איר גרויזאַמקייט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די רואינען. די שיינע שטאָט פון אויבער־שלעזיע האָט געלויכטן מיט אַלע חנען פון דער סוף־זומערדיקער זון. קליי־נע שוואַרצע קוילן־שטויבעלעך פון די אַרומיקע קוילן־גרובנס האָבן זיך אַרויפגעלייגט אויף די בגדים, פאַרסאַזשעט די העמדער, דאָס פּנים.

די שטאָט איז איינגעוויקלט אין רויך און רויכערנדיקע קוימענס, וואָס שיטן מיט סנאָפּעס רויכיקע וואָלקנס און פאַרדעקן די לויכטנדיקע זון.

די איינוווינער זענען עלעגאַנט אָנגעטאָן, מיט פרײדיק־צעשטראַל־טע געזיכטער גייען זיי אַנטקעגן דעם טאָג.

סך־הכל וווינען דאָ אַ טויזנט יידן, אַ טייל געקומענע פון די דייַ־טשע לאַגערס און אַ קלענערער טייל געקומענע פון די פּאָסיאַלקעס און לאַגערן פון ראַטנפאַרבאַנד. דאָס רוב פון זיי שטייט אָפּ גאַנצע טעג לעבן בנין פון שטאָטישן קאָמיטעט וואַרטנדיק אויף הילף, אויף אַביסל שמאַ־טעס און פּראָדוקטן.

די אַלע שמאַטעס, וואָס מען האָט געפירט מיט זיך פון ראַטנפאַר־באַנד, האָבן דאָ פאַרלוירן זייער ווערט. פאַר גראָשנס ווערן זיי פאַרקויפט. דאָ גייט מען אָנגעטאָן מאָדערן און שענער. די איינציקע רעטונג איז גע־בליבן פאַר די וואָס האָבן מיטגעבראַכט אַביסל „קישמיש" אָדער מאַכאָר־קע, און די סאַמע גליקלעכסטע זענען די וואָס האָבן פאַרהאַלטן זייערע רובלס, נישט נתפּעל געוואָרן פאַר די רעוויזיעס און פון די סטראַשונ־קעס, אַז דאָס געלט וועט אין פּוילן פאַרלירן דעם ווערט. אַ רובל באַ־טרעפט דאָ צען זלאָטעס. די וואָס האָבן די רובלס און גאָלדענע „חזי־רימלעך", רייסן זיך די ערשטע אין די רייען און ווענדן אָן אַלע מיני פּראָטעקציעס צו באַקומען וואָס מער און בעסערס פון קאָמיטעט.

אַ מאָדנע אַפּאַטישקייט האָט באַהערשט די מענטשן. מיט איין מאָל

האָבן זיי פאַרגעסן אין די אַלע ליידן און צרות פון זייער לאַנגן גלות. עס האָט קיינעם נישט געצויגן צו פאָרן אין זיין געבוירן־שטאָט, יעדער איז געווען איבערצייגט, אַז ער האָט נישט וואָס צו זוכן, און דורכלעבן דעם דאָזיקן שוידערלעכן און פיינלעכן מאָמענט, האָט קיינער ביי זיך נישט געקאָנט פועלן.

די דערציילונגען פון די גרויסאַרטיקע פון די נאַצישע לאַגערן זענען געווען אַזוינע גרויליקע, אַז דאָס אַלץ, וואָס מען האָט אַדורכגעמאַכט אין די פּאָסיאָלקעס און לאַגערן, איז געוואָרן פאַרבלאַסט.

פון אַרומגיין ליידיק, איז דאָס לעבן נאָך מיאוסער געוואָרן און אין די הייסע טעג זענען די איינוווינער פון באַראַק געלעגן אויסגעצויגן אויפן גרינעם גראָז אויפן צווינטער און געוואַרט אויף בעסערע צייטן.

די וואָס זענען פריער געקומען, פון די ערשטע, האָבן זיך געווענדעט צו קרובים אין דער וועלט, געבעטן זיי אַריבערנעמען צו זיך. גאַנצע פיין־מגילות האָט די פּאָסט געטראָגן צו קרובים אויף יענעם זייט אָקעאַן. די ענטפערס פון דאָרט זענען געקומען קאַלטע און גלייכגילטיקע, איינציקע האָבן געהאַט דאָס גליק צו געפינען פאַרשטענדעניש און האַרציקייט. אָפטמאָל האָט מען דערהאַלטן אַביסל דאָלאַרן און דאָס האָט די דאָזיקע מענטשן דערמוטיקט.

* * *

גרינשטיין איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצאָרנטער און צעטראָגענער. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס אַרומגיין ליידיק. ס'האָט אים געפּיי־ניקט דאָס געוויסן.

— איך מוז פאָרן אין מיין געבוירן־שטאָט, איך מוז מיט מיינע אויגן אַלץ זען, זיך נאָכפרעגן ביי שכנים און באַקאַנטע פּאָליאַקן וועגן גורל פון מיינע נאָענטסטע און אייגענע. איך וויל וויסן ווי אַזוי האָבן זיי דורכ־געמאַכט דעם לעצטן וועג צו זייער אומקום. אַזוי זיצן אין דער ווייטער־דיקער אומבאַוווסטקייט וועל איך נישט אויסהאַלטן — האָט גרינשטיין איינגעטענהט מיט פערלשטיינען.

— מען קאָן דאָך נישט פאָרן, אַ ייד טאָר זיין נאָז נישט אַרויס־שטעקן. אין די צוגן איז אַ ריזיקע צו פאָרן, מען שלעפּט אַרויס יידן, מען

טוט זיי אויס באַקעט און מען דערמאָרדעט זיי. ווי אַזוי וועט איר זיך לאָזן אין אַזאַ געפערלעכן וועג? — האָט פערלשטיין דערווידערט — איך ראָט אייך אָפּצוּוואַרטן, אפשר וועט זיך די לאַגע סטאַביליזירן.

— אַ שיין פּנים האָבן מיר — האָט גרינשטיין געענטפערט — כדאַי געווען דאָס ליידן, כדאַי געווען אַזויפיל קרבנות צו ברענגען און היינט שוין אין באַפרייטן פּוילן, צו וועלכן מיר האָבן געגאַרט די אַלע שווערע יאָרן, זאָל אַ יידנס לעבן נישט זיכער זיין. אַ שיין פּנים האָט מיר די גאַנ־צע וועלט.

— ווייזט אויס, אַז צו ווייניק קרבנות האָבן זיי געהאַט. איר האָט געמעגט זען ווי די פּאָליאַקן האָבן זיך געוווּנדערט דערזעענדיק יידישע פּנימער. זיי האָבן שוין גערעכנט, אַז קיינער איז נישט פאַרבליבן. און דאָ זענען געקומען לעבעדיקע יידן און נאָך געהאַט די חוצפּה צו קומען אין זייערע פריערדיקע וווינונגען און זוכן שפּורן פון זייערע היימען. זיי וועלן גיין אויף אַלץ, זיי האָבן קאָאָפּערירט מיטן דייטש, אים צוגעהאָלפן, אָדער אין בעסטן פאַל געקוקט גלייכגילטיק צו אונדזער אומקום. היינט פייפן זיי אויף אַלץ. דאָס וואָס זיי האָבן אַנגערויבט וועלן זיי נישט צור־ריקגעבן. זיי וועלן דערמאָרדן די וואָס וועלן קומען צו זיי מאָנען. אַ צו טייערן ביסן האָבן זיי באַקומען. נישט אַזוי לייכט וועלן זיי זיך דערמיט שיידן. רעדט זיך נישט איין, גרינשטיין, אַז די מענטשן האָבן געוויסן און נשמה. זיי זענען ערגער ווי חיות. מיט ציין און נעגל וועלן זיי פאַרטיי־דיקן זייער נאַרע און אַרויסרייסן ביי יענעם דעם ביסן פון מויל.

— עך, גרינשטיין, איך האָב זיך די באַפרייאונג פאַרגעשטעלט אַנ־דערש. איך האָב גערעכנט, אַז מיר, די ווייניקע ביים לעבן־געבליבענע, וועלן אַרומגערינגלט ווערן מיט זאָרג און איבערגעגעבנקייט פון די אונ־דזעריקע, און צום סוף קוקט איינער אויפן צווייטן מיט חשד און אומצו־טרוי, אַז עס ווערט נאָך מיאוסער דאָס לעבן און טיילמאָל שווימט אויף די פראַגע: צוליב וואָס האָט געלוינט די גאַנצע פּיין און ליידן? וואָלט נישט בעסער געווען אומצוקומען צוגלייך מיט אַלע יידן און אַ סוף! צו וואָס לוינט דאָס אַלץ, אַז קיין אויסוועג איז נישטאָ. די טויערן פון אַלע לענדער זענען פאַר אונדז פאַרמאַכט. געמיינט, אַז מען וועט קאָנען פאָרן

צו לעבנגעבליבענע קרובים, און אַפילו די טויערן פון ארץ־ישראל זענען אויך הערמעטיש געשלאָסן. ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז נאָך דער מלחמה זאָל מען יידן נישט אָוועקגעבן זייער לאַנד, ווו זיי זאָלן קענען בויען זייער צוקונפט און נישט זיין מער אויסגעשטעלט אויף אַזעלכע פּורעניות און נישט זיכער זיין מיטן קאָפּ.

גרינשטיין איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן גראָז, די אויגן פאַרריסן צום בלויען הימל, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך די געדיכטע צווייגן.

פערלמאַנען איז געווען שווער אויף דער נשמה, אים האָט זיך גע־וואָלט אויסריידן, אויסטענהן, אפשר וועט אים גרינגער ווערן.

— איר זעט, — האָט ער אָנגעוויזן גרינשטיינען אויף די גרויסע צעצווייגטע קברים־אַלייען, מיט שיינע מאַרמאָרנע מצבות מיט דייטשע אויפשריפטן, לאַנגע רייען מיט באַצלמטע בערגלעך און קברים באַשאָטן מיט אָפּגעבליאָקעוועטע ברעטלעך פון זון און רעגן.

— זיי האָבן כאָטש מצבות, ליגן כאָטש רואיק אין דער ערד, מען וועט זיי קומען באַזוכן, לייגן אַ קראַנץ בלומען... עמיצער וועט נאָך אַמאָל לאָזן אַ טרער אויף זייער קבר. אָבער אונדזערע קדושים זענען אויסגעגאַנ־גען אין פּיין און יסורים, קיין קבר איז נאָך זיי נישט פאַרבליבן. דער ווינט האָט צעטראָגן, צעשאָטן זייער אַש איבער פעלדער און וועלדער. זייער אַש האָט באַפרוכפּערט די פעלדער און מענטשן עסן דאָס ברויט. ווי קאָן מען עס אויסהאַלטן... די וועלט האָט דאָך געדאַרפט ליאַרמען און דו־נערן, זי האָט דאָך געדאַרפט קאָמפּענסירן אונדזער גרויסע עוולה; מען האָט דאָך אונדז געדאַרפט אַרומרינגלען מיט גרויס זאָרג, פלעגן אונדזע־רע גופים און אויסהיילן אונדזערע נשמות. די וועלט האָט זיך דאָך גע־דאַרפט שעמען אין אָנבליק פון אונדזער איינזאַמקייט און צעבראָכנקייט.

אַ צו גרויסן ביישטייער האָבן מיר געבראַכט אין דער איצטיקער מלחמה. אויף אַלע פראָנטן זענען אונדזעריקע אומגעקומען. אַלע לאַגערן האָבן מיר פאַרזייט מיט טויטע; מיליאָנען זענען אומגעקומען ביים דייטש און געבליבן זענען בלויז שאַרבנס און צעבראָכענע, קראַנקע, אויסגעפּיי־ניקטע גופים און פאַרוואונדעטע נשמות.

* * *

ב. טערקעל

לאַנג נאָך איז פּערלמאַן געלעגן אויפן גראָז און זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. ער האָט אויסגעגאָסן זיינע טענות צו דער וועלט און צו די מענטשן.

די זון איז, ווי תמיד, אַזוי ווי פאַר דער מלחמה, אַזוי אויך היינט גאָלדיק פאַרגאַנגען צום מערב, באַשאָטנט דעם גרויסן צווינטער און איינגעוויגט די שטומע קברים.

די וועכטער אין באַראַק האָבן זאָרגפעלטיק געשלאָסן די טירן, אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק באַוואַכנדיק מיט געלאָדענע ביקסן די לעבנס פון די, וואָס זענען על־פּי־נס געבליבן לעבן...

# דער אַלטער קאַשטאַן־בוים

דער הימל איז קאַלעמוטנע. נאָך קאַלעמוטנער איז אויף דער נשמה. דאָס קליינע יידישע שטעטעלע איז איינגעהילט אין פיינלעכן אומעט. די בתי־מדרשים פאַרברענט, די גרויסע אַלטע שול שטייט מיט אויסגעהויל־טע פענצטער־אויגן, קוקט אַ פאַרוואונדערטע און אַ פאַרשעמטע צו דער צעשרפהטער זון אינעם אומענדלעך בלאַ־צעשפילטן הימל.

הילכן אָפּ די שלאַבערדיקע טריט פון ניי־געקומענעם תושב פונעם שטעטל, וואָס האָט זיך אומגעקערט נאָך אַ זיבן־יעריקער וואַנדערונג, זוכן שפורן פון פאַרשוווּנדענעם אַמאָל.

שפורן?...

גאַנץ שטייען די יידישע הייזער. עס איז מיטאָג־צייט. די נייע שכנים, די אָרטיקע מעשטשאַנעס, זיצן בנעימותדיק מיט זייערע משפחות ביי די יידישע טישן, סערווירן דאָס עסן אויף יידישע טעלער, עסן מיט אַפּעטיט מיט יידישע לעפל־גאָפּל און האָבן הנאה פון גאָטס וועלטל. אויסגעביטן האָבן זיי די חרובע הייזקעס זייערע, אויף גוטע באַקוועמע יידישע וווינונ־גען, דעקן זיך צו מיט יידישע פּערענעס, טוליען זייערע קעפּ אין פוכענע יידישע קישנס און זענען צופרידן.

און די יידן?...

פאַרשוווּנדן, אָפּגעמעקט, אָפּגעווישט, ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געווען עקזיסטירט. פאַרשוווּנדן דער ספּעציפישער קליינשטעטלדיקער גע־טומל, דער יידישער הר־האַ, דאָס יידישע לשון, דאָס זאָרגלאָזע געלעכטער פון יידישע קינדער און יוגנט.

שטיל ווי אויף אַ בית־הקברות, שטיל, דראָענדיק שטיל, און האַרצ־רייסנדיק...

* * *

מאיר לאָבענדיק איז געווען אַ חשובער ייד אינעם שטעטל, אַן אָנגע־

זעענער תושב און א גוט־איינגעפונדעוועטער באלעבאס. בטבע א שוויי־גער האט ער זיך באהעפט מיט דער נאטור, געפלעגט דעם שענסטן גארטן אין שטעטל, געהאדעוועט פיש אין אן אייגענער אזיערע. די פרעכטיקסטע רויזן האבן באשאטנט די אלייען פון זיין גארטן, גרויסע קאשטאן־ביימער האבן ארומגערינגלט און איינגעוויגט אין טיפן דרעמל זיין שיין הויז. די צעצווייגטע גרויסע קאשטאן־ביימער האבן ווי א פעסטונג ארומגענומען זיין זיכערקייט און זעלבסטצופרידנקייט.

איצט ליגט ער, ר׳ מאיר לאבענדיק, אויף א קרייץ־וועג פארשאטן אין א מאסן־גרוב, צוזאמען מיט נאך אנדערע 30 יידן, וואס זענען געפאלן קרבנות פון די מערדער־הענט, שוין אין די ערשטע טעג פון דער אקופא־ציע, ווען דער נאצי־מערדער האט באפוילן די ארומשטייענדיקע פויערים צו פארשיטן די גרוב, האט זיך נאך די ערד געהויבן, די נישט־אינגאנצן דערשאסענע האבן זיך נאך באוועגט אין קבר.

* * *

וויגן זיך די קאשטאן־בלעטער אינעם באריר פון לייכטן זומערדיקן ווינטל, באשאטענען די אלייען, פארוויגן אין דרעמל די פייגל אין די נעסטן, די נייע שכנים זענען זיך מחיה און האבן הנאה...

צעפישטשעט זיך א פארוואגלטער פויגל איבערן מאסן־קבר, שרייט ארײַן אין דער לופט זיין הארצרייסנדיק געשריי, טוט א פיק אין הויכן גראז, צעפאכעט זיינע פליגל, און היידא מיט געשריי ארויף צו די הימ־לען — אויסווייבן זיין פראטעסט, צו וועמען?

קוקן זיך אויס די אויגן ערגעצווו אין דער גרויסער וועלט די קינ־דער פון ר׳ מאירן נאך א בריוו, נאך א ידיעה פון זייער היים, פון זייער פאמיליע און ווייבן־אויס אין די נעכט זייער בענקשאפט.

און דא בויען די נייע שכנים זייער ניי לעבן. זיי זענען צופרידן, נישטא מער קיין יידן, אויסגעמארדעט ביז איינעם, קיינער פון זיי וועט זיי נישט באאומרואיקן פון זייער איינגעזעסנקייט, קיינער מער וועט זיי נישט ארויסרייסן פון זייער לייכט דערווארבענעם אייגנטום און זיי פאר־טרייבן פון די נייע באקוועמע וווינונגען.

* * *

קלאַפּט ער אָן, דער נײַ־געקומענער, אינעם טויערל פון זײַן בעסטן חברס הויז. זײַן חבר כאַצקל, מאירס זון, וווינט אין ווײַטן אַרגענטינע, מן־הסתם לעבט ער איינער פון אַ גאַנצער פאַמיליע און וווינט זיך דאָרט אויס די אויגן נאָך אַ גרוס פון דער היים. אָט שטייט ער, זײַן חבר, ביים זעלבן טויערל, וועלכן ער האָט שוין מער ווי זיבן יאָר נישט אָנגערירט מיט זײַן האַנט, אָט אָטעמט ער אײַן דעם אַלטן־באַקאַנטן דופט פון די פּרעכטיקע קאַשטאַן־ביימער. אָט וועט ער באַלד אַריבערטרעטן די שוועל, די אַזוי גוט באַקאַנטע שוועל פון זײַן חברס הויז, און אײַנזאַפּן אין זיך די אַלטע טײַערע אויסגעבענקטע און אויסגעחלומטע היימישקייט, צו וועל־כער ער האָט יאָרנלאַנג אַזוי שטאַרק געגאַרט.

אויף זײַן קלאַפּן האָט זיך ווילד צעבילט אַ הונט אויף אַ גרילצנדי־קער קייט און אַ מענער־שטים האָט זיך צעשריגן:

— ווער איז דאָרט?

דער פויער האָט געעפנט אַ שמאָלע שטיקל עפענונג פון טויערל, דערקענט זײַן אַלטן שכן, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן פול מיט שרעק און איבעראַשונג, האַסטיק אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שלאָס, און זײַנע זיך דערווײַטערנדיקע טריט האָבן אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט פונעם געסל.

אויף די שפּיץ־פינגער האָט זיך דער נײַ־געקומענער אויפגעהויבן צום פּלויט, דערגרייכט איין גרין־צעבליטן בלאַט פונעם אַלטן קאַשטאַן־בוים, אָפּגעריסן, באַגאָסן מיט הייסע טרערן, טיף אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם גוט באַקאַנטן אַראָמאַט, אַ לעצטן בליק געוואָרפן אויפן דאַך פון הויז אי־בערן פּלויט, און מיט שלאַבעריקע טריט זיך דערווײַטערט.

* * *

„מײַן האַרציקער חבר,

דער קאַשטאַן־בלאַט, איז דער לעצטער זכר פון דײַן היים. מיט שווע־רער מי און גרויסע לעבנס־סכנות האָב איך עס באַקומען. פון מײַנע אַלע קרובים און פרײַנד, פאַמיליע און חברים, עלטערן, ברידער און שוועס־טער, איז מיר אָפילו דאָס דאָזיקע פאַרטריקנטע בלעטל אויך נישט פאַר־בליבן. זײַ כאָטש גליקלעך און צופרידן פון דער דאָזיקער באַשיידענער

מתנה וואָס איך שיק דיר צו. היט עס ווי דעם בעסטן אוצר, ווייל קיין בעסערס קענסטו פון דער היינטיקער וועלט נישט דערוואַרטן. דיין טאַטנס קבר האָט מיר אַ גוטער פויער געוויזן, ער האָט מיר דערציילט וועגן זיי־נע לעצטע מינוטן, ווען ער האָט זיך געראַנגלט מיטן מערדער און זיך געריסן צום לעבן. אין לעצטן מאָמענט האָט ער אויסגעשריגן דיין נאָמען, וואָס האָט זיך אינאיינעם מיט זיינע קסיסה־כאָרכלען פאַרטראָגן אין פוסטן חלל איבער די צעשטויבטע וועגן און זיין עכאָ האָט זיכער דער־גרייכט צו דיר.

נעם אויף שטיל און פאָרכטיק די דאָזיקע ווערטער, באַער דעם אָנ־דענק פון דיין ליבן פאָטער און פאַרגעס נישט דעם טייערן אַמאָל, גע־דענק עס אויף אייביק און טראָג אין האַרצן אַ שנאה צו דער וועלט, וואָס האָט דאָס דערלאָזט, זוך שטענדיק נקמה אין די פאַרברעכער.

דיין חבר".

* * *

אין דער ווייטער פּראָווינץ מענדאָסאָ, פון דער גרויסער אַרגענטינע, האָט דער בריוו־טרעגער געבראַכט אַ קאָנווערט מיט אַן אויסגעטריקנטן קאַשטאַן־בלאַט.

לאַנג און העשענדיק האָבן די טרערן באַנעצט און צעווייקט דעם אַלטן פאַרטריקנטן קאַשטאַן־בלאַט, וואָס איז גרינער געוואָרן, פרישער און לעבעדיקער אין די ציטערנדיקע הענט פונעם אַדרעסאַט. פאַר זיינע אויגן האָבן אויפגעטויכט בילדער פון זיין פאַרשווונדענער היים, פון דעם טייערן אַמאָל, פון אַ וועלט אַ גאַנצע, וואָס איז אַזוי גרויזאַם פאַרניכ־טעט געוואָרן.

דאָס קאַשטאַן־בלעטל האָט דער חבר פון דער ווייטער אַרגענטינער פּראָווינץ איינגעראַמט אונטער אַ גלאָז און עס אויפגעהאָנגען ווי אַ בילד אויף איינער פון די ווענט ווי אַ לעצטן אָנדענק פון זיין פאַרשווונדענער היים, ווי אַ זכר לחורבן.

# אין דער וועלט אַריין

די אויסגעבענקטע היים איז געשטאַנען אַ געשענדעטע, אַ צעפּליני־דערטע, אַ צערויבטע. די גאַסן זענען געוואָרן אויסגעפּלאַסטערט מיט מצבות. יידישע שולן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סקלאַדעס און באַזאַרן. אַ ייִד אויף קיין רפואה. אויף די פאַרבייפאָרנדיקע וואָקזאַלן אין פּוילן האָט מען געזען בלויז קריסטן, וואָס האָבן שפּיזיק דורכגעשטאָכן מיט די אויגן די צוריקגעקומענע, זיי באַטראַכט ווי אַ בייז ווונדער.

ווייטער וואָגל און וואַנדער. נישטאָ דעם קאָפּ ווו אַנידערצולייגן. נישט קיין גואל, קיין פריינד פאַר וועמען צו אַנטפּלעקן די אָנגעזאַמלטע פּיין און ביטערניש פון יאָרן, זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן, געפינען אַ טרייסט.

אַפילו פאָרן אויף קבר־אָבות איז נישטאָ ווו. נאָמענלאָז זענען מענטשן פאַרשווונדן. זייער אַש איז צעשטויבט איבער אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, צעווייעט פון ווינטן, און פעטער געמאַכט די פּוילישע ערד, וואָס איז אָנגעזאָפּט מיט בלוט און טרערן, לעצטע יאָמער־געשרייען פון אונטערגעהאַקטן שטאַם.

* * *

אַ גרופּע סאַמאַרקאַנדער יידן האָבן זיך געטראָפן אין אָשוויענטשים. מע גייט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ איבער זאָרגפעליק אויפגערוימטע באַראַקן און פּאַוויליאָנען, ווו עס זענען אײַנגעזאַמלט געוואָרן שיריים פון אונטערגעגאַנגענעם פאָלק: וואַליזעס, פּראָטעזן, ברילן, שיך, האָר און אַזוי־פיל קינדער־שיכעלעך. גאָט אין הימל, ווי ווערט מען נישט פאַרשטיינערט פון זייער אָנגעזיכט. מע גייט אין קאַלאָנעס צום טויטן־לאַגער בירקענאַו, ווו עס שטייען אין חורבות די קרעמאַטאָריע־אויוונס. עס וואַלגערן זיך נאָך מענטשלעכע ביינער. די געגנט איז געדיכט מיט אַש, מיטן אַש פון די אומגעבראַכטע ברידער און שוועסטער.

מע זעט נאָך די וואַנט ביי וועלכער מ׳האָט צעשאָסן ווידערשפּעני־

קע, די וואס האבן געפרוווט רעוואלטירן. די תליות און די שטראף־קאר־צערס. לייענסט די אויפשריפטן אויסגעקריצט מיט נעגל אויף ווענט, לייענסט נאך יידישע נעמען און אויפשריפטן אויף וואליזעס.

מ׳האט פארנארט אונדזערע טייערסטע און זיי האבן זיך געלאזט פירן ווי שאף צו דער שחיטה, מיינענדיק אז זיי גייען צו ארבעט.

די זון שיינט ווי קיינמאל גארנישט,ווארפט צאפלדיקע סנאפעס ליכט אויפן ארום. פאליאקן האבן אויפגעשטעלט קיאסקן פון עסנווארג און געטראנקען, לייזן געשמאק פון יידן וואס קומען טאג־איין, טאג־אויס צו זוכן שפורן פונעם אמאל.

אזוי גרויס איז דער צער און פיין, אז קיין טרערן העלפן נישט, קיין זיפצן פארלייכטערן נישט.

דאס איז דער סוף פון דער אויסגעבענקטער היים.

נישטא קיין היים...

* * *

צי קאן מען דען זיצן אויף חורבות? קאן מען דען טראכטן פון בויען א היים, ווען די בליקן פון די ארומיקע טויזנטיעריקע שכנים ווערן שפי־זיקער און גיפטיקער, ווען אין באראקן, ארגאניזירטע ביי קאמיטעטן, ווערן די פליטים געהיט בייטאג און ביינאכט דורך אייגענע שוץ־וועכטער מיט ביקס אויפן אקסל; ווען ס׳מערן זיך פאגראמען אויף יידן; ווען דו ביסט נישט זיכער מיטן אייגענעם נאקעטן לעבן, וואס מ׳האט אדורכגעטראגן דורך אזויפיל געפארן, ממש מיט נסים דערהאלטן די ארעמע און נאקע־טע נשמה.

אויב אזא היים, איז גלייכער אוועק. און ס׳האט זיך אויף ס׳ביי אנ־געהויבן א וואנדערונג. מיט פלעצאקעס און פעקלעך האט מען ווייטער אנגעהויבן גנבענען גרענעצן און אוועק... ווער אויף דער טמאדיקער דייי־טשער ערד, ווער ווייטער. ווער ס׳האט מזל געהאט, האט זיך ארויסגע־קריגן אין פרייע לענדער, אין דער ברייטער וועלט, ווו עס לעבט נאך ער־געץ א פריינד, א גואל.

פארברענט הינטער זיך לאנגיאריקע האפענונגען, די לעצטע טרייסט פון נישט־דערשלאפענע נעכט איז אויסגערונען.

צוריק צום וואַנדער־שטעקן, צוריק צום פּלעצאַק און געגאַנגען ווי די אויגן וועלן טראָגן. מ׳האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך דאָס גאַנצע לעבן, אַ צעטראָטנס, אַן אויסגעהוילטס און צעבראָכנס.

פאַרברענט אַלץ, דער גוף, די נשמה, די האָפענונגען, אַלץ וואָס דער מענטש האָט נאָך אין זיך פאַרמאָגט.

אויף די וועגן וואַנדערן ווידער פּליטים אויף גאָטס באַראָט.

דער נאָמען פּליט איז נאָך נישט אָפּגעווישט געוואָרן, נישט אויסגע־מעקט געוואָרן פון זכרון. ווען וועט שוין נעמען אַ סוף צום נע־ונד, צום כסדרדיקן זיצן אויף די וואַליזקעס?

# אויף אַ באַנק ביים אייפעל־טורעם

אין פּאַריז. אין אַ נאָכמיטאָג איז יאַנקל גראָס אַן אויסגערוטער אַוועק באַקוקן די שטאָט מיט אירע מערקווירדיקייטן. ער איז געקומען אויפן טראָקאַדעראָ־פּלאַץ און געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער פאַרן אויסגעשפּיזטן מיטן שפּיץ אין די וואָלקנס שטאַרצנדיקן אייפעל־טורעם. ער קאָן זיך נישט אַנזעטיקן מיטן הערלעכן בילד. דער גיגאַנטישער סקעלעט פון שטאָלע־נעם ריז האָט אים ווי צעטומלט. ער האָט זיך אויסגעצויגן ברחבותדיק אויף דער באַנק אין צעבליטן גערטנדל צופוסנס פונעם אייפעל־טורעם און זיך פאַרטראַכט.

פון וואָס קאָן טראַכטן אַ געוועזענער קאָלכאָזניק, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אַנגעטאָן אַ פּאָר לייטישע שיך, אַראָפּגעוואָרפן די צעדריוול־טע פּופּייקע, אָנגעשטאָפּט דעם מאָגן, און איז שוין גאָט־צו־דאַנקען זאַט און געניסט שוין פון אַ סך, אַ סך גוטע זאַכן?

עס איז אים שווער צו קומען צו אַ טאָלק און צו ברענגען אין אָרדע־נונג זיינע מחשבות. אָבער דאָך טויכן אין אים אויף אין זכרון בילדער און בילדלעך, אָפּגעריסענע פראַגמענטן פון פּאַסירונגען, וואָס צעוואָלקענען זיך און צעשטויבן זיך ווי די לייכט־שוועבנדיקע וואָלקנס איבערן סאַמע שפּיץ פון אייפעל־טורעם, ווו עס פלאַטערט די דריי־קאָלירקע פאָן פון פרייען פראַנקרייך. עפּעס איז ער נאָך יאַנקל נישט צוגעוווינט צו דער דאָזיקער פרייהייט און צו דער דאָזיקער דעמאָקראַטיע. אַ קאָלכאָזניק, וואָס איז געווען געוווינט צו מאָדנע פירעכצן און צום עקזאָטישן הולך, איז שוין אָפּגעוווינט פון דעם מאָדערנעם נייעם לעבן. די שיך קוועטשן אים, דער אָנצוג איז אים איבעריק און נישט באַקוועם, און דער מאָגן איז גאָר אַ לייט געוואָרן. נישט צום גלייבן. דאָ שטאָפּט מען אים נישט מיט קיין נאָרמעס און פלענער, מיט קיין קאַרטלעך און שטומשווייגעניש.

אָט געפינט ער זיך ביים שפּיץ פון באַרימטן אייפעל־טורעם, דרייט זיך הין און צוריק, טוט וואָס ער ווייל און קיינער שטייט נישט איבער

אים. נישט קײן פּרעדסעדאַטעל, נישט קײן בריגאַדיר, ער האָט נישט קײן מורא צו פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט און טראַכט נישט װעגן עסן.

עקזיסטירט טאַקע אַזאַ מין לעבן אויף גאָטס װעלט?

אויב ס'האָט געקענט געשען אַ נס, און עס עקזיסטירט אַזאַ װעלט, װוּ מענטשן לעבן, גײען אָנגעטאָן און מען זעט, אַז אַלע זענען זאַט. מע שטײט נישט אין קײן אָטשערעדן פאַר די געשעפטן, אין די שױפענצטער איז אויסגעשטעלט פון כל־טוב, נישט אַזױ װי דאָרטן — בולקעס און װורשטן פון רױטלעך־באַמאָלענע שטיקער האָלץ. דאָ טאַפּסטו אָן ממש אמתע װורשט, אמת ברױט, און געװאַלד־געשריגן, גאַנצע ברױטן! כאַטש נעם אַ מעסער און שנײד פּעניצער גרױסע, און עס װיפל דו װילסט און װיפל עס גײט נאָר אַרײן. אַ מחיה.

נו, טראַכט ער, יאַנקל, װעלן עס מײנע קאָלכאָזניקעס פון פּושקין־קאָלכאָז, אין קאַטאַ־קורגאַנסקי אַריקסקי סעלסאָװיעט װעלן גלײבן? אַ נעכטיקער טאָג. זײ װעלן עס נישט פאַרשטײן. און איך קאָן עס אױך נישט באַנעמען... װאָס דאָ קומט פאָר.

איבער זײן קאָפּ האָט זיך צעפּלאַטערט אַ טשאַטע טױבן. ער פאַר־רײסט דעם קאָפּ אין דער הײך. זײן בליק באַגלײט די טױבן, װאָס האָבן זיך אין אַ קרײז געלאָזט נאָך העכער פונעם צעשפּיצטן אײפּעל־טורעם, װאָס האָט זיך מאַיעסטעטיש געריסן אין די הײכן, װי ער װאָלט געװאָלט דורכשפּיזן און דורכבױערן מיט זײן שטאָלענעם שפּיץ די הימלען.

ער אָטעמט פרײ אָפּ און שעפּט נחת פון װעלט־באַשאַפער, װאָס האָט זיך פאַרקליבן אינעם דאָזיקן גן־עדנדיקן װינקל מהנה צו זײן זײנע ערד־באַװױנער מיט אַזעלכע װוילע תענוגים.

ער קוקט אויפן שפּאַצירנדיקן עולם און אַלע זענען גוט אָנגעטאָן, זעען אויס צו זײן צופרידן און לאַכן אַזױ האַרציק, ער האָט עס שױן לאַנג נישט געהערט. און ער קאָן אײן זאַך נישט פאַרשטײן: פאַרװאָס טרעפט ער דאָ נישט אָן קײן אײן קאָלכאָזניק. נישט שױן־זשע זענען דאָ נישט פאַראַן קײן קאָלכאָזניקעס? זאָל זײן, אַז מען האָט זײ אַװעקגעשיקט אַרבעטן בײ די קאַנאַלן, צי אויף דער קאַטאַ־קורגאַנער װאָדאָכראַנילישטשע?

די פּראָנצװיזן מוזן זײן כיטרע. מן־הסתם האָבן זײ, די גוט־אָנגעטאָ־

נע פראַנצויזן, נישט ליב קיין קאַלכאַזניקעס. זיי האָבן זיכער אַזאַ מין געזעץ, אַז אַן אַ קאָמאַנדיראָווקע און אָן אַ פּראָפּוסק קאָן נישט קיין קאַל־כאַזניק אַריינקומען אין פּאַריז.

אָט, וואָס די פאַרפוילטע דעמאָקראַטיע קען צוטראַכטן. איז אויב אַזוי, געפעלן אים טאָקע נישט די פראַנצויזן — באַשליסט יאַנקל ביי זיך. אויב זיי שעמען זיך מיט אַ קאָלכאָזניק, טאָ מיט וואָס זענען זיי בעסער פון יענע לייט, די וואָס האָבן געוועלטיקט איבער די קאָלכאָזן דאָרט, זיך איזדיעקעוועט איבער אים, געלעבט אַ גוטן טאָג, און דער קאָלכאָזניק האָט געפּעכניעט אויפן פּיסק?

מיט איין וואָרט — באַשליסט יאַנקל — די וועלט האָט טאָקע איין פּנים. דאָרט איז דאָ אַ קרעמל און דאָ איז פאַראַן אַן אייפעל־טורעם. נאָר דעם קאָלכאָזניק איז אומעטום ביטער, דאָ און דאָרט. די וועלט אויס־גלייכן וועט מען שוין וואָרשיינלעך נישט קענען, כל־זמן עס וועלן הערשן שפּיצן. דאָרט פינף־שטערנדיקע שפּיצן רויטע, און דאָ איין שפּיץ מיט דריי פאַרבן. מעגסט די וועלט פאַרבן מיט וואָס נאָר פאַראַ קאָלירן דו ווילסט, אָבער די פאַרב פון צרות און נויט, דעם אונטערשייד צווישן קאָל־כאָזניק און בריגאַדיר וועט קיינער נישט אויסגלייכן.

אַ שיינע ריינע כפּרה אויף אַזאַ וועלט מיט אַזעלכע מינהגים. אַלע פאַרבן האָבן איין פּנים ווען אין קעשענע איז פּוסט. האָסטו אָבער אַ סך ממתקים, שפּילן זיך אַלע קאָלירן פאַר דיין אויג, די וועלט ווערט פּיל־פאַרביק און עס לעבט זיך ווויל, אָט אַזוי ווי דאָרט דער פּרעדסעדאַטעל פון קאָלכאָז, דעם אויסגעקעכלטן און אויסגעפוכלעטן אוזבעק ראַכמאַ־נאָוו, וואָס האָט אים דען געפעלט, האַ?

און נאָך צו אַ זאַך קען ער זיך, יאַנקל, נישט דערטראַכטן: עפּעס האָט אים אויפגעהערט צו בייסן. טאָ ווי איז עס מעגלעך? נישט שוין־זשע זענען דאָ נישט פאַראַן די דאָזיקע חברה־לייט, וואָס פלעגן אים מח־נותווייז באַפאַלן אין קאָלכאָז און אויסזייגן דעם לעצטן ביסל בלוט־זאַ־פּאַס, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אָפּגעשפּאָרט פון דער היים. איז אויב עס איז שוין פאַראַן אַזאַ דערפינדונג צו וואָס די פראַנצויזן האָבן זיך דערטראַכט, מוז ער זוכן אַלע מיטלען און תחבולות, אַנשרייבן אַ פּעטי־

ציִע אין די הויכע פענצטער און אָוועקשיקן עס צו זיינע חברים פון פּוש־קין־קאַלכאַז, זאָלן זיי שוין ענדלעך אויך פּטור ווערן פון דער דאָזיקער פּלאָג. אויב דאָ האָט מען עס געקאָנט מאַכן, אַז מענטשן זאָלן זיך מער נישט קראַצן, איז פאַרוואָס זאָל ער נישט לינדערן דעם פּיין פון זיינע געוועזענע חברים? אויב ער וועט באַקומען אַ סך פּראָשקעס פון דעם מיטל, וועט ער דאָרט אַרויסשיקן אַ גאַנצן וואַגאָן. פאַרוואָס זאָל מען זיך קראַצן אין אַלע קאָלכאָזן? און ס׳טוט אים הנאה פון דאָזיקן איינפאַל.

קיין אַרבעט האָט ער נאָך נישט. ער דרייט זיך אַרום ליידיק. ווען מען קאָנען מאַכן אַ לעבן פון עקספּאָרטירן אַזאַ מין פּראָשעק און נאָך באַקומען דערפאַר אַ מעדאַל אויך און אפשר אַ פּרעמיע. יאַנקל ווערט האָפערדיק. ער פילט שוין בחוש ווי אַלע צייטונגען שרייבן וועגן זיין גרויסקייט. ער ווערט פּראָקלאַמירט פאַר אַ נייעם סטאַכאַנאָוויעץ.

ער קוקט זיך אַרום אויף אַלע דורכגייענדיקע מענטשן, אויף אַלע פאַרלעך וואָס גייען צוגעטוליעט צו זיך און קוקן זיך אַריין אין די אויגן און מאָדנע: קיינער קראַצט זיך נישט. נישט אַנדערש משיחס צייטן.

ער איז שוין צופרידן, יאַנקל, פון זיך. בנעימותדיק האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער באַנק און פאַרריסן די אויגן צו דער דריי־קאָליריקער פאָן פון פרייען פראַנקרייך און אַ צופרידענער פון זיך איז ער איינגעשלאָפן, פאַרוויגט פון זיסע חלומות מיט האָפענונגען אויף בעסערע צייטן.

# צוויי וועלטן

צוויי געזעסענע האָבן זיך געטראָפן. איינער וואָס איז געזעסן אין אַ תפיסה דאָ אין לאַנד. דער צווייטער אַ געזעסענער דאָרט אינעם „לאַנד פון יושר און גערעכטיקייט״.

ביידע האָבן געקעמפט פאַר איין אידייע און איין ציל: איינער פאַר גערעכטיקייט און דער צווייטער פאַר יושר. דער ערשטער האָט שוין אויסגעגלייכט די וועלט. געזעסן ערשט, אַז זי טויג אויף כפרות, האָט ער רעוואָלטירט און מען האָט אים איינגעזעצט. דער צווייטער האָט ערשט אָנגעהויבן פון דעם וואָס דער ערשטער האָט דערפאַר געליטן. ער האָט נישט אַנדערש געוואָלט ווי איינפירן דאָ אין זיין לאַנד דעם יושר וואָס זיין חבר האָט שוין פאַרזוכט און פון וואָס ער האָט זיך אָפּגעבריט.

מיט איין וואָרט: ביידע האָבן געקעמפט פאַר גערעכטיקייט, און ביידע זענען געזעסן. דער היגער האָט געכאַפּט עלף חדשים און דער געקומענער איז געזעסן פינף יאָר. ביידע זענען געזעסן פאַר איין פאַרברעך: נישט פאַר קיין לאַנגע הענט. זיי האָבן נישט אַנדערש געוואָלט ווי ברענגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, די אמתע — דער דאָ און יענער דאָרט.

דער ערשטער, לאָמיר אים אָנרופן שמערל אויסגעלינקטער, איז אַ געזעסענער פון דאָרט און דער צווייטער, בערל פראָגרעסער, איז אַ געזעסענער דאָ. ביידע מיטן זעלבן יחוס און מיט די זעלבע פאַרדינסטן. אָבער מיט איין אונטערשייד: בערל פּראָגרעסער איז געזעסן עלף חדשים, און שמערל אויסגעלינקטער — פינף יאָר. בערל איז געזעסן אין אַ טורמע און שמערל איז אויך געזעסן אין אַ תפיסה. אָבער...

— ווי האָסטו זיך געפילט אין דער תפיסה? — פרעגט שמערל אויסגעלינקטער.

— אַז מען קעמפט פאַר אַן אידייע — ענטפערט בערל פראָגרעסער — איז קיין זאַך נישט שווער.

— טשעקאָווע — זאָגט שמערל — ווי אַזוי האָט אויסגעזען דײַן תפיסה?

— װעלכע תפיסה זעט דען אויס גוט? — ענטפערט אָפּ מיט רוגזה בערל — אַלע יוונים האָבן איין פּנים און אַלע תפיסות זענען געבויט צו פּײַניקן דער אומשולדיקער מענטשהייט.

— אָבער — דערווידערט שמערל — נישט אַלע תפיסות זענען גלײַך. פּונקט ווי עס זענען פֿאַראַן שלעכטע און גוטע מענטשן, אַט פּונקט אַזוי זענען פֿאַראַן שלעכטע און גוטע תפיסות. איך בין שוין בקי אין דעם. איך האָב שוין פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון אַ סך תפיסות און ווייסט דאָך, אַז מענטשן וואָס זוכן יושר ביי יענעם און אַן אידייע פֿאַר זיך, ווילן אויסגלייכן די וועלט, קודם־כל, פֿאַר זיך און נאָכדעם פֿאַר דער מענטשהייט — מוזן פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון תפיסה.

— יאָ, איר דאַרפֿט נישט פֿאַרגעסן, אַז בערל פּראָגרעסער איז אַ פּראָגרעסיוועער. ער האָט פֿאַרמאָגט זיין אייגנס אַ קאַדיזשאַק און אַ היפּש פֿאַבריקל. ביי אים אַרבעטן אַ פּאָר הונדערט אַרבעטער. האָט ער נישט געזוכט בלויז דעם יושר פֿאַר זיך נאָר אויך פֿאַר זיינע אַרבעטער און פֿאַר די אַרבעטנדיקע פֿון דער גאַנצער וועלט. נאָר דער אַרבעטער האָט שטענ־דיק געהאַט קדחת און קוים אויסגעקומען מיטן טאָג חיונה און ער, בערל, האָט בלויז געשפּילט דעם סאַלאָן־קאָמוניסט. אים געפֿעלט עס: — ווי נאָר, זאָגט ער, זיינע חברים וועלן קומען צו דער מאַכט, וועט ער זיי גלייך אָפּגעבן זיין פֿאַבריק, אָבער דערווייל שמאַכטן ביי אים די פּאָר הונדערט אַרבעטער און ער לעבט אַ גוטן טאָג. אים געפֿעלט אָבער נישט די אָרדע־נונג, ער האָט עפּעס גערעדט און מען האָט אים איינגעזעצט.

— עס איז מיר אינטערעסאַנט — זאָגט שמערל — דו וועסט מיר זיכער זאָגן דעם אמת, פֿאַרט אַן אייגענער חבר, ווי זעט אויס דיין תפיסה?

— וואָס איז פֿאַראַן צו פֿרעגן — ענטפֿערט בערל — אַ תפיסה איז אַ תפיסה ווי אַלע טורמעס... מען זיצט און מען „קוועלט אין נחת". מען ליגט אויסגעצויגן אויף אַן אייזערן בעטל, מען דעקט זיך צו מיט אַ קאָל־דרע, וואָס די ליגע פֿאַר מענטשן־רעכט טראָגט אַריין. מען גיט עסן... פֿאַרשטייט זיך, אין דער היים איז בעסער, אָבער מען איז זאַט. אינדער־

## ב. טערקעל

פרי טרינקט מען מאַטע מיט ברויט, צו מיטאָג גיט מען פלייש. אַ צייַ־טונג־פּאַרקויפער ברענגט צייטונגען. מען באַקומט פּעקלעך פון די היימישע.

— און וויפל מענטשן זענט איר געזעסן אין אַ צעלע? — פרעגט בערל.

— ביי אונדז זענען נישט פאַראַן קיין צעלעס. גאַנצע קוואַדרעס. מען רעדט און מען שמועסט און אַלע האָבן איין פאַרלאַנג צו ברענגען דעם יושר און גערעכטיקייט אויף דער וועלט.

— און ווי דערליידיקט מען דעם מענטשלעכן געברויך? — איז שוין טשעקאַווע בערל.

שמערל שטעלט אויס אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן: — וואָס הייסט? פשוט: מען גייט אַריין אין „באַניאַ" און שוין...

— אַט אַזוי פשוט — ווערט שוין פאַרוווּנדערט בערל — אָן אַ שמירה? דער מיליציאָנער קוקט נישט נאָך?

— צו וואָס? — פאַרשטייט נישט בערל.

— אַט גלאַט אַזוי — ענטפערט שמערל — טשעקאַווע צו וויסן אויך דאָס. איך בין אויך געזעסן אין אַ תפיסה און אָפּגעפּינצטערט גאַנצע פינף יאָר. עפּעס מער ווי אַ יאָר אין אַ סאַמאַראַדנער תפיסה און די איבעריקע צייט אין אַ לאַגער הינטער די הרי־חושך און זעלבן פאַרן זעלבן פאַרברעך ווי דו. נאָר מיט דעם אונטערשייד וואָס איך בין שוין געזעסן פאַר אַנטוישונג אין דער אידייע און דו ביסט געזעסן אויס ליבע פאַר דער אידייע, אָבער פאַר דער זעלבער אידייע.

— אין מיין צעלע — זעצט פאָר שמערל — איז געווען אַן אָרט בלויז פאַר צוואַנציק מענטשן און געזעסן זענען דאָרט אַריבער זעכציק. ביינאַכט, אַז מען האָט זיך געוואָלט געבן אַ דריי אויס אויף אַ זייט, האָט זיך די גאַנצע צעלע געדאַרפט אויסדרייען. עסן האָט מען באַקומען: 350 גראַם ברויט אַ טאָג און אַביסל יושקע אין אָוונט. וואַנצן זענען געווען לרוב, וואָס האָבן געטאַטשעט דעם גוף און טאַמער האָסטו צעקוועטשט איינע, וואָס איז געקראָכן אויף דער וואַנט אַט גלייך איבער דיין קאָפּ, האָט מען צומאַרגנס — אַז מען האָט נאָר געזען דעם פלעק נעבן דיר אויף

דיין וואַנט — אַריינגעוואָרפֿן אויף אַ טאָג אין קאַרצער. דערליידיקן דעם מענטשלעכן געברויך איז געגאַנגען די גאַנצע צעלע מיט אַ שמירה פֿון די מיליציאַנערן. די טירלעך פֿון דער באַניאַ זענען געווען אָפֿן, ווייל טאָמער אַנטלויפֿסטו ערגעץ...

— איך גלייב דיר נישט — איז אויפֿגעקאָכט געוואָרן בערל — דו ביסט אַ רכילות־טרייבער, אַ מלחמה־העצער, אַ פֿאַרקויפֿטער צום אַמערי־קאַנער אימפּעריאַליזם! דו מאַכסט גרויל־פּראָפּאַגאַנדע!

— הלוואי וואָלט עס ליגן געווען — האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט שמערל — ליידער איז עס הוילער, נאַקעטער און טרוקענער אמת. איך שווער דיר באמונה, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿון דאָרט, אויסער די וואָס פֿירן מיט אים, וואָלט גערן געזעסן אין דיין תּפֿיסה זייער גאַנץ לעבן. פֿון אַזעלכע באַדינגונגען, ווי דו האָסט געהאַט אין דיין טורמע, חלומט אַ גאַנץ פֿאָלק צו האָבן עס אויף דער פֿריי.

בערל איז געבליבן שטיין אַ פֿאַרזונקענער אין מחשבות און ענדלעך אַרויסגעצישעט מיט כּעס:

— אַט אַזוי רעדט מיינער אַ חבר, מיט וועמען מיר האָבן צוזאַמען אין אונדזערע יוגנט־יאָרן געקעמפֿט פֿאַרן זעלבן אידעאַל. עס פֿלאַמט מיר דאָך דאָס פּנים פֿון בושה. מען טאָר דיך נישט אַריינלאָזן אין אַ יידיש הויז אַריין. ווי קומט עס צו דיר?

— פּשוט — האָט געלאַסן געענטפֿערט שמערל — איך האָב געזען מיט מיינע אויגן די רעאַליזירונג פֿון אונדזערע חלומות. איך האָב זיך איבערגעצייגט אַז אידייען אויפֿן פּאַפּיר זענען אַנדערש און אין לעבן, ווען מען דאַרף עס פֿאַרווירקלעכן איז אויך עפּעס אַנדערש. עס זענען פֿאַר־קריפּלט געוואָרן אונדזערע האָפֿענונגען. איך האָב געזאָגט דעם אמת, אַז עס טויג נישט, מען טאָר אַזוי נישט מאַכן. מען דאַרף פֿאַרווירקלעכן דעם פּראָגראַם, אָט אַזוי ווי ער איז אָנגעשריבן געוואָרן פֿון די שעפֿער פֿון דער אידייע — האָט מען מיך פֿאַרמשפּט אויף פֿינף יאָר. דאָס איז נאָך געווען מיט חסד. פֿאַר אַזאַ פֿאַרברעכן באַקומט מען צען און צוואַנציק יאָר, מען זעט שוין מער נישט אָן די שיין פֿאַר די אויגן. וואָלסט געזען, מיין האַרציקער חבר, ווי מיר זענען געלעגן אין דער תּפֿיסה אויף דער

## ב. טערקעל

הוילער ערד אויסגעפלאַסטערט מיט שפּיציקע שטיינדלעך, וואָס האָבן זיך אַריינגעביסן אין אונדזערע לייבער, וואָלסטו דערפילט דעם טעם פון די טאָרטורן אין די דאָרטיקע תפיסות, וואָלסטו פונקט ווי איך אַרויסגעוואָרפן פון קאָפּ די נאַרישע חלומות וועגן אויסבעסערן די וועלט און איינפירן יושר פאַר דער מענטשהייט, טפו מיט אַזאַ יושר.

—דיין תפיסה, ווו דו ביסט געזעסן עלף חדשים, וועט דיך נישט אויסהיילן פון דער אידייע — האָט שמערל פאַרגעזעצט. — אין מיין תפיסה וואָלסטו ערשט געזען, אַז די אידייע איז פאַרקריפּלט געוואָרן, אַז ס׳שטימט נישט קיין זאַך... דו וואָלסט פון איר אַנטלאָפן ווי אַ שד פאַר ווייוואַך. דיינע פּענסיאָנען היילן נישט אויס די לינקע קראַנקייט, נאָר פאַרוואַנדלען אייך — אויף די באַקוועמע בעטעלעך און רחבותדיקע צע־לעס — אין מאַרטירער און עס איז מיר אַ רחמנות אויף דיר...

בערל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַ פאַרזונקענער אין מחשבות איז ער אַוועק.

# אַ הויז אין די בערג

די שטאַמען פון די עקאַליפּטוס־ביימער אין דער סאַנאַטאָריע היג־טערן שטאַט, רייסן זיך אַרויף צום טיפן אויסגעשטערנטן הימל. עס איז אַ מחיה. עס שמעקט. גלי־פליגעלעך שניידן זיך אַריין צווישן די צווייגן און באַגיסן מיט פאָספאָר־ליכט די בלעטער, וואָס ציטערן פון לייכטן ווינטל.

יאַנקל ליגט ברחבותדיק אויסגעצויגן אויף זיין בעטל, אויף דער ווע־ראַנדע, פאַרגלאָצט די אויגן אין די מרחקים פון די באַגרינטע בערג און בערגלעך, וואָס שניידן זיך אַריין אין וויטן האָריזאָנט אַריין.

— וואָס זאָגסטו חברל, האַ? — האָט זיך יאַנקל קאַלכאַזניק אָפּגע־רופן צו זיין שכן בערנאַרדאָ גאָלדענבערג, וואָס איז געלעגן פאַרטמט און אויסגעמאַטערט.

— גאָרנישט. וואָס זאָל איך זאָגן? בעסער איז צו שווייגן. האָסטו, גוטער ברודער, צרות — באַהאַלט זיי פאַר זיך. ווער דאַרף עס וויסן און וועמען אינטערעסירט עס?

— גערעכט, בערנאַרדאָ — מאַכט צו אים יאַנקל — גערעכט. דו פאַרשטייסט זע איך די וועלט, ביסט אַ מבין אויף איר חזירישקייט. ווייזט אויס, אַז דו ביסט גוט אָפּגעבריט פון לעבן. נישקשה, ברודערל, אַן אונדזעריקן כאַפּט נישט דער טייוול. מען לעבט און מען מאַטערט זיך און אויף צו להכעיס לעבט זיך ווייטער.

— נאָ דיר אַ שמעק טאַבאַק פאַר דיין גאַנצער פילאָזאָפיע, יאַנקל. אין דער הייגטיקער וועלט — ווער עס האָט שטאַרקע עלענבויגנס איז אַ לייט און אַ נאַש בראַט טויג אויף כפּרות. אָט בעסער גיב אַן אָרגאַניזיר אָפּ אַ שטיקל ברויט. עס חלשט מיר ס׳האַרץ און עס צופּט אונטערן לעפעלע. די היינטיקע ביפן האָב איך נישט געקענט איינבייסן, אַפילו אונדזער גרוי־סער הונט קוקי מיט זיינע געזונטע שטאַלענע ציין האָט זיי נישט גע־

קאַנט איינבייסן. ער האָט זיי מיט זיינע לאַפּעס פֿאַרשאַרט ערגעץ. איך גאַראַנטיר דיר, יאַנקל, אַז דער אַדמיניסטראַטאָר אונדזערער עסט זיכער עפּעס בעסערס פֿון אונדז און אויף אונדז לייגט ער אַפילו נישט קיין אַכט. אַ געשעפט האָט ער מיט אונדז; זיינע טאַשן ווערן געשוואָלענער, ער נעמט אַרויף אויף זיך קילאָס גאַנצע און איך ווער מאָגערער פֿון טאָג צו טאָג.

— כאָ, כאָ,כאָ, רעדסט נאַרישקייטן, בערנאַרדאָ. פֿאַרלאַנגסט עפּעס אַזויפֿיל! ווילסט זיך גלייכן מיטן אַדמיניסטראַטאָר? ער איז דאָך עפּעס אַ לינק־געשטימטער און די דאָזיקע חברה זענען ווי די מייז, זיי שלעפּן אַלץ צו זיך אין דער נאָרע. דיר ווען זיי קאָרמענען מיט שיינע ווערטער און הויכע טעאָריעס. די חברה האָבן ספּעציעלע ביכער דערצו, און אַז זיי ענדיקן נאָך די שקאָלע, ווערן זיי אמתע פֿייגל. איך, גוטער ברודער, האָב אין משך פֿון זיבן יאָר זיך אָנגעפּרעסן מיט אַזויפֿיל סאָציאַליזם, אַז עס קאָן מיר קלעקן דאָס גאַנצע לעבן. פֿאַרגעס נישט, חברל, אַז איך האָב דעם דאָזיקן סאָציאַליזם געשטודירט מיט אַ ליידיקן מאָגן. אין אַזוינע באַדינגונגען קריכט עס נישט בלויז אַריין אין קאָפּ, נאָר עס נעמט דורך די ביינער. אָ, גוטער ברודער, איך בין שוין אַ געלערנטער, איך דערשמעק די חברה פֿונדערווייטנס, ווי אַ הונט דערשמעקט אַ פּעטן ביין, נישט פֿון אונדזער קיך, ביי אונדז גיט מען דעם הונט אויך האַרטס צו גריזשען. אויף די בעסערע זאַכן זענען פֿאַראַן בילכערע פֿאַרשוינען.

קוקי האָט פֿאַרריסן די מאָרדע צו דער לבנה און זיך צעבילט. די עט־לעכע צענדליק קאַטשקעס האָבן זיך צעקוואָקעט אויפֿן הויף און זיך צע־לאָפֿן אין אַלע זייטן. ערגעצוו צווישן די בערג־שפּאַלטן האָבן נאַכט־פֿייגל זיך צעטרעלט.

— פֿאַרשטייסט? — האָט זיך יאַנקל אויפֿגעזעצט אויפֿן בעטל — ווייסט עס נישט פֿאַרשטיין. דער כוס איז נאָך נישט פֿול. שוין אַכט יאָר זענען פֿאַרפֿלויגן זינט איך האָב זיך געזעגנט מיטן פּושקין־קאָלכאָז אין קאַטאַקורגאַנסקי אַריקסקי סעלסאָוויעט און אָט בין איך דאָ און זעסט דאָך מיין מערכה. דאָרט אין אמתן גן־עדן האָב איך געוווגן 58 קילאָ און גע־שלעפּט אויף די אויסגעדאַרטע פּלייצעס 80 קילאָדיקע זעק, געגעסן אַ

מכה מיט גאָרנישט, געווען צופרידן אַז איך האָב געזען אַ קרישקעלע ברויט, זיך מחיה געווען מיט שהי־פּיה און געווען געזונט ווי אַ פֿערד. טאָמער האָט אַמאָל עפּעס ערגעצווו אַ צופּ געטאָן, אַ בראָך געטאָן די ביינער האָט דער דאָקטער דיך נישט באַפרייט פון דער אַרבעט. האָסטו נישט געהאַט קיין 39 גראַד היץ, איז דאַוואַי ברודער, אַרבעט מיט די זייטן. איך האָב אויסגערויכערט אַ גאַנצע ביבליאָטעק צייטונג־פּאַפּיר, געדרייט מאַכאָרקע און געווען געזונט, ברודער. דאָרט האָב איך טאָג און נאַכט געהאַט איין דאגה: מיט וואָס שטאָפּט מען אָן דעם מאָגן, און דאָ, — פּאַסמאַקעוועט ער זיך — וואָלט איך איצט עפּעס צוגעביסן. עס גלוסט זיך מיט וואָס צו דערכאַפּן ס׳האַרץ, אַז דאָס חיות גייט אַרויס.

— גיי, מאַך זיך נישט נאַריש, יאַנקל — האָט אים בערנאַרדאָ איבערגעשלאָגן — איצט ביינאַכט ווילט זיך דיר אַ נאַש טאָן. אַלץ איז שוין געשלאָסן, וואַרט ביז מאָרגן, וועסטו ווידער גיין צום טיש, עסן ווידער אַ פּאָרציע לאָקשן, מיט נאָך אַ טעלער לאָקשן, מיט אַ האַרטן ביף און וועסט באַקומען צוגעציילט אַ 12 וויינטרויבן, אָדער אַ צוגעפּוילטן עפּל. וועסטו האָבן קוראַזש און פאַרמאַכן די אויגן, וועסטו שלינגען, און די ביפן, אַ די ביפן וועסטו סיי־ווי אַרויסוואַרפן. אויב קוקי קאָן זיי נישט איינבייסן, וועסטו אַזאַ קונצנמאַכער נישט זיין...

פון דעם אַדמיניסטראַטאָרס הייזקע האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון דזשאַז־מוזיק און פריידיקע געלעכטערס פון זייערע איינגעלאַדענע געסט. אויף דער וועראַנדע זענען די קראַנקע געלעגן און געקוקט אין דער פינצטערער ווייטקייט פון די אַרומיקע בערג.

— אָט אַ וועלט געוואָרן. עס וועט דיר נישט העלפן אויב וועסט רעדן. אַ שוואַכינקן און נעבעכדיקן און דערצו נאָך אַ קראַנקן וועט קיינער נישט גלויבן. ווי האָט געזאָגט דער הויפּט־דאָקטער: אַלע קראַנקע זענען נערוועז. נו, איז ער נישט גערעכט. על פּי חכמת הדאָקטאָריע שטימט עס. והראיה, אַזוי שרייבן די גראָבע מעדיצינישע ביכער. און גראָבע ביכער פונקט ווי גראָבע בייכער מוז מען גלויבן.

— אַ וואַזשנער פילאָזאָף ווערסטו מיר דאָ אין די בערג. דאַכט זיך

אַז די פּרעכטיקע לאַנדשאַפט וועט דיך נאָך מאַכן פאַר אַ דיכטער אויך. שיינקייט רעגט אָן, זעסט דאָך — האָט זיך בערנאַרדאָ פונאַנדערגעלאַכט.

— ווייסט — האָט זיך יאַנקל אָפּגערופן — היינט האָט מיר דער דאָקטער געזאָגט: שטיינער זאָלט איר עסן, נאָר אַ צען קילאָ דאַרפט איר אויף זיך אַרויפשלעפּן. אַ כיטרער בחור דער דאָקטער. דאָרט ביי מיר אין קאַלכאָז האָבן אַפילו די אוזבעקן געוווסט, אַז קיין שטיינער קאָן מען נישט עסן. וואָלט עס געווען אַ מאכל אַזאַ, וואָלט עס זיכער געווען פאַרשריבן געוואָרן אין קורצן קורס פון דער געשיכטע פון אלקפּ״ב. דאָ אין די בערג וויל ער דערמיט אַנקאַרמענען די פּאַציענטן, זיי זאָלן דערפון גענעזן ווערן. ווייזט אויס, אַז לויטן רעצעפּט פון פאַרוואַלטער איז עס באַקוועם פאַר די פינאַנסן.

די איבעריקע קראַנקע האָבן זיך הילכיק צעלאַכט און דער עכאָ האָט זיך פאַרקייקלט צווישן די בערג־שיפועים.

— לאַכט נישט — האָט זיך יאַנקל צעבייזערט — אָך און וויי צום געלעכטער. מעגסט אַפילו שרייען וועט עס דיר העלפן ווי אַ טויטן באַנ־קעס. עס טוט וויי, אַז מען ליידט זיך אָן אַזויפיל אין לעבן און שפּאַרסט אָפּ אַ שטיקל קראַנקייט, קאָנסט נישט פּטור ווערן דערפון. דאָ שפּילט אַ ראָלע אַ מענטש. אויך דאָ אָבער טראַכט יעדער פון זיך און דאָ, גוטער ברודער, איז אויך שווער איבערצומאַכן די וועלט. דאָרט ווו עס שטעקן אַריין אַ פוס אָט די פון יענעם חדר, וועסטו צעריבן ווערן אויף שטויב.

— מאַך זיך נישט נאַריש, יאַנקל, לאָמיר רעדן פון פריילעכערע זאַכן. וואָס וואָלסטו אַ שטייגער איצט געגעסן גוטס? — האָט זיך בער־נאַרדאָ אָפּגערופן. נישט וואַרטנדיק אויף קיינעמס ענטפער, האָט ער זיך בנעימותדיק באַלעקט און צמאַקענדיק מיט די ליפּן געזאָגט: — איך וואָלט איצט געגעסן אַ פעט יאַיכעלע, מיט אַ גוט שטיקל געבראָטענע הון, אַ בינטל פרישע שמעקעוודיקע וויינטרויבן און פאַרטרונקען מיט אַ לייטיש גלאָז טיי.

— שרייב אָן אַ ביטע צום פאַרוואַלטער, ער וועט דיר זיכער באַווי־ליקן, ער איז נישט אַזאַ שלעכטער. אויף זיין טיש וועלן נאָך מסתמא זיך געפינען שיריים פאַר דיינעטוועגן — האָט זיך יאַנקל אַריינגעריסן מיט

זיין סאַרקאַסטישער באַמערקונג וועגן בערנאַרדאָס אויסגעטרוימטע מעדני־מלכים.

עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן די ליכט אויף דער וואַרענדע און נאָך שפּעט אין דער נאַכט האָט העל געלויכטן אין די פענצטער פון פאַרוואַל־טער און גרילצנדיק האָבן די מוזיק־טענער זיך פאַרשפּרייט אין חשכות פון דער נאַכט איבער דער סאַנאַטאָריע אין די קאָרדאָבער בערג.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו — מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג — י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־וויערזשיק — טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט — חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל — באַרג חורבן (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן ציימלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס — פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן — געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן — די ייִדן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת — היימלאָזע ייִדן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי — אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער — אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) זאַמלונג פון דאָקומענטן — קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (אויספאַרקויפט)
17) חיים גראַדע — פּליטים (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי — פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל — נע ונד (אויספאַרקויפט)
20) מרדכי שטריגלער — מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש — געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים — וואַרשעווער הייף
24) טאַגיאַ פוקס — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן — צווישן שרעק און האָפענונג (אויספאַרקויפט)
26) לעאָ פינקלשטיין — מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו — אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן — „אומלעגאַלע״ ייִדן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט — הענעך
30) ד״ר י. קערמיש — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

